# אידישע געשיכטע

אין

## ראָמאַנען און
## ערצעהלונגען

# זִכְרוֹנוֹת לְבֵית דָוִד

לויט הערמאַן רעקענדאָרף און א. ש. פרידבערג

פון ש. ערדבערג

פערטער באנד

ניו יאָרק, תרפ"ד
1924

# אינהאלט :

# דער קרייץ־צוג

אליהו בן יצחק מיט דער כוזרישער קעניגליכער פאמיליע זענען אָנגעקומען נאָך קארדאווא צו זוכען א רוהיג ווינקעל פאר זיך און פאר זייערע קינדער און קינדס־קינדער.

אָבער נאָר די וואָס זענען געשטאָרבען פאר צוואנציג יאָהר נאָך זייער אָנקומען נאָך קארדאווא האָבען געהאט די עטליכע יאָהר מנוחה. שפּעטער איז ווידער געקומען אן אומגליק און אלעמען געצוואונגען צו זוכען א ניי־אָרט צו וואוינען. מרים, אליהו׳ס שוועסטער, מיט איהר מאן דוד, דער געוועזענער כוזרישער פירשט, האָבען אויסגעלעבט זייערע יאָהרען רוהיג בכבוד און זענען געשטאָרבען גליקליך, מיט דער האָפנונג, אז אזוי וועט אויך זיין דאָ גוט פאר זייערע קינדער.

עס איז אָבער געוואָרען אן אויפשטאנד אין שפּאניען. דער פעלד־מארשאל האָט אראָפּגעזעצט דעם כאליף פון טראהן און קארדאווא איז פערפלייצט געוואָרען אין איהר אייגען בלוט וואָס איז פערגאָסען געוואָרען אין גרויסען אויפשטאנד.

דעמאָלט איז דער אלטער אליהו בן יצחק מיט זיין ווייב הדסה גע׳הרג׳עט געוואָרען אין אויפשטאנד, און זייער זוהן יקותיאל מיט דוד און מרים׳ס קינדער, וואָס האָבען זיך געהאָדעוועט ביי אליהו׳ן, האָבען פערלאָזט קארדאווא און אוועק וואו די אויגען האָבען זיי געטראָגען.

דוד און מרים׳ס קינדער זענען אוועק נאָך טאלידא לערנען אין דער גרויסער ישיבה און יקותיאל בן אליהו איז אוועק נאָך סאראגאסא און זיך דאָרט בעזעצט.

ער האָט געפונען חן אין די אויגען פון דאָרטיגען קעניג און איז געוואָרען זיין ערשטער מיניסטער. אין זיין גרויסקייט האָט יקותיאל געטאָן פיעל גוטס צו אידען, ווי רב חסדאי האָט אמאָל געטאָן אין קארדאווא.

טויזענטער אָרימע אידען האָט יקותיאל מקרב געווען און געווען צו זיי ווי א גוטער פאָטער. צווישען די אנטלאָפענע פון קארדאווא איז געווען א איד, יהודה מיט זיין אינגעל שלמה. יהודה איז געשטאָרבען באלד ווי ער איז געקומען נאָך סאראגאסא און זיין יתום שלמה איז געבליבען ארים און עלענט.

יקותיאל האָט אריינגענומען דעם יתום צו זיך אין הויז און איהם געהאלטען ווי אן אייגען קינד. שפּעטער איז שלמה אויסגעוואקסען גרויס אין תורה און אין חכמה און געקראָגען א גרויסען נאָמען ביי אידען. ער איז דער בעריהמטער רבי שלמה אבן גבירול. אז ער איז אלט געוואָרען זיבעצעהן יאָהר האָט ער געשריבען זיין ערשטען וואונדערליכען שיר און איהם געווידמעט יקותיאל'ן.

און א יאָהר ארום איז אין סאראגאסא געווען א רעוואָלוציע. דעם קעניג'ס אן אייגענער האָט געמאכט אן אויפשטאנד און דערמאָרדעט דעם קעניג מיט זיינע אנהענגער. יקותיאל איז דעמאָלט אויך אומגעקומען און רב שלמה אבן גבירול האָט איהם שטארק בעקלאגט און בעוויינט.

אין דער צייט האָט א נייע ליכט אויפגעשיינט פאר אידען אין גראנאדא. דאָרט איז רב שמואל הנגיד געוואָרען דער הויפּט-מיניסטער. ער האָט געהאלטען זיין אמט אונטער צוויי קעניגע.

רב שמואל הנגיד איז אויך געווען פון די אנטלאָפענע פון קארדאווא און ער האָט גוט געקענט יקותיאל'ן און רב שלמה אבן גבירול'ס פאָטער. אז יקותיאל איז אומגעקומען און זיין זוהן יצחק מיט אבן גבירול זענען געבליבען עלענט, איז זייער גאנצע האָפנונג געווען רב שמואל.

ער האָט זיי טאקי אריינגענומען צו זיך און גוט בעהאנדעלט. זייער האָפנונג אז ער וועט זיי געבען שטעלעס אין די רעגירונג איז נישט געוואָרען פערווירקליכט. רב שמואל האָט נישט געוואָלט געבען קיין הויכע שטעלעס אין דער רעגירונג צו אידען, זיינע מאכמאדאנישע פיינד זאָלען איהם נישט פערקלאָגען פאר'ן קעניג און איהם פערהאסען אין זיינע אויגען.

דאָס האָט פערדראָסען אבן גבירול'ן און ער איז אוועק

פון גראנאדא און זיך אומגעקערט נאָך סאראגאסא. עס איז איהם דאָרט געווען זעהר שלעכט. די דאָרטיגע רייכע אידען, גרויסע תקיפים, האָבען איהם גע׳רודפ׳ט, ווייל ער האָט זיי עפענטליך פאָרגעוואָרפען וואָס זיי לערנען נישט קיין לשון קודש מיט די קינדער, נאָר אראביש און לאטייניש.

יצחק בן יקותיאל איז פערבליבען אין גראנאדא און געווען א חבר פון רב שמואל׳ס זוהן יוסף. און אז רב שמואל הנגיד איז געשטאָרבען האָט זיין זוהן רב יוסף הנגיד פערנומען זיין אָרט און ער האָט שוין בעשטימט זיין חבר יצחק אויף א הויכען אמט. רב יוסף האָט זיך נישט גערעכענט וואָס זיינע פיינד וועלען זאָגען און געפיהרט דאָס לאנד ווי ער האָט געוואָלט.

זיינע פיינד האָבען שטארק געהעצט דעם המון קעגען איהם און די אידען, די "פרעמדע" וואָס בעהערשען דאָס לאנד. איין שבת ווען רב יוסף איז געזעסען אין זיין פאלאץ איז א באנדע צורייצטע מאכמאדאנער איהם באפאלען פלוצלונג און געטויט און אויפגעהאנגען זיין טויטען קערפער אויפ׳ן טויער.

זיי זענען אויך בעפאלען די אידען און איבער פופצעהן הונדערט אידישע פאמיליעס זענען געטויט געוואָרען און זייערע הייזער בערויבט און צושטערט. נאָר א קליין הייפעלע אידען האָט זיך געראטעוועט און אנטלאָפען קוים מיט׳ן לעבען.

יצחק בן יקותיאל האָט געראטעוועט רב יוסף׳ס ווייב מיט איהר קליין אינגעל און זיין ווייב מיט זיין אינגעל אליקום און אנטלאָפען מיט זיי נאָך עליאסא (לוצענא). און ער האָט בעשלאָסען צו פערלאָזען שפאניען אויף שטענדיג.

ער איז אוועק מיט זיין הויזגעזינד נאָך דייטשלאנד און זיך בעזעצט אין ווערמייזא (ווארמס) וואו עס האָט געוואוינט זיין שווער. דער יונגער אליקום איז אריין אין דער דאָרטיגער ישיבה און געלערנט ביי רב יצחק׳ען, וואָס איז געווען א תלמיד פון רבנו גרשם מאור הגולה. אליקום האָט זיך שטארק אויסגעצייכענט אין לערנען און חתונה געהאַט מיט דער איינציגער טאָכטער רבי יצחק הכהן׳ס. ער איז געוואָרען זעהר

רייך און בעליעבט ביים פאלק און די שטאדט האט איהם אויסגעקליבען פאר רב און פיהרער פון דער קהלה.

---

ווערמייזא איז געווען איינע פון די עלטסטע אידישע קהלות. אידען האבען זיך דארט בעזעצט אין גאנץ פריהע צייטען, ווען דייטשלאנד איז נאך געווען אן אומבעזעצט לאנד. די קהלה רעכענט זיך צו שטאמען פון די צייטען פון די אידישע שופטים אין ארץ ישראל.

ווען שבט בנימין האט געפיהרט מלחמה מיט די איבעריגע שבטים איבער "פלגש בגבעה" און דאס גאנצע שבט איז פערטיליגט געווארען נאר טויזענט מאן זענען אנטלאפען, זע־נען זיי אנגעקומען נאך ווערמייזא און זיך דארט בעזעצט.

אין עזרא הסופר'ס צייטען האט די ווערמייזא'ר קהלה בעקומען א בריעף פון ירושלים און מען האט זיי אויפגעפא־דערט עולה רגל צו זיין נאך ירושלים אזוי ווי עס זענען עולה רגל אלע אידען פון די פרעמדע לענדער. די ווערמייזער אידען האבען אבגעענטפערט אז זיי האבען זיך שוין מיאש געווען פון אלט ירושלים. זיי האבען איצט ביים טייך ריינוס (ריין) א ניי ירושלים וואס איז נישט ערגער פון דער אלטער.

די אידען אין דייטשלאנד האבען געהאט נאך עהנליכע לעגענדעס וועגען זייער אבשטאם. זיי האבען אויך געזאגט אז די רוימישע סאלדאטען פון טיטוס'עס ארמעע האבען גענומען פרויען פון די אידישע געפאנגענע און זיך בעזעצט מיט זיי ביים ריינוס און מאינוס (מיין) און די קינדער זענען דורך זייערע מאמעס אויפגעצויגען געווארען אלס אידען. און פון זיי שטאמען די דייטשע אידען.

די אלע לעגענדעס, קען זיין, האבען די אידען אויסגע־טראכט כדי די קאטאלישע גלחים זאלען זיי לאזען צורוה און זיך נישט אברעכענען מיט זיי דערפאר, וואס קריסטוס איז געטייט געווארען אין ירושלים. האבען די אידען צו ראטע־ווען זייער לעבען אויסגעטראכט א בלבול אויף זייער ריינעם אידישען אבשטאם.

דאס איז אבער זיכער אז די אידען האבען שוין געלעבט הונדערטער יאהרען אין דייטשלאנד. זיי האבען נישט געהאט קיין גלייכע רעכט מיט די קריסטען. די קעניגען זענען אבער

נישט געווען שלעכט צו אידען. און אויב די אידען האָבען ניט געטאָרט האָבען לאַנד איז דאָס נישט געווען איבער דעם וואָס זיי זענען אידען. לאַנד האָבען נאָר געמעגט האָבען די אדעל־לייט. דער האַנדעל פון לאַנד איז אָבער געווען אינגאַנצען אין אידישע הענד, זיי האָבען נאָר געמוזט צאָהלען עקסטרא צינזען, וואָס האָבען נאָך געשטאַמט פון רוים, פון וועס־פאַסיאַנוס'עס צייטען.

אין די צייטען פון רבנו גרשם מאור הגולה האָט אַ קאַטאָ־לישער גלח זיך מגיר געווען און אָנגעשריבען אַ בוך מיט לעסטערונג קעגען קריסטענטום. דאָס האָט פערדראָסען די גלחים און זיי האָבען אָנגערעדט דעם קייסער היינריך דער צווייטער זאָל ארויסטרייבען די אידען. ער האָט זיי גע־פאָלגט און ארויסגעטריבען די אידען פון מאַגענצא (מאַינז) און אומגעגענד און די וואָס האָבען געוואָלט פארבלייבען האָבען זיך גע'שמד'ט.

אָבער אין אַ יאָהר ארום האָבען די פערטריבענע זיך אומ־געקערט אויף זייערע ערטער און די וואָס האָבען זיך גע'שמד'ט זענען געוואָרען צוריק אידען. רבנו גרשם האָט ארויסגעגעבען אַ חרם אויף דעם וואָס וועט דערמאָנען זיי אַז זיי האָבען זיך געהאַט גע'שמד'ט.

נאָכדעם האָבען אידען ווידער געהאַט אַ גוטע צייט. די גלחים האָבען תמיד געזוכט זיי צו פייניגען נאָר די קעניגען און די בירגער האָבען געהאַלטען מיט אידען. אזוי איז דאָס געגאַנגען ביז היינריך דעם פירטען. ער איז אויך געווען גוט צו אידען און צו להכעיס דעם פויפּסט גרעגאָר דער זיבע־טער האָט ער אידען געגעבען נייע פּריווילעגיעס. דאָס האָט אויפגעבראַכט די גלחים און זיי האָבען אָנגעפאַנגען העצען דעם המון אויף אידען.

זענען דעמאָלט אויפגעשטאַנען אידען וואָס האָבען אויס־גערעכענט דעם "קץ", אַז באַלד קומט משיח. אַ טייל האָט געזאָגט אַז אין אכט און צוואַנציג יאָהר ארום וועט קומען משיח.

אין אכט און צוואַנציג יאָהר ארום איז נישט געקומען משיח נאָר עס איז געקומען אַ נייע צרה אויף אידען, וואָס האָט זיי געמאַכט פערגעסען אָן אַלע פריהערדיגע צרות. עס

איז נאָך נישט געווען אזא ביטערע צייט זייט אידען זענען אין גלות.

---

די קריסטען האָבען פערהייליגט ארץ ישראל, ווייל דער גרינדער פון זייער רעליגיע איז דאָרט געבוירען געוואָרען און דאָרט איז ער אומגעקומען. פלעגען די פאַנאַטישע קריסטען געהן נאָך ארץ ישראל זיך וואשען אין ירדן, וואו ער האָט זיך געבאָדען און זיי זענען געגאַנגען אויף זיין קבר.

דאָס געהן נאָך ארץ ישראל האָבען זיי געמאכט מיט גרויס פּאראַד. ווייל די רייזע איז געווען פערבונדען מיט גרויס שוועריגקייט, האָבען די אויפגעהער, די פּילגרימען, בעקומען גרויס עהרע. דער וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו מאכען די דאָזיגע רייזע איז געפיהרט געוואָרען מיט א גרויסע פּראָצעסיע. דער גלח האָט איהם אָנגעטאָן א ווייס העמדעל מיט א צלם, א זאַק שפּייז און איהם מיטגעגעבען א שטע־קען. ער האָט דערביי אָבגעריכט א געבעט און איהם בע־שפּריצט מיט וואסער.

די גלחים און דאָס פאָלק האָבען איהם בעגלייט מיט גע־זאַנג און מיט פאָהנען ביז הינטער'ן שטאָדט. אז ער איז צו־ריקגעקומען האָבען זיך אַלע פערזאמעלט אין קירכע און ער האָט איבערגעגעבען דעם גלח א לולב וואָס ער האָט גע־בראכט פון הייליגען לאַנד. דער לולב איז געבליבען אין קירכע און די גאַנצע מחנה האָט זיך געבענטשט מיט דעם פּילגרים און געזאָגט, אז וואויל איז דעם דאָזיגען וואָס האָט דערגרייכט אזא כבוד.

קאָנסטאַנטין, דער ערשטער קריסט וואָס איז געזעסען אויפ'ן רוימישען טראָהן, האָט אויסגעגעבען פיעל געלד אויס־צופּוצען די קריסטליכע ערטער אין ארץ ישראל. מאקאריוס, דער בישאָף פון ירושלים, האָט אויף דעם קייסער'ס בעפעהל אָבגערייניגט די קופּעס ערד, וואָס זענען געלעגען לעבען דער גאָלגאָטא, וואו זיי גלויבען עס איז קריסטוס'עס קבר.

זיי האָבען דאָרט אויפגעבויט א שעהנעם קופּאָל אויף הויכע זיילען און א גרויס געבעט־הויז. פאַר'ן קבר האָבען זיי אוועקגעשטעלט א פיער־עקיכיגען הויף אויסגעפלאַסטערט מיט גלאַנציגע שטיינער. דריי זייטען פון הויף זענען בע־

שטעלט מיט זיילען פון קינסטלעריש־געהאקטע שטיינער. און אויף דער פירטער זייט צו מזרח — א וואונדערליכער פּאַלאַץ, די אויסענווייניגסטע ווענד פון גלאַנציגע שטיינער. קינסטלעריש איינגעפּאַסט, אז עס זעהט אויס ווי פון איין שטיין.

אינווייניג אויסגעפּלאַסטערט מיט פערשידענפארביגע מארמאר־שטיינער און דער קופּאל אויסגעמאָלען מיט וואונדערליכער געמעלען. דער דאַך בעדעקט מיט בליי און אינווייניג בעדעקט מיט גינגאָלד.

דריי טירען האָט דער פּאַלאַץ און ביז מען קומט אריין אין פּאַלאַץ געהט מען דורך פערשידענע זאַלען רייך אויסגעפּוצט. דער קייסער האָט בענייט דעם פּאַלאַץ און ער האָט אויך געבויט א געבעט־הויז אין פלוין פון ממרא. זיין מוטער העלענא האָט געבויט צוויי געבעט־הייזער, איינעם אין בית־לחם, און א צווייטען אויפ׳ן הר־הזיתים.

פונדעמאָלט אָן האָבען קריסטען אָנגעהויבען געהן נאָך ירושלים צו די דאָזיגע ערטער. זיי האָבען געגלויבט, אז דער וואָס געהט נאָך ירושלים וועט האָבען יענע וועלט. און דער גרעסטער פערברעכער ווערט גערייניגט פון זינד, ווען ער געהט נאָך ירושלים.

אין די גרויסע שטעדט האָבען זיי אויפגעבויט גאַסט־הייזער און הארבעריגס פאר די פּילגרימען. די דאָרטיגע קריסטען האָבען זיי בעדינט און בעטראַכט פאַר הייליגע. דער וואָס האָט נישט געקענט געהן נאָך ירושלים האָט אויס־געהאלטען א פּילגרים און דערמיט זיך אויסגעלייזט פון אויפגעהן.

ווען די מאכמעדאנער האָבען איינגענומען ארץ ישראל האָבען די קריסטען נישט אויפגעהערט צו געהן נאָך ארץ ישראל. די אראבישע הערשער זענען געווען צופרידען וואָס מאסען מענשען קומען און גיבען צו לייזען. נאָר ווען די טערקען האָבען פערנומען דאָס הייליגע לאנד זענען די קריסטען אויסגעשטאנען גרויסע צרות.

זיי האָבען געלייגט א גרויסען אָבצאָהל אויף יעדען וואָס האָט געוואָלט קומען נאָך ירושלים און זייערע ווילדע סאָל־דאטען האָבען זיך ארייגעריסען אין די געבעט־הייזער און

צוטריבען די פערזאמעלטע. זיי זענען ארויף אויף די אל־מארען און צואווארפען דאס געפעס און צוטראטען מיט די פיס. זיי האבען צוהאקט די זיילען, די צלמים און די בילדער און געשלאגען די גלחים. דעם הויפט־גלח האבען זיי געריסען די האר פון קאפ און די בארד און אוועקגעשלעפט אין גע־פעננגיש, די קריסטען זאלען מוזען געבען א סך אויסלייז־געלד פאר איהם.

נאר וואס מעהר די ווילדע טערקען האבען געפייניגט די פילגרימען זענען אלץ מעהר קריסטען געגאנגען נאך ירושלים. און די אלע וואס האבען זיך איינגעשטעלט דאס לעבען און געקומען צוריק זענען פערגעטערט געווארען ביים פאלק.

די טערקען האבען געפאדערט א גרויסען אבצאהל פאר דער ערלויבניש אריינצוקומען נאך ירושלים, זענען טויזענטער ארימע פילגרימען געלעגען פאר'ן טויער פון ירושלים אהן שוץ און אויסגעגאנגען פאר הונגער.

דער וואס האט אוועקגעגעבען זיין געלד צו קענען אריינ־קומען אין דער הייליגער שטאדט איז דערנאך געפאלען צו לאסט אויף דער קריסטליכער קירכע, וואס איז געווארען שטארק פעראָרימט. און עס איז נישט געווען גענוג פלאץ אין די גאסט־הייזער פאר די ארימע קריסטען וואס זענען גע־בליבען אינמיטען וועג.

פיעל קריסטען, שטענדיגע איינוואוינער פון ארץ ישראל, זענען אוועק נאך אייראפא און זיך בעקלאגט פאר זייערע ברידער און געבעטען זייער הילף קעגען די טערקען. די פיל־גרימען האבען בעשטעטיגט זייערע רייד און צוזאמען אויפ־געהויבען א געשריי נאך הילף.

און עס האט געווירקט. א סך קריסטען האבען בעשלאָ־סען צו געהן מחנות־וויים נאך ארץ ישראל צו העלפען זייערע אונטערדריקטע פריינד. די ריטער האבען זיך אנגענומען מיט מוטה און גערופען אלעמען צו געהן האלטען קריעג מיט די טערקען און זיך נוקם זיין אן זיי.

א פייער פון נקמה האט געברענט אין זייערע הערצער. עס האט נאר געפעהלט דער ערשטער פונק וואס זאל אנציג־דען דאס פייער און עס זאל אויסברעכען און ארומכאפען די וועלט. און אינגיכען איז געקומען דאס פייער.

אין יאָהר פיער טויזענט אַכט הונדערט דריי און פופציג לויט דעם אידישען רעכנונג איז פעטער דער אייזענער, א קאטאָלישער מאָנאך פון עמיען, פראַנקרייך, געגאַנגען נאָך ארץ ישראל. אין ירושלים האָט ער געזעהן די ליידען פון די דאָרטיגע קריסטען און ער האָט זיך אָנגעצונדען ווי א העליש פייער.

ער האָט מיטגענומען א בריעף פון ירושלים'ער הויפט־גלח און אוועק נאָך רוים צום פויבסט אורבאַן דער צווייטער. ער האָט זיך בעקלאָגט פאר'ן פויבסט און איהם דערצעהלט דעם צער און די ליידען פון די קריסטען און איהם צוגערעדט, ער זאָל ארויסלאָזען אן אויפרוף צו אלע קריסטען, זיי זאָלען געהן אויף ירושלים און זיך נוקם זיין אן די טערקען פאר די בזיונות און די ליידען וואָס זיי טוען צו די קריסטען.

די עצה איז געפעלען געוואָרען דעם פויבסט. און ער האָט איהם בעפוילען צו פאָהרען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון לאנד צו לאנד און רעדען אין פויבסט'ס נאָמען צום פאָלק צו געהן מלחמה האלטען מיט די טערקען.

פעטער איז געווען שרעקליך דאַר און געהאַט אן אויס־געפייניגט בלייך פנים. ער האָט געטראָגען א צוריסען העמד פערבונדען מיט א שטריק. און זיינע אויגען האָבען גע־שפריצט פייער.

בארוועס מיט'ן בלויסען קאָפּ, רייטענדיג אויף אן איי־זעל איז ער דורכגעגאַנגען גאַנץ איטאַליען און פראַנקרייך, אין דער רעכטער האַנד האָט ער געהאַלטען א צלם און מיט זיין מעכטיגע שטימע האָט ער געשטורמט קעגען דעם אומ־רעכט וואָס די טערקען טוען צו די קריסטען.

ער האָט גערעדט אין די קירכען און אויף די גאַסען, וואו ער האָט דערזעהן מענשען האָט ער זיי געוועקט און גערופען צו מלחמה אויף די טערקען. ער האָט זיי געוויזען בריעף, וואָס ער האָט געזאָגט זענען אראָפּגעפאַלען פון הימעל פאר איהם און בעפוילען צו רופען אלע קריסטען צו נעמען נקמה אָן די טערקען.

ער האָט אָנגעצונדען א שרעקליך פייער אין יעדען קריסטליך הארץ און דער שטורם איז געוואָרען פון טאָג צו טאָג גרעסער און שטאַרקער.

אז אלע זענען שוין געווען שרעקליך אויפגערעגט און גרייט צו געהן אין פייער האט דער פויבסט צוזאמענגערופען אלע גלחים און ריטער נאך קלערמאן, פראנקרייך. דאס פאלק איז געווען אזוי גרוים אז זיי האבען געמוזט האלטען די פערזאמלונג אונטער׳ן פרייען הימעל.

דער פויבסט האט דערצעהלט אלעמען די צרות וואס די קריסטען שטעהן אוים פון די טערקען, און ער האט אלע־מען בעשווארען צו געהן נאך ארץ ישראל און אויסלייזען די קריסטליכע הייליגע ערטער פון די טערקישע פערשווערער.

ער האט צוגעזאגט אלעמען וואס וועלען זיך בעטהייליגען אין דער מלחמה צו פערגעבען זייערע זינד און ער האט געענדיגט זיין רעדע מיט א געשריי:

— ״איצט ווער עס האט גאט אין הארצען זאל נעמען דעם צלם אין האנד און גיט אב אייער לעבען פאר אייער אויסלייזער!״

אלע צוהערער האבען געוויינט און געקלאגט, געשריגען און געשטורמט מיט די גלחים אינאיינעם:

— דיאס לא ווָאלט! דיאס לא וואולט! (דאס איז גאט׳ס ווילען!)

די ערד האט געציטערט פון זייערע געשרייען, זיי האבען זיך געשטעלט אויף די קניה גרייט דער פויבסט זאל זיי בענטשען פאר׳ן געהן אין קריעג. א בישאף האט אין נאמען פון אלעמען זיך מתודה געווען און דער פויבסט האט זיי פערגעבען די זינד.

אלע פרייוויליגע פון דעם בישאף ביז דעם נידריגסטען גלח, פון דעם ריטער ביז דעם קנעכט האבען זיך אויף דעם אקסעל אויסגענייט א רויטען צלם, אלס צייכען פון אנגע־הערינגקייט צו דער ארמעע פאר׳ן צלם. א סך פון זיי האבען זיך אויסגעברענט א צלם אויפ׳ן שטערען און דערמיט אנ־גענומען געווארען ביים פאלק אלס הייליגע.

דאס פראסטע פאלק איז געגאנגען אין דער ארמעע זעעהנדיג אין דעם א מיטעל צו בעפרייען זיך פון זייערע אונטערדריקער די אדעלליים. זיי און זייערע ווייבער און קינדער זענען געווען שקלאפען ביי די אדעלליים, און די

תבואה פון די פעלדער וואס זיי האבען בעארבייט האבען צוגענומען זייערע הערען.

די ריטער זענען געווען צופרידען מיט דער מלחמה האפענדיג אז זיי וועלען זיך אויסצייכנען אין קריעג און זיך דערווערבען א גרויסען נאמען. די קעניגען זיינען אויך געווען צופרידען וואס זיי ווערען פטור פון א סך ריטער און געהאפט, אז פיל פון זיי וועלען פאלען אין שלאכט און זייערע פערמעגענס וועלען איבערגעהן צו דער מלוכה.

אויך אידען זיינען געווען צופרידען. ווייל די קרייצ־פאהרער האבען אליץ פערקויפט און אנגעגרייט געוועהר און שפייז אויפ'ן לאנגען וועג. אידען האבען דעמאלט פער־דיענט א סך געלד. זיי האבען אבער באלד בעצאהלט טייער פאר דעם פערדינסט. זיי האבען דערפאר בעצאהלט מיט זייער לעבען.

---

דער מלחמה שטורם האט ארומגענומען אלע לענדער פון מערב־אייראפא. פון אומעטום זענען געקומען מחנות פרייוויליגע. נאר פון שפאניען איז קיינער נישט געקומען. די קריסטען אין שפאניען זענען געווען פארנומען מיט אי־נערליכע מלחמות מיט די מאכמאדאנער.

די ריטער וואס האבען זיך פערשריבען אלס פרייוויליגע האבען זיך געזאמט עטליכע חדשים ביז פריהלינג אנצו־גרייטען אלדאס נויטיגע. דאס פראסטע פאלק האט זיך אבער נישט געקענט דערווארטען, זיי האבען וואס פריהער זיך געוואלט בעפרייען פון זייערע הערשער און געהן בע־פרייען דאס הייליגע לאנד.

פערציג טויזענד קרייצפאהרער מיט ליידיגע קעשענעס געפיהרט פון וואלטער פאן האבעניכטס האבען זיך געלאזט אין וועג אריין. אזוי ווי זיי האבען נישט געוואוסט דעם וועג האבען זיי געלאזט געהן פאראויס עטליכע ציגען און א גאנז גלויבענדיג, אז די דאזיגע בעשעפענישען וועלען זיי פיהרען אויפ'ן גלייכען וועג נאך ירושלים. און אזוי ווי זיי האבען גארנישט געהאט מיט זיך האבען זיי גלייך אנגע־הויבען רויבען די איינוואוינער אויפ'ן וועג, זיי זאלען האבען צו עסען. און עטליכע פערדארבענע מאנאכען האבען זיך

אָנגערופען צו דער מחנה און געזאָגט:

— מיר געהען מלחמה האלטען מיט די פיינד פון אונזער גלויבען. און די דאָזיגע פיינד זענען אין א וויים לאַנד. פארוואָס זאָלען מיר לאָזען צורוה די פיינד וואָס וואוינען דאָ אין לאַנד? די אידען זענען דאָך אונזערע פיינד! זיי האָבען דאָך געקרייציגט אונזער ערלייזער!

נאכמעהר אויפצוהעצען דעם פעבל האָבען די מאָנאַ־כען געוויזען בריעף וואָס זענען אַראָפּגעפאלען פון הימעל און אין די בריעף איז געשטאַנען געשריבען אז דאָס איז גאָט׳ס ווילען.

און דער פעבל, די קרייצפאָהרער זענען בעפאַלען די אידען פון די שטעדט אויף זייער וועג און זיי דערמאָרדעט מיט א גרויזאמען טויט און אוועקגערויבט זייער האָב און גוטס.

אין רואַן, פראנקרייך, האָבען די קרייצפאָהרער צוזאמענ־געטריבען די אידען אין קירכע און ארויפגעלייגט די שווער־דען אויף די אידענ׳ס העלזער און זיי פאָרגעלייגט איינס פון די ביידע: דער צלם אָדער דער טויט.

דאָס זעלבע האָבען זיי געטאָן מיט די אידען פון טרוי און מעץ און ארומיגע שטעדט. ווי שלעכט עס איז געווען פאר די אידען אין פראנקרייך האָט דאָך דאָס אומגליק נישט ארומגענומען דאָס גאנצע לאַנד. די בישאָפען און די פירשטען האָבען ערטערווייס געשטערט די קרייצפאָהרער אומצוברענ־גען די אידען.

אָבער ווי די קרייצפאָהרער זענען אריבער דעם ריין און אריין נאָך דייטשלאַנד האָבען זיי שוין נישט געטראָפען קיין שטערונג פאר זייערע ווילדע אָנפאלען אויף אידען. דער קייסער היינריך דער פירטער איז געווען אין איטאליען, די רייסערייען וואָס ער האָט געהאט מיט דעם פויבסט און דאָס, וואָס זיינע געגנער האָבען ארויסגעשטעלט זיין אייגענעם זוהן קעגען איהם האָט אָבגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט פון זיין לאַנד. און די אידענפיינדליכע קרייצפאָהרער האָבען אזוי פיעל אידיש בלוט פערגאָסען אז דער רויטער צלם, וואָס זיי האָבען געהאט אויסגענייט אויף זייערע קליידער איז נישט געוואָרען דערקענט איבער דעם אידיש בלוט וואָס האָט רויט געמאכט זייערע קליידער.

די אידען אין דייטשלאנד האבען געהאפט אז באלד וועט זיין דער קץ, עס וועט קומען משיח. און פלוצלונג האט ווי א שטורם זיך געטראגען א גרויס אומגליק אויף זייערע קעפ און געוואלט ברענגען א בייזען ביטערן סוף אויף זיי.

אז די אידען האבען דערזעהן דאס אומגליק איז נאהנט האבען זיי זיך גענומען צום אלטען געוועהר פון זייערע עלטערן. זיי האבען גוזר תענית געווען און געוויינט און געבעטען צו גאט ער זאל זיי בייזשטעהן אין זייער נויט. און זיי האבען געשוואוירען בעסער שטארבען אלס אידען איידער אויסצוקויפען זייער לעבען מיט שמד.

די אידען פון טריער האבען די ערשטע מקים געווען די שבועה. ווי די קרייצפאהרער האבען זיך דערנעהנטערט צו דער שטאדט האבען א סך אידען געשאכטען זייערע קינדער און דערנאך זיך אליין דערשטאכען מיט די מעסערס. פרויען און מיידלעך האבען זיך אנגעבונדען שטיינער צו די העלזער און זיך אריינגעווארפען אין טייך מאזעל און דערטרונקען געווארען.

אפילו די אידען וואס האבען זיך געלאזט איבעררעדען פון א רב מיט'ן נאמען מיכאל, וואס האט זיי געראטען פאל־גען דעם בישאף ענגעלבארט, זיי זאלען זיך שמד'ען, האבען תיכף, ווי די קרייצפאהרער זענען אוועק זיך אומגעקערט צום אידענטום, נאר דער רב מיכאל איז געבליבען געטריי דעם בישאף און פערבליבען א קריסט.

די אידען פון מעץ און די ארומיגע קהלות האבען געטאן דאס זעלבע וואס די אידען פון טריער. פון דארט זענען די ווילדע קרייצפאהרער אוועק צו מזרח פון רהיין און זייער גרויזאמקייט איז געגאנגען פאראויס און געווארפען גרויס שרעק אויף אלע אידען.

---

עס איז געקומען פסח, די ערשטע סדר נאכט. דער רב פון ווערמייזא, רבי אליקום בן יצחק, פון מלכות בית דוד, איז געגאנגען אין שוהל אריין און די רביצין איז געבליבען אין הויז גרייטען דעם סדר.

זי האט אויסגעשפרייט א ווייס טישטוך אויפ'ן גרויסען טיש און אנגעשטעלט טייערע זילבערנע, גלעזערנע און פאר־

פירענע כלים. אויבען־אן א גרויסע זילבערנע שיסעל מיט דריי מצות. צווישען די מצות ליינענע טיכלעך און אן אויסגע־האפטען זיידען טוך אויף דער אויבערשטער מצה. אין מיטען טיש איז געשטאנען א זילבערנע טאץ מיט פינף שיסעלעך. איינס מיט מרור, איינס מיט כרפס, איינס מיט זאלצוואסער און איינס מיט חרוסת און איינס מיט די זרוע און א געבראָ־טען איי.

לעבען דער טאץ איז געשטאנען א גרויסע זילבערנע מנורה מיט דריי רעהרען און א גרויסע פלאש רויטוויין. אוי־סער דעם איז פאר יעדען געווען גרייט שיסלען, כוסות, טיכ־לעך און נאך געשיר צום עסען און א הגדה פאר איטליכען בעזונדער.

אויבענאן פאר'ן בעל־הבית איז געשטאנען א פאטער־שטול בעדעקט מיט גרין לעדער. אויף דער לינקער זייט פון שטוהל איז געלעגען א רויט זיידען קישען אויסגענייט מיט זילבער.

רבי אליקום האט געהאט אן איינציג יונגעל יוסף. ער איז אלט געווען פינף יאהר. ער האט געזעהן דאס גאנצע אנגרייטען און דעם שעהן געדענקטען טיש, און ער האט געהאלטען אין איין פרעגען זיין מאמע וואס דאס אלץ בע־טייט.

זי איז אבער געווען שטארק פערנומען און האט איהם אויף אלע פראגען געענטפערט, אז דער טאטע וועט קומען פון שוהל, וועט ער איהם אלץ דערקלערען.

באלד איז רב אליקום געקומען פון שוהל און געזאגט הויך גוט־יום־טוב. זיין איינציג יונגעלע איז איהם געלאפען אקעגען און ארומגעכאפט. דער פאטער האט איהם געקושט, ארויפגעלייגט די הענד אויף זיין קאפ און איהם געבענטשט און געזאגט צום ווייב:

— ווייסט, מיין טייערע, איך האב דיר געבראכט א מתנה אויף יום־טוב!

— מיין גוטער מאן, וואס דארף איך מתנות, אז מיר פעהלט גארנישט? — האט זי געזאגט — הלואי זאלען מיר דערלעבען אין זעלבען שטאנד איבער־א־יאהר יום־טוב און עס זאל קומען א הילף אויף אלע אידען.

— דאָך וועסטו זיין צופרידען מיט דער מתנה וואָס איך האָב דיר געבראַכט פון שוהל. דו ווילסט דאָך דאָס שוין לאַנג. אַנו, טרעף!

די רביצין איז געשטאַנען און געטראַכט און זיך נישט געקענט דערמאָנען, וואָס זי וויל אַזוי שטאַרק האָבען און ער האָט עס איהר געבראַכט פון שוהל.

— אומזיסט דיין טראַכטען, מיין צנועה, וועסט נישט טרעפען — האָט דער רב געזאָגט — איך האָב דיר געבראַכט אַ טאָכטער, וואָס דו וועסט זי ליעב האָבען ווי אַן אייגען קינד. היינט האָט מען געבראַכט קינדער פון מעץ, יתומים וואָס זייערע עלטערן זענען אומגעקומען אויף קדוש־השם. די אידען וואָס זענען אַנטלאָפען האָבען די קינדער שטילערהייט אַרויסגעראַטעוועט און די רוצח'ישע קרייצפאָהרער האָבען נישט געזעהן. זיי זענען אָנגעקומען אַהער און נאָך'ן דאַוונען האָבען זיי זיך געשטעלט פאַר די שוהל און געוואַרט מען זאָל זיי אַהיימנעמען אויף יום־טוב. יעדער איינער האָט גענומען אַ יתום אַהיים. איך האָב דערזעהן אַ קליין מיידעלע וואָס האָט מיך צוגעצויגען און איך האָב זי גענומען און מיר וועלען זי ערציהען ווי אַן אייגען קינד. איך ווייס אַז דו ביזט דערמיט צופריעדען, ביזט דאָך גוט האַרציג.

— און וואו איז דאָס מיידעלע? — האָט זי געפרעגט מיט טרערען אין די אויגען.

— זי שטעהט אין פאָרצימער. איך האָב פריהער דיר געוואָלט אָנזאָגען — האָט דער רב אליקום איהר ערקלערט און געעפענט די טיר און גערופען:

— קום אריין, טעכטעריל מיינס.

עס איז אַריין אַ זיבען־יעהריג מיידעל. דאָס פנים'על וואונדערשעהן און דריקט אויס אַ שטילען טרויער. איהרע בלאָנדע האָר נישט אויפגעקאַמט און די קליידעלעך אין אונ־אָרדנונג. עס איז אָבער געווען צו דערקענען אַז זי שטאַמט פון אָנגעזעהנע לייט. זי איז געגאַנגען מיט נישט דרייסטע טריט. נאָר רב אליקום מיט'ן ווייב האָבען איהר מיט ליעבע געזאָגט:

— קום, מיידעלע, קום. וועסט זיין דאָ ווי אַן אייגען קינד. מען האָט איהר דערלאַנגט אַ הויכען שטול לעבען דעם

קליינעם יוסף. די רביצין האָט זי ארומגענומען און אוועקגע־
זעצט און יוסף האָט געקוקט אויף איהר און זיך געוואונדערט.

— קענסט עברי? — האָט רב אליקום זי געפרעגט.

— יא. איך קען אויך פארטייטשען.

— ווער האָט דיך געלערנט?

— מיין טאַטע זכרונו לברכה. איך האָב געהאַט א טייערן
טאַטע, אויך א גוטע, ליעבע מאַמע.

זי האָט זיך מיט די הענד פערדעקט דאָס פנים און גע־
וויינט שטיל.

ביי רב אליקום מיט זיין ווייב האָבען זיך געשמעלט טרע־
רען אין די אויגען, יוסף האָט דאָס געזעהן און אויך געוויינט.

א ביסעל שפּעטער אז דאָס מיידעלע האָט אוועקגענומען
די הענד פון פנים האָט רב אלקום זי געפרעגט:

— ווי הייסטו?

— שרה.

—ווער זענען געווען דיין טאַטע־מאַמע?

— מיין טאַטע איז געווען א גאָלדשמיד און ער האָט גע־
הייסען אוריאל און די מאַמע האָט געהייסען אסתר.

רבי אליקום האָט זי מעהר נישט געפרעגט און אָנגעהויבען
אָבריכטען דעם סדר. די קליינע שרה האָט געזאָגט הויך
די הגדה. יוסף האָט געקוקט דאָ אויף זיין נייע שוועסטער,
דאָ אויפ'ן פאָטער און נישט געוואוסט וואָס דאָ טוט זיך.

אזוי לאנג ווי זיי האָבען געזאָגט די הגדה האָט יוסף גע־
שוויגען. נאָר ביים עסען האָט ער געזאָגט:

— טאַטע, די מאַמע האָט מיר געזאָגט אז דו וועסט מיר
דערצעהלען וואָס עס בעטייט דער סדר, דערצעהל מיר,
טאַטע!

און רבי אליקום האָט איהם דערצעהלט די נסים פון
יציאת מצרים און אז נישט נאָר אונזערע עלטערן האָט גאָט
אויסגעלייזט, נאָר אויך אונז אלע און גאָט בעשיצט אלע אי־
דען פון אלע זייערע פיינד.

— פארוואָס האָט גאָט געלאָזט אז די גוים זאָלען הרג'נען
מיין טאַטע מאַמע און אלע אידען פון אונזער שטאָדט? —
האָט די קליינע שרה געפרעגט.

— מיר טאָרען נישט פרעגען קיין קשיות אויף גאָט —

האָט רבי אליקום געענטפערט — אונזערע זינד זענען זעהר גרויס, ווערען מיר געשטראָפט. אָבער יעדער איד וואָס קומט אום פאר זיין אמונה איז א קדוש.

ווען ער האָט גערעדט האָבען זיך געגאָסען טרערען פון זיינע אויגען.

— אליקום, בערוהיג זיך, ס'איז יום-טוב, מען טאָר נישט וויינען — האָט די רביצין זיך אָנגערופען און זיך קוים איינ־געהאַלטען פון וויינען.

און זיי האָבען ווייטער אָבגעריכט דעם סדר.

---

צומאָרגענס האָט רבי אליקום מיטגענומען יוסף'ן אין שוהל אריין און זיך געשטעלט דאַוונען.

נאָך'ן לייענען איז רב אליקום ארויף אויפ'ן בעלעמער און געזאָגט א דרשה. ער האָט גערעדט וועגען דער ביטערער צייט וואָס איז געקומען אויף אידען און אָנגעזאָגט אלעמען צו זיין גרייט זיך מוסר נפש זיין פאר גאָט.

פּלוצלינג איז געוואָרען א טומעל אין שוהל. דער בישאָף פון ווערמייזא האָט געשיקט א קנעכט צום רב, און וויל איהם עפּעס זאָגען. רב אליקום האָט אויפגעהערט דרש'ענען און אראָפּ צום קנעכט.

— דער בישאָף האָט מיך געהייסען אייך זאָגען, אז די קרייצפאָהרער זענען שוין אוועק פון מעץ און זיי גרייטען זיך בעפאַלען אלע אידישע קהלות — האָט דער קנעכט גע־זאָגט — די היגע קהלה מוז ווערען געראַטעוועט. זאָלען אלע אידען נעמען זייערע פּערמעגענס און אוועקגעהן אין בישאָף'ס פּאַלאַץ. דער בישאָף וועט זיי אָבגעבען א זיכער אָרט און וועט זיי בעשיצען.

ווי די אידען האָבען דאָס דערהערט זענען זיי דערשראָ־קען ארויס פון שוהל און געלאָפען אהיים ראַטעווען ווייב און קינדער און די פערמעגענס.

די גאַנצע עדה אידען האָט זיך באַלד פערזאַמעלט ארום דער שוהל. עס איז געווען א גרויסע מחנה. אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, דערוואַקסענע און זויג-קינדער. אלע האָ־בען זיך געשטופּט פאַר שרעק. די פרויען האָבען געוויינט,

די קינדער האָבען צוטומעלט געשריגען. עס איז געווען א שרעקליכע מהומה.

רב אליקום האָט זיי געטרייסט און געשטארקט דעם מוטה און זיי געהייסען זיך פערלאָזען אויף גאָט. מען האָט ארויסגענומען די ספר תורה'ס פון שוהל. רב אליקום און די עלטסטע לייט האָבען געטראָגען די ספרים פאָראויס, די גאנ־צע עדה איז זיי נאָכגעגאַנגען און זיי זענען אוועק צום בי־שאָף. דער בישאָף האָט זיי אָבגעגעבען דעם גאַנצען צווייטען שטאָק פון זיין גרויסען פאַלאַץ, און פערשלאָסען דאָס טויער.

אין טויט־שרעק האָבען די אידען איבערגעלעבט דעם יום־טוב. דער פיינד האָט נאָך אַלץ געקוילעט אידען ארום מעץ. ניין טעג אין אייר איז אָנגעקומען א ידיעה אז די קרייצפאָהרער האָבען געשיקט א קליינע אָבטיילונג נאָך אשפיירא (שפייער). די אבטהיילונג איז אָנגעקומען אום שבת און זיי האָבען פערנומען די צעהן אנגעזעהענסטע אי־דען פון שטאָדט און אוועקגעשלעפּט אין קירכע. דאָרט האָ־בען די מערדער געפייניגט די אידען און זיי דוקא געוואָלט צווינגען צו שמד.

די אידען זענען אָבער בייגעשטאַנען דעם נסיון און זענען אַלע אומגעקומען אויף קידוש השם. א אידישע פרוי איז אויך אריינגעפאַלען אין זייערע הענד, האָט זיך זיך באַלד גענומען דאָס לעבען.

די איבריגע אידען האָבען זיך אָבער געשטעלט אקעגען. דער בישאָף יאָהאַנסען מיט זיין מיליטער האָט געהאָלפען די אידען און זיי האָבען פערטריבען די קרייצפאָהרער.

די נייעס האָט צוגעגעבען א סך מוטה די ווערמייזער אי־דען און א סך האָבען פערלאָזט דעם בישאָף'ס פאַלאַץ און זיך אומגעקערט אהיים אין שטאָדט אריין.

נאָך צוויי וואָכען זענען אַריבער פון שרעק און האָפנונג פאר ווערמייזא'ר אידען. און דאָס אומגליק איז געקומען.

דאָס איז געווען זונטאג, דריי און צוואַנציג טאָג אין אייר, אין יאָהר תתנ"ו האָבען די אידען זיך אויפגעכאַפּט אין גרויס שרעק פון די ווילדע געשרייען פון די קרייצפאָה־רער:

דיאס לא וואולט ! דיאס לא וואולט ! (דאָס איז גאָט'ס ווילען).

די אידען האָבען ארויסגעקוקט דורך די פענסטער און דערזעהן א גרויס פעבעל געהט אויף דער שטאָדט. רייטער און פוסגעהער, מענער, פרויען און קינדער. אלע בעוואפענט מיט שווערדען, שפיזען, העק און היי־גאָפּלען, גראָבע שטע־קענם און שטיינער.

די מעהרסטע געהען בארוועס און צוריסענע קליידער אויסגעשמירט מיט בלוט. א טייל געהט איינגעהילט אין גרין און רויט זיידענע טיכער אויסגענייט מיט גאָלד און זילבער. דאָס זענען געוועזען די פרוכת'ן פון די ארון קודש'ס וואָס זיי האָבען אראָפּגעריסען.

עס איז געוועזען א באַנדע ווילדע, שכור פון בראנפען און חאַס. פאָראויס זענען געגאנגען די גלחים מיט די פעהנער און צלמים.

די אידען וואָס האָבען זיך געהאַט אומגעקערט אין שטאָדט אריין האָבען געפּרובט זיך שטעלען אקעגען. די פיינד זענען אָבער געוועזען שטארקער און מעהר. און אז די אידען האָבען געזעהן אז זיי קענען נישט ביישטעהן, האָט איינער דעם אנדערן געשאָכטען. א ברודער האָט געקוילעט זיין ברודער, די מאַמעס זייערע קינדער און די חתנים זייערע כלות. און די וואָס האָבען נישט געהאַט קיין כח זיך צו נעמען דאָס לעבען, האָבען זיך געלאָזט טויטען פון די מערדער, שרייענדיג אלע אויף אַמאָל: — שמע ישראל, ד' אלהינו, ד' אחד !

נאכדעם ווי די מערדער האָבען אויסגעקוילעט אלעמען האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף די הייזער און זיי אויסגע־רויבט און דערנאָך צושטערט. אלע ספר תורה'ס וואָס זיי האָבען געפונען האָבען זיי פערשוועכט און צוריסען און געטראָטען מיט די פיס אין דעם טייך בלוט פון די אומגע־קומענע אידען.

א וואָך צייט האָבען די ווילדע מערדער געבושעוועט אין שטאָדט. זיי האָבען גע'שיכור'ט און געטאַנצט אויף די אי־דישע חורבות. אין זיבען טעג ארום, ראש חודש סיון, זענען די ווילדע מערדער מיט שטורם געגאנגען צום בישאָף'ס

פּאַלאַץ און אָנגעקלאַפּט אין טויער. דער בישאָף איז אַרויס אויפ׳ן באַלקאָן און געפרעגט:

— וואָס ווילט איהר דאָ?

— מיר ווילען די אידען וואָס דו האָסט בעהאַלטען.

— וואָס ווילט איהר זיי טאָן?

— אַז מיר וועלען זיי האָבען וועלען מיר שוין וויסען וואָס צו טאָן.

—וואָס האָבען זיי אייך געטאָן וואָס איהר ווילט זיי אומברענגען?

— זיי האָבען גע׳הרג׳עט אונזער ערלייזער. מיר ווילען נעמען נקמה!

— דער ערלייזער האָט מוחל געווען זיינע פיינד. איהר דאַרפט זיך ניט אָננעמען פאַר איהם.

— מיר זענען נישט געקומען לערנען ביי דיר! מיר זענען געקומען טויטען אונזערע פיינד.

און זיי האָבען אָנגעהויבען האַקען מיט די העק אויפ׳ן טויער.

דער בישאָף האָט געטראַכט אַ ווייל און געפרעגט:

— און אַז זיי וועלען זיך שמד׳ען?

— וועט מען זיי לאָזען לעבען.

— טאָ זייט רוהיג. איך געה צו די אידען און וועל זיי פאָרלייגען זיי זאָלען זיך שמד׳ען.

— מאַך עס גיך, מיר האָבען נישט קיין סך צייט צו ווארטען.

דער בישאָף איז אַריין צו די אידען און מיט אַ ציטערדיגע שטימע געזאָגט:

— פריינד, ליידער קען איך אייך אַנדערש נישט בעשיי־צען נאָר איהר זאָלט זיך שמד׳ען. בעטראַכט און פאָלגט מיין עצה. עס טאָר אָבער נישט דויערן לאַנג. די באַנדע איז זעהר ווילד און אומגעדולדיג.

— מיר וועלען דיך נישט פאָלגען! — האָבען אַלע אויסגעשריגען.

— גיב אונז צוויי שעה צייט זיך מישב צו זיין — האָט רב אליקום געזאָגט.

— רבי ! — האָבען אַלע אידען אויסגעשריגען פערזוואונ־דערט.

— איך ווייס וואָס איך רעד — האָט דער רב פעסט דער־קלערט.

— איך וועל פּרובען ווידקען אויף זיי, אפשר וועלען זיי וואַרטען צוויי שעה — האָט דער בישאָף געזאָגט און אַרויס צו די מערדער.

— די אידען וועלען זיך שמד'ען — האָט דער בישאָף זיי אָבגענאַרט, זיי זאָלען וואַרטען ביז דער רב וועט זיך מישב זיין — נאָר פאַר'ן שמד'ען מוז איך דאָך זיי עפּיס זאָגען פון אונזער גלויבען. עס מוז דויערן אמווייניגסטען צוויי שעה.

די מערדער האָבען זיך געשטעלט וואַרטען.

---

ווי דער בישאָף איז אַרויס פון די אידען האָט דער רב פערשלאָסען די טיר און געזאָגט :

— ברידער ! נישט פאַר שוואַכקייט האָב איך געבעטען די צוויי שעה, נישט זיך מישב צו זיין. נאָר מיר זאָלען זיך דערוויילי קענען צוגרייטען צו שטאַרבען אויף קידוש השם. ווי דער רב פון מיין קהלה מוז איך טאָן מיין פליכט. אין דער תורה שטעהט געשריבען, אז מען געהט אַרויס מלחמה האַל־טען מיט'ן פיינד זאָל דער כהן רעדען צום פאָלק און זאָגען אזוי :

"שמע ישראל, איהר גענעהנט היינט צו א מלחמה... זאָ־לען אייערע הערצער נישט ווערען שוואַך... דער וואָס האָט מורא און האָט נישט קיין מוטה זאָל זיך אומקערען אהיים און נישט שוואַך מאַכען די הערצער פון זיינע ברידער...

ברידער ! מיר גענעהנען איצט צו א מלחמה. און אין נאָמען פון אונזער גאָט זאָג איך אייך :

ווער עס האָט נישט גענוג מוטה צו שטאַרבען פאַר גאָט זאָל אוועקגעהן פונדאַנען וואוהין ער וויל. גאָט וויל נישט אַ קרבן וואָס קומט נישט מיט'ן גאַנצען האַרצען. דער וואָס איז יא גרייט מקריב צו זיין דאָס לעבען א קרבן פאַר גאָט זאָל אויפהויבען די הענד צום הימעל און זאָגען הויך :

"ב י ד ך א פ ק י ד ר ו ח י".

האָבען אלע אויפגעהויבען די הענד און געזאָגט:

— בידך אפקיד רוחי.

דער רב רבי אליקום האָט ארויסגענומען פון הינטער'ן מאַנטעל א לאַנג שארף חלף און מיט פייער געזאָגט:

— ברידער, אידען! הייליג פאָלק, אברהם אבינו'ס קינדער! אברהם אבינו האָט געברענגט זיין איינציגען זוהן אויף דער עקדה, אז וואויל איז צו אייך, ברידער! היינט וועלען אונזערע קדושים אונז אלעמען אויפנעמען מיט גרויס שמחה.

אָבער איידער מיר ווילען ווערען קדושים מוזען מיר תשובה טאָן אויף אונזערע זינד. ווער עס האָט געטאָן אן עולה צו זיין חבר אָדער האָט מביש געווען, זאָל איהם איצט מפיס זיין און איבערבעטען. און איך הויב דאָס אָן:

האָב איך עמיצען בעליידיגט אָדער גורם געווען א געלד־שאדען ווילענדיג אָדער נישט־ווילענדיג? האָב איך חרטה און בעט איהם, ער זאָל מיר מוחל זיין. און איך בין מוחל יעדען איינעם וואָס האָט מיר געטאָן אן עולה.

די גאַנצע עדה האָט אָנגעהויבען שטארק וויינען און געזאָגט:

— ניין, רבי, איהר האָט קיינמאָל קיינעם נישט בעליידיגט און נישט גורם געווען קיינעם קיין געלד־שאדען. איהר זענט געווען א געטרייער פאסטוך פון אונזער קהלה. מיר זענען אין אונזער לעצטע רגע אויף דעם עדות.

— גאָט איז מיין עדות! — האָט רב אליקום אויסגערופען.

— גאָט איז אונזער עדות! — האָבען אלע אויסגערופען.

זיי זענען זיך געפאַלען אויף די העלזער און שטארק געוויינט. מיט ביטערע טרערען האָט איינער דעם אנדערן געבעטען זיך מוחל זיין. עס האָט זיך אויפגעהויבען א מורא'דיג געשריי און געוויין און געשפאָלטען די הימלען. דער רב האָט זיך געשטארקט און געזאָגט:

— מיר האָבען תשובה געטאָן אויף די זינד צווישען זיך. איצט לאָמיר תשובה טאָן אויף די זינד קעגען גאָט. איך וועל זאָגען די ודוי פון יום־כפור און זאָל יעדער מיטזאָגען שטיל, מיט גרויס כונה און מיט אונטערטעניגקייט צו גאָט.

רב אליקום האָט געזאָגט ודוי און אלע האָבען מיט א שטיל געוויין און צובראָכענע הערצער מיטגעזאָגט.

נאָך דער ודוי האָט רב אליקום זיך אָנגערופען און גע־זאָגט :

— איצט שטארקט אייך, ברידער און שוועסטער, שטארקט אייערע הערצער פאר אונזער אמונה אין דער לעצ־טער רגע. וואויל איז אייך וואָס איהר האָט אויסגעקליבען צו שטארבען פאר גאָט. פאר׳ן טויט לאָמיר זאָגען שמע ישראל און דאָס וועט זיין אן עדות, אז מיר שטארבען אויף קידוש השם. דערנאָך וועט יעדער איינער שעכטען זיין ווייב און קינדער, און מיר וועלען ווארפען גורל ווער עס זאָל דער ערשטער שעכטען זיין חבר. דער וואָס וועט בלייבען דער לעצטער, וועט זיך נעמען דאָס לעבען. זענט איהר מסכים ?

— יא ! — האָבען אלע געענטפערט.

— איך וועל דער ערשטער אָנהויבען די שחיטה מיט מיין טייערן זוהן, מיט מיין איינציג קינד ! — האָט רב אליקום געזאָגט שטיל און איז געוואָרען שרעקליך בלאָס און שטארק געציטערט.

— ניין, רבי ! — האָבען אלע געזאָגט — זייט נישט דער ערשטער. טאָמער וועט איהר ווערען שטארק דערשלאָגען און עס וועט נישט זיין קיינער וואָס זאָל אונז צוגעבען מוטה אין אונזער לעצטער רגע ? רבי, איהר וועט מקריב זיין אייער קרבן דער לעצטער.

— זאָל זיין אזוי — האָט רב אליקום געזאָגט און הויך אָנגעהויבען זאָגען מיט גרויס כוונה :

שמע ישראל, ד׳ אלהינו, ד׳ אחד !

הויך און פעסט האָבען אלע מיטגעזאָגט, יעדער האָט זיך ארומגערינגעלט מיט זיין הויז־געזינד און איידער די טאטעס האָבען אָנגעהויבען זייערע מורא׳דיגע שחיטות, האָט דער רב געפרעגט די קינדער :

— הייליגע שעפעליך, ווילט איהר שטארבען פאר אונ־זער גאָט ?

און די אומשולדיגע קינדערלעך האָבען פון אלע ווינקלען געענטפערט מיט זייערע דינע שטימעלעך :

— מיר ווילען !

— צום לעצטען מאָל — האָט רב אליקום געזאָגט — וויל עמיצער בלייבען לעבען, זאָל ער ארויסגעהן.

קיינער האָט זיך נישט גערוהרט פון אָרט. דער רב האָט דערלאַנגט דעם חלף דעם ראש הקהל און געזאָגט:

— כי עליך הורגנו כל היום, נחשבנו כצאן טבחה (פאַר דיר, גאָט, זענען מיר געוואָרען געטויט דעם גאַנצען טאָג, גערעכענט ווי שאָף צו דער שחיטה).

די קינדער האָבען אויסגעשטרעקט זייערע העלזער און שטיל אויסגעגאַנגען אונטער די הענד פון זייערע טאַטעס. קיינער האָט נישט געקלאָגט און נישט געוויינט. דער חלף איז איבערגעגאַנגען פון האַנד צו האַנד ביז עס זענען נישט מעהר איבערגעבליבען ווי דער רב און די רביצין, זייער איינציג אינגעלע יוסף און די קליינע יתומה שרה, וואָס דער רב האָט צוגענומען פסח.

דער רב האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די געשאָכטענע און אויסגעשפּרייט די הענד און געזאָגט:

— הייליגע, זאָל אייער טויט זיין אַ כפּרה פאַר אַלע אידען. ריינע לויטערע נשמות, איהר זענט אויסגעגאַנגען אין פריערען, געהט־אויף און קומט אין פרידען אין הימעל!

און ער האָט געזאָגט "ויהי נועם".

דערנאָך האָט ער געזאָגט צו יוסף'ן:

— יעצט, מיין ליעבער זוהן, האַלט עס ביי דיר. זעה, דיינע חברים, די קליינע אומשולדיגע קינדער, האָבען אוועקגעגעבען זייער לעבען אויף קידוש השם. זיי אויך ווי זיי.

— איך וועל אַזוי זיין, טאַטע! — האָט דאָס קינד געזאָגט און אויסגעשטרעקט דעם האַלז פאַר'ן חלף.

— אליקום, איך בעט דיך, האָב רחמנות, שעכט מיך פריהער, לאָמיך נישט זעהן ווי מיין קינד שטאַרבט! — האָט די רביצין זיך געבעטען.

דער רב איז בעשטאַנען דאַרויף. זי האָט אַרומגענומען יוסף'ן, געקושט און געבענטשט און מיט אַ פעסטער שטימע געזאָגט:

"בידך אפקיד רוחי, פּדית אותי ד' אל אמת!" (אין דיין האַנד גיב איך איבער מיין נשמה, האָסט מיך אויסגעלייזט גאָט, אמת'ער גאָט).

און זי האָט אויסגעשטרעקט איהר האַלז — — — — — —

נאָך דער רביצין האָט דער רב געוואָלט שעכטען זיין בן־יחיד, איז די קליינע שרה צוגעשפרונגען און געבעטען:

— רבי! איך בעט אייך! שעכט מיך פריהער. טאָמער וועט איהר ווערען שוואך נאָכדעם ווי איהר וועט האָבען אומגעבראכט אייער איינציג קינד, און עס וועט נישט אי־בערבלייבען קיינער וואָס זאָל אויף מיר רחמנות האָבען און מיך שעכטען ווי די אנדערע הייליגע קינדער.

דער רב האָט אָבגעווישט אַ טרער און געזאָגט:

— אוי, וועה, דו ליעב, אומגליקליך מיידעלע! דו ווילסט אויך איך זאָל דיך טויטען! ביזטו דען צוליעב דעם געקומען צו מיר אין הויז?

די קליינע שרה האָט געשמייכעלט און געזאָגט:

— רבי, עס טוט מיר נישט באַנג. ס'איז מיר בעסער צו שטאַרבען אונטער די הענד פון א רב איידער אונטער די הענד פון די ווילדע מערדער.

זי האָט אויסגעשטרעקט איהר קליינעם ווייסען האַלז.... אַ הייליגע פרייד האָט ארויסגעקוקט פון איהר שטילגעבלי־בענע אויגען...

דער רב האָט זיך געשטעלט אויף די קניה און מיט דער ציטערדיגער האַנד אויפגעהויבען דעם חלף, אויסגעשטעלט זיינע פערפינסטערטע אויגען צום הימעל און מיט אַ שרעק־ליך קול געשריגען:

— שטאַרק מיך, פעסטיג מיך, גאָט פון אברהם אבינו!

און ער האט ארויפגעלייגט דעם חלף אויף יוסף'ס האַלז. אבער די האנד האט זיך נישט געריהרט און ער האט געגעבען א ווילד משונה'דיג געשריי און ווי א שטיין געפאלען צו דער ערד.

דאס קינד האט איהם געוועקט, גערופען, געשריגען, גע־וויינט און דער פאטער איז געלעגען שטיל. האט זיך נישט געריהרט, אָהן אָטעם.

וואס טוט מען יעצט? האט יוסף געטראכט, ער האט מקנא געווען זיינע חברים'לעך וואס זענען געלעגען שטיל און רוהיג ארום איהם. ער האט גענומען דעם חלף און זיך געוואָלט איבער־שניידען דאס העלזיל, ער האט אבער נישט געקענט.

זיין קליין הענטיל האט נישט געהאט גענוג כח דאס צו טאָן.

ער האָט זיך ארומגעקוקט און דערזעהן אן אָפען פענס־טער, ער האט זיך דערמאָנט אז ער איז אויפ'ן צווייטען שטאָק. א ווײַלע האט דאס קינד געטראכט, דערנאָך האט ער צוגערוקט א שטול צום אָפענעם פענסטער, ארויפגעקראָכען אויפ'ן שטול, פון שטול—אויפ'ן פענסטער, פארמאכט די אויגען און זיך ארויסגעוואָרפען פון דער הויך.

ווען דער קליינער יוסף איז געקומען צו זיך, האט ער דערזעהן אז ער איז אין א גרויס, שעהן צימער, געגענאיבער איהם איז געהאנגען א מענש אויף א גרויסען קרייץ און ארומגעהאנגען מיט בילדער.

אלץ איז איהם נעווען פרעמד און ער האט נישט גע־וואוסט ווי אזוי ער איז געקומען אהער. דער נעכטיגער טאָג האט זיך איהם אויסגעוויזען ווי א בייזער, פינסטערער חלום, ער האט נישט געגלויבט אז ס'איז אמת אלץ וואס ער האט נעכטען געזעהן. און דאס ערשטע ווארט וואס ער האט ארויסגערעדט ווי ער האט אויפגעעפענט די אויגען איז געווען:

— מאמע!

א פרעמדער איז אריינגעקומען, צוגעגאנגען צו זיין בעט־טיל און מיט ליבע געפרעגט:

— וואָס ווילסטו, טייער זוהנעלע?

יוסף האט זיך איינגעקוקט אין דעם פרעמדען, ער איז גע־ווען א פופציגער מיט א קאָפּ רויטע האָר און א רויטע באָרד און א פנים פול בלאטערן. ער האָט געעקעלט יוסף'ן.

— איך בין נישט דיין זוהן, ביזט א פרעמדער—האט יוסף געזאגט און אבגעקערט דאס פנים, וואו איז מיין טאטע? וואו איז מיין מאמע?

— היינט בין איך דיין טאטע—האט דער מאן געזאגט—איך האב געראטעוועט דיין לעבען. ווען דו ביזט נעכטען אראפּגעפאלען פון צווייטען שטאָק, האט דיך א קרייצפאהרער אונטערגעכאפּט. ער האט דערקענט אז דו ביזט א אידיש קינד און ער האָט געפרעגט זיינע חברים צי ער זאָל דיך טויטען אדער לאָזען לעבען. איך בין פונקט פערבייגעגאנגען,

דו ביזט מיר געפעלען, ביזט דאך א שעהן יונגעלע. האב איך זיי געבעטען זיי זאלען דיך איבערגעבען צו מיר. איך האב דיך גענומען און גע׳שמד׳ט און דיר געגעבען מיין נאָמען און בין פון איצט אָן דיין טאַטע און וועסט מיך פאָלגען, וועל איך דיך ליעב האבען ווי א פאטער זיין קינד, וועסט מיך נישט פאָלגען וועל איך זיין זעהר שטרענג צו דיר.

— אבער וואו איז מיין ערשטער פאטער?—האט יוסף געפרעגט.

— ער איז געפעהרליך קראנק, ער וועט שוין נישט ווערען געזונד.

יוסף האט זיך ביטער צוואויינט.

דער מאן האט איהם דערלאנגט א קליין צלם׳על און געזאָגט:

— בערוהיג זיך. נא דיר א שעהנע זאך צו שפילען. קוש עס, מיין זוהן, דאס איז דאס בילד פון אונזער גאָט. זאָלסט איהם ליעב האבען אייביג.

יוסף האָט נישט צוגעריהרט זיך צום צלם׳על און געזאָגט:

— איך וויל נישט, דער טאטע האט מיר געזאגט אז גאָט איז אין הימעל און עס איז נישטאָ זיין בילד.

— אויב דו וועסט עס נאָכאמאָל זאגען וועל איך דיך שטרענג בעשטראפען—האט דער מאן זיך געבייזערט. ער האט זיך אבער אנגערופען מיט גוטען—בעטראכט זיך, טייערער קריסטאָף, וועט דיר אייביג זיין גוט.

— איך הייס נישט קריסטאָף. מיין נאָמען איז יוסף.

— דיין נאָמען יוסף איז מעהר נישטאָ, אז איך האב דיך גע׳שמד׳ט האב איך דיר א נאָמען געגעבען קריסטאָף. דער נאָמען וועט בלייבען, געה ארונטער פון בעט און קום צום געבעט.

יוסף האט זיך אנגעטאָן, ער האט געזוכט דאס ארבע כנפות און נישט געפונען. דער מאן האט איהם געזאגט, אז ער האט דאס נעכטען פערברענט. ער האט איינגעטונקט די פינגער אין וואסער און אויסגעשפריצט אויף איהם א צלם. דערנאָך האט ער געזאגט א געבעט און יוסף האט נאָכגעזאגט וואָרט ביי וואָרט.

— אזוי געפעלסטו מיר—האט דער מאן געשמייכעלט— וועסט מיך פאָלגען, וועל איך דיך האבען ליעב.

מיטאג צייט האט געקלונגען און דער מאן האט איהם גענומען צום טיש. יוסף האט דערזעהן אז ער געהט מיט'ן בלויסען קאָפּ, האט ער געוואָלט צוריק געהן אין זיין צימער.

— וואס ווילסטו?—האט דער מאן איהם געפרעגט.

— איך זוך מיין היטעלע.

— וואס דארפסטו עס?

— דער טאטע האט געזאָגט אז מען טאָר נישט געהן מיט'ן בלויסען קאָפּ.

דער מאן איז געוואָרען בייז און געשריגען:

— איך זעה, אז מיר וועט זיין שווער ביז איך וועל אויס־וואָרצלען פון דיר די אידישע נארישקייטען. זאָלסט וויסען, אלץ וואס איך ערלויב דיר, מעגסטו טאָן.

יוסף האט געמוזט זאגען מיט איהם א געבעט און זיי האבען זיך געזעצט עסען. ביים טיש איז חוץ זיי נאָך געוועזען אן אלטע גויע, און יוסף האט געפרעגט:

— וואו זענען אייערע קינדער?

— איך האב נישט קיין קינדער, איצט וועסטו זיין מיין קינד. וואויל איז דיר וואָס איך האָב דיך צוגענומען, איך בין זעהר רייך, איך האָב הייזער, פעלדער און גערטנער און א סך געלד. וועסטו מיך פאָלגען וועסטו זיין מיין יורש, וועסט זיין גרוים און רייך.

— איך וויל זעהן מיין טאטען—האט יוסף געזאגט.

— א שלעכט עסק מיט דיר!—האט דער מאן געטופעט מיט די פיס—ביזט אן איינגעשפארטער איד!

— איך וויל נישט זיין איינגעשפארט. איך וועל אייך אלץ פאָלגען—האט יוסף געוויינט—נאָר לאָזט מיך נאָר איינ־מאָל זעהן מיין טאטען.

— גוט, איך וועל דיר צוליעב טאָן. נאָך'ן עסען וועל איך דיך פיהרען צו איהם און איך וועל זעהן צי דו וועסט האלטען וואָרט.

דאס האט בערוהיגט יוסף'ן און ער האט גנגעסען. דער מאן האט געהאלטען וואָרט און איז ארוים מיט איהם אין דרויסען.

זיי זענען געגאנגען דורך דעם אידישען קווארטאל. עס איז געווען וויסט. די טירען אויסגעריסען. די פענסטער צו־שמעטערט, די גאסען האבען אויסגעזעהן מורא׳דיג, עס האט געברענט עטליכע טעג און עס איז געווארען א גרויסע בלאַ־טע אויסגעמישט מיט צובראָכען געפעס, פעדערן, צוריסענע ספרים און קליידער. דאס וואס די מערדער האבען נישט גע־קענט מיטנעמען האָבען זיי קאַליע געמאַכט.

זיי זענען פארבייגעגאנגען די שוהל, און דאָס יונגעלע האט אויפגעשוידערט. דאס טויער צובראכען, דער דאך אראפגעריסען, די פענסטער צוקלאפט און די שווארצע הוילע פערדרויכערטע ווענט האבען געקוקט אויף איהם אזוי פינס־טער ווי אויגען אויסגעשטאָכענע.

פאר דער שוהל האבען זיך ארומגעוואלגערט די צובראַ־כענע בענק און שטענדערס מיט׳ן בעלעמער און די שטאַכע־טען, ידיעות פון ספר תורה׳ס האבען זיך געוואלגערט אין בלאָטע און חזירים האבען זיי געטרעטען.

יוסף האט אויסגעשריגען ווילד און דער מאן האט גיך איהם אוועקגעפיהרט און זיי זענען צוגעקומען צו רב אליקום׳ס הויז. יוסף האט דערקענט זיין טאטע־מאמע׳ס הויז און אויסגעבראכען אין א גרויס געוויין.

— אוי! לאָזט מיך אריין אויף א מינוט! דאָ האבען מיר געוואוינט!

— נאריש קינד! וואָס בענקסטו נאָךדעם צושטערטען הויז? מיין הויז איז דאָך א סך שענער!

— לאָזט מיך עס אָנקוקען נאָך איינמאָל!!

— גוט, געה.

יוסף איז אריינגעגאנגען. האט זיך ארומגעקוקט אין אלע ווינקלען און מיט א ביטער געוויין זיך געזעגענט דערמיט ווי מיט דעם נאָהנטסטען חבר.

זיי זענען צוגעקומען צו דער לאנקע פאר דער שטאָדט און מאסען געקוילעטע אידען האבען זיך ארומגעוואלגערט און זייערע טיפע וואונדען זענען געווען שווארץ פון פערגליווער־טען בלוט.

יוסף האט זיך דערמאָנט אָן זיין מאמע, שרה׳ן, זיינע

חברים׳לעך און ער האט זיך אראפגעלאָזט אויף דער ערד. ער האט נישט געקענט געהן.

דער מאן האט איהם אויפגעהויבען און מיטגעשלעפט ביז צום בישאָף׳ס פּאַלאַץ. זיי זענען דורכגעגאנגען דאָס גרויסע צימער וואס איז פון א רעטונג הויז געוואָרען א שעכט־הויז. עס איז שוין געווען אבגעוואשען דאס בלוט און מען האט נישט געקענט דערקענען אז ערשט נעכטען איז דאָ געווען א גרויסע שחיטה.

זיי זענען דורכגעגאנגען א סך צימערן און צוגעקומען צו א פערשלאָסענע טיר. זיי האבען דערהערט רעדען אינווייניג:

—דאס איז זעהר שווער.

— זיין לעבען איז אבער אבהענגיג פון דעם!—האט א צווייטער געזאָגט.

— איין קריסטליכע נשמה איז אונז טייערער פון לעבען פון די אלע מענשען. דעם פאטער וועט מען דאך נישט קענען איבעררעדען, דאס קינד וועט אבער בלייבען א קריסט.

— אפשר זאלען מיר אויסרעד׳ען מיט איהם ער זאל זיך שמד׳ען וועט מען צולאָזען דאס קינד צו איהם?

— דאס איז גאָר נישט ווערט! באלד ווי ער וועט גע־זונד ווערען וועט ער אנטלויפען נאָך אויסלאנד און ווערען צוריק א איד. ווער וויים? מען וועט צולאָזען דאס קינד צו איהם וועט ער עס נאָך דערשטיקען צו ראטעווען עס פון אונ־זערע הענד? מיר דארפען זיך האלטען ביי דאָס אונזעריגע: דאָס קינד האָבען די קרייצפאָהרער געטויט, און דעם קינד וועט מען זאָגען אז דער פּאָטער איז שוין געשטאָרבען. וועט דער פּאָטער אויסגעהן פאר צרות און דאָס קינד וועט בלייבען א קריסט.

ווי דער מאן האט דערהערט די רייד האט ער געזאגט צו יוסף׳ן:

— קום אהיים, דיין טאטע איז שוין נישטאָ דאָ.

— וואו איז ער, וואו?—האט יוסף געשריגען מורא׳דיג.

— וואס שרייסטו? קום!—האט דער מאן געזאגט שטרענג און איהם געשלעפט מיט זיך. די טיר האָט זיך גע־עפענט און דער בישאָף האט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ און געפרעגט וואס דא איז. אין דער רגע האט יוסף ארייגעקוקט

אינוויינינג און דערזעהן א מאן מיט צופאטעלטע האָר, צוריסענע קליידער און א שרעקליך פנים. ער האט זיך איינגעקוקט און צוגעשפרונגען צו דער טיר שרייענדיג:

— טאטע, אוי, טאטע!!

— יוסף! זוהן מיינער!—האט א שטימע ארויסגעשריגען פון צימער.

עמיצער האט געגעבען א וואונק און פערמאקט די טיר. דער מאן האט געכאפט יוסף'ן אויף די הענד און אראפגעלאָפען מיט איהם. דאס קינד האט געשריגען, זיך געריסען דאס הארץ און עס האט נישט געהאָלפען. דער מאן האט איהם אוועקגעטראגען צו זיך אין הויז.

א גאנצען טאָג האט יוסף ביטער געוויינט און געשריגען: טאטע! טאטע! צומאָרגענס האט מען איהם אוועקגעטראגען אין מאָנאַכען קלויסטער און איהם מיט געוואלד גענומען ערציהען אלס קריסט.

---

ווען די ווילדע מערדער זענען צוויי שעה שפעטער אריין אין צימער אין בישאָף'ס פאלאץ און דערוואַרט, אַז זיי וועלען אב'שמד'ען אלע אידען זענען זיי געבליבען שטאַרק ענטוישט ווען זיי האבען אלעמען געפונען ליגען געשאָכטען.

זיי האבען אבער געוואוסט אז אין וואלד הינטערן שטאָט בעהאלטען זיך אידען, וואס זענען מיט א וואך צוריק אנטלאָפען פון שטאָדט. האבען זיי ארומגערינגעלט דעם וואלד, געכאפט די אידען און זיי גטטויט. נאָר א קליינע צאָהל יונגע בחורים האבען זיי געבונדען און אוועקגעשלעפט אין קירכע צום שמד'ען.

צווישען זיי איז אויך געווען שמחה כהן, יוסף'ס פעטער, זיין מאמע'ס א ברודער וואס איז דער איינציגער געבליבען לעבען, ווען זיין פאָטער רב יצחק הכהן מיט די זיבען זיהן זענען געטויטעט געוואָרען פון די מערדער.

שמחה כהן האט געוואָלט נקמה נעמען פאר זיין פאָטער און ברידער און ער האט זיך איבערגעגעבען אין די מערדער'ס הענד. א יונגער אנגעזעהענער גלח, דעם בישאָף'ס שוועסטער'ס זוהן האט די יונגע בחורים גע'שמד'ט. ווען דער גלח

איז צוגעקומען צו שמחה כהן האט ער ארויסגעכאפּט א מע־סער און איהם דערשטאָכען אויף טויט.

דאס פּעבעל איז בעפאלען שמחה'ן און איהם צוריסען אויף שטיקער. אכט הונדערט אידען זענען דעם טאָג אומ־געקומען אין ווערמייזא, אויסער די וואס זענען געטויט גע־וואָרען אין וואלד און ארום שטאָדט.

פון דאָרט זענען די ווילדע מערדער אוועק נאָך מאגענ־צא (מאינץ). דער ערצבישאָף ראטהארד וואָס האָט געוואָלט טויטען די אידען און צונעמען זייער האָב און גוטס, האָט די אידען איינגערעדט זיי זאלען זיך בעהאלטען אין זיין פּאלאץ.

די אידען האבען געבראכט אין פּאלאץ זייערע פערמעגענס און ער האט זיי אבגעגעבען א סך צימערן. דארט האבען אלע געפאסט, גרוים און קליין אפילו זייגעדיגע קינדער האבען נישט געקראגען די ברוסט. זיי האבען געוויינט און געקלאגט און געשריגען צו גאָט.

אבער די טויערן פון תפלה זענען געווען פערשלאָסען פאר זיי. דער בישאָף האט אויסגעשטעלט זיינע סאָלדאטען ארום פּאלאץ. דעם דריטען טאָג אין סיון זענען די קרייצפאהרער אנגעקומען. דעם בישאָף'ס סאָלדאטען זענען צוגעשטאַנען צו זיי און האבען אויפגעבראכען דאס טויער. ווי וועלף אויף א סטאַדע שאָף זענען זיי בעפאלען די אידען, און עס איז געשעהן דאָ דאסזעלבע וואס אין ווערמייזא.

מיט דעם געשריי "שמע ישראל" זענען זיי אלע געפאלען טויט. א טייל וואס האט זיך אליין גענומען דאס לעבען און די אנדערע אונטער די הענד פון די מערדער. דרייצעהן הונ־דערט דער'הרג'עטע אידען האבען זיי יענעם טאָג ארויסגע־פיהרט אויף וועגען און אוועקגעוואָרפען הינטער'ן שטאָדט. דאס אידישע האָב און גוטס האט דער ערצבישאָף צוגענומען און זיך איינגעטיילט מיט זיינע לייט.

זעכציג אידען פון זיינע בעסטע בעקאנטע האט דער ערצ־בישאָף בעהאלטען אין די ארומיגע דערפער. די מערדער הא־בען זיי אבער אויפגעזוכט און געטויט. נאָר עטליכע פון זיי זענען אוועקגעשלעפּט געוואָרען אין קירכע און מיט געוואלד געוואָרען אבגע'שמד'ט.

אָבער אויך זיי האָבען בעסער אויסגעקליבען דעם טויט.

צווישען זיי זענען געווען דער פרומער גאָטספאָרכטיגער רב אוריה און רב יצחק בן דוד דער פרנס.

רב יצחק האט געהאט צוויי וואונדערשעהנע טעכטער. אין דעם ערשטען טומעל האבען זיי זיך געלאָזט שמד'ען און גע־האָפט שפעטער זיך אומקערען צום אידענטום. זיי האבען אבער באלד געהאט חרטה. אויפ'ן דריטען טאָג, ערב שבועות, האָט רב יצחק געשאָכטען זיינע צוויי טעכטער און אונטער־געצונדען אויף זיי דאס הויז.

פון דארט איז ער אוועק מיט רב אוריה'ן אין דער פער־וויסטער שוהל און זי אונטערגעצונדען און אריינגע־שפרונגען אין פייער. דאס פייער האט זיך פערשפרייט אי־בער מאינץ און די גרעסטע טייל פון שטאָדט איז אוועק מיט'ן רויך.

דעם זעלבען טאָג זיינען די קרייצפאָהרער אָנגעקומען לעבען קאלאניא (קעלן). די קהלה איז געווען די עלטסטע אין דייטשלאַנד. די אידען זענען געווען גרייט אנצונעמען די שטראָף פון גאָט. זיי האָבען אָבער געפרובט זוכען שוץ ביים דארטיגען בישאָף און די קריסטען פון שטאָדט.

די גוים האָבען זיך דערבארמט אויף זיי און באהאלטען די אידען אין זייערע הייזער. דעם ערשטען טאָג שבועות זענען די מערדער אריין אין שטאָדט און מיט שטורם בעפאַ־לען די אידישע הייזער.

אַז זיי האָבען נישט געטראָפען קיין איין איד האָבען זיי אויסגעלאָזט זייער ווילדען האס צו די הייזער און זיי צו־שטערט און אויסגערויבט אלץ וואָס זיי האָבען געפונען. די ספר תורות האָבען זיי צוריסען און געטרעטען מיט די פיס. דאָס איז געשעהן דעם זעלבען טאָג ווען די אידען האָבען מקבל געווען די תורה אויפ'ן בארג סיני.

דעמאָלט איז געווען אַן ערדציטערניש און די פאַנאַטישע מערדערישע גלחים האָבען בערוהיגט די מערדער און זיי גע־זאָגט אַז דאָס איז אַ צייכען פון גאָט אַז זיי טוען גוטס וואָס זיי פערטיליגען די אידען. און די מערדער האָבען געכאַפּט אַ איד מיט אַ אידישע פרוי און זיי צוריסען אויף שטיקער.

דיזעלבע נאַכט האָט דער קעלניער בישאָף אוועקגע־פיהרט שטילערהייד די אידען און זיי בעהאַלטען אין זיינע

דערפער. דריי וואָכען זענען זיי דאָרט געווען בעהאַלטען און געלעבט אין גרויס שרעק.

די מערדער האָבען געוואָחר געוואָרען פון זייער בעהעל־טעניש און געגאַנגען אויף זיי. די אידען האָבען דאָס דער־הערט, האָבען זיי געפאַסט צוויי טעג און צוויי נעכט. דעם דריטען טאָג איז די מערדער באַנדע אָנגעקומען. א סך אידען האָבען זיך גענומען דאָס לעבען און די איבריגע האָבען די מערדער אומגעבראַכט.

א קליינע צאָהל האָבען די מערדער געצוואונגען צו שמד. זיי האָבען די דאָזיגע אידען אַזוי לאַנג געפּייניגט ביז זיי זע־נען אַרונטער פון זינען.

אין קעלן זענען געווען א סך קדושים וואָס זענען געווען א מוסטער פאַר אַלע אידען. דער אַלטער רב שמואל בן יחיאל פון ווייבלינק (וועלינגסהאַפּען) האָט גענומען זיין געראַטע־נעם זוהן און אַרונטערגעגאַנגען צום טייך און די גאַנצע עדה נאָך זיי.

דער אַלטער רב האָט געמאַכט א ברכה אויף דער שחיטה און דער זוהן האָט אויך נאָכגעזאָגט: "אָמן". און די עדה האָט געזאָגט שמע ישראל. נאָכדעם ווי דער אַלטער רב האָט געקוילעט זיין זוהן האָבען אַלע — צוויי הונדערט נפשות — זיך אַריינגעוואָרפען אין טייך און געוואָרען דערטרונקען.

דריי הונדערט אידען האָבען זיך געהאַט בעהאַלטען אין דאָרף איילענדאָ (אַלדענאַ). ווען זיי האָבען דערהערט אַז די קרייצפאָהרער דערנעהנטערען זיך האָבען פינף מוטיגע פרוי־מע אידען גענומען אויף זיך צו שעכטען אַלעמען.

ווען זיי האָבען געענדיגט זייער פורכטבאַרע טאַט, האָט איינער פון די פינף געשאָכטען זיינע פיער חברים און ער איז אַרויף אויף א הויכען טורעם און זיך אַראָפּגעוואָרפען. ער איז צושמעטערט געוואָרען אויף שטיקער.

דעם זעלבען טאָג איז אויך געקומען דאָס אומגליק אויף די אידען וואָס זענען געווען בעהאַלטען אין דאָרף זאַנטאַ (זינצוג). דאָרט איז געווען א קדוש, וואָס איז אַנטלאָפען פון פראַנקרייך. ער האָט צוזאַמענגערופען די אידען אויפ׳ן פעלד און געזאָגט אַזוי:

— אַזוי טוט מען ביי אונז!

און ער האָט זיי געוויזען. ער האָט אויסגעגראָבען א טי־פע גרוב און אריינגעשפרונגען. ער האָט געמאכט א ברכה "על השחיטה" און זיך איבערגעשניטען דעם האלז. אלע אי־דען האָבען איהם נאָכגעטאָן. זיי האָבען זיך געגראָבען קברים, געזאָגט שמע ישראל און מאכענדיג די ברכה על השחיטה, האָבען זיי זיך געשאָכטען אויף קידוש השם.

אין דאָרף מיירא (מערם) זענען אלע אידען געוואָרען געכאפט פּלוצלונג. די מערדער האָבען זיי געבונדען איינ־ציגווייס און זיי שטאַרק געהיט זיי זאָלען זיך נישט נעמען דאָס לעבען.

נאָר צוויי אידישע פרויען זענען געבליבען אין הויז. איי־נע האָט געהאט פיבער און די צווייטע איז געווען א קימפּעט־טאָרין. זי האָט ערשט געבוירען א יונגעל. מיט איהר איז אויך געבליבען איהר עלטסטע טאָכטער, א מיידעלע פון צעהן יאָהר.

ווי די פרויען האָבען דערזעהן וואָס דאָ איז געשעהן האָ־בען זיי מיט די לעצטע כוחות זיך אויפגעהויבען פון די בע־טען און געשאָכטען דאָס מיידעלע. דאָס ערשט געבוירענע אינגעלע האָבען זיי איינגעוויקעלט אין קישען און ארויסגע־שליידערט פון פענסטער. און דערנאָך האָבען זיי זיך ארויס־געוואָרפען.

צומאָרגענס האָבען די מערדער אוועקגעשלעפּט די אידען אין קירכע צום שמד'ען. די גרעסטע טייל האָט זיך אָבער געלאָזט הרג'ענען. רב שמריה איינער פון די אנגעזעהענסטע לייט אין קהלה האָט געגעבען א גרויסע סומע געלד דעם בי־שאָף'ס קאסיר ער זאָל ראטעווען איהם און זיין הויזגעזינד.

דער קאסיר האָט אוועקגעפיהרט רב שמריה'ן מיט זיין הויזגעזינד אין וואלד אריין און צוגענומען ביי רב שמריה'ן זיין גאנץ פערמעגענס. אויך דאָס געלד פון זיינע קינדער, וואָס האָבען געוואוינט אין שפּייער.

דערנאָך האָט ער אויסגעזאָגט די דאָרפסלייט וואו רב שמריה איז בעהאלטען. די מערדער זענען געקומען און אוועקגעשלעפּט רב שמריה'ן מיט זיין הויזגעזינד און זיי גע־וואָלט שמד'ען. האָט רב שמריה זיך געבעטען ביי זיי אָבצו־לייגען דאָס אויף מאָרגען, ווייל ער איז שטארק מיעד. נאָר

היינט אווענד זאָל איהם זיין ערלויבט צו עסען כשר און גר־צען א ניי שארף מעסער.

די דאָרפסלייט האָבען איהם גוט געקענט און דאָס צוליעב געטאָן. ביינאכט האָט ער געשאָכטען זיין ווייב מיט די זיהן און טעכטער און ער האָט זיך אליין געוואָלט קוילען. איז איהם אָבער די האנד שוין געווען אזוי אָבגעשוואכט, אז ער האָט נישט געקענט ריהרען מיט איהר.

ווען די דאָרפסלייט זענען אין דער פריה געקומען און גע־זעהן וואָס ער האָט געטאָן האָבען זיי איהם געזאָגט, אז זיי וועלען איהם מוחל זיין, אויב ער וועט זיך שמד'ען. נאָר אויב ער וועט זיך נישט שמד'ען וועלען זיי איהם בעגראָבען לע־בעדיגערהייט מיט די טויטע.

— בעגראָבט מיך! — האָט רב שמריה געזאָגט פעסט.

זיי האָבען אויסגעגראָבען א גרויס קבר און אריינגעוואָר־פען זיין ווייב און קינדער. רב שמריה איז אליין אריין אין קבר. זיין ווייב האָט ער געלייגט רעכטס און די קינדער לינקס און זיך אליין אין מיטען.

די מערדער האָבען אָנגעהויבען פערשיטען דאָס קבר און איהם ווידער געפרעגט צי ער וויל זיך שמד'ען וועלען זיי איהם לאָזען לעבען. ער האָט זיי אָבער נישט געענטפערט, האָבען זיי מיט כעס געוואָרפען די ערד און איהם בעגראָבען לעבעדיגערהייט.

אין די צוויי פינסטערע חדשים פון אכט טאָג אין אייר ביז אכט טאָג אין תמוז זענען אומגעקומען צוועלף טוי־זענט אידען אויף קידוש השם פון די אידישע קהלות ביים ריין.

צוועלף טויזענד עקדות, גרעסערע און פורכטבארערע עקדות ווי די עקדה פון יצחק אבינו אויפ'ן בארג מוריה.

דאָס איז וואָס מען האָט געוואוסט. א סך זענען אומ־געקומען אויף די וועגען און מען האָט נישט געוואוסט זייער צאָהל. א טייל וואָס האָט נישט געהאט דעם מוטה צו שטאר־בען האָבען זיך געלאָזט געצוואונגענערהייט אָב'שמד'ען. דאָס האָבען זיי געטאָן אויף דערוויילן. די בייזע צייט וועט ארי־בער וועלען זיי זיך אומקערען צום אידענטום.

אין א יאָהר ארום איז פערווירקליכט געוואָרען די האָפ־

נונג פון די דאָזיגע אנוסים. דער קייסער היינריך דער פיר־טער האָט זיך אומגעקערט פון איטאַליען. אז ער האָט דער־הערט וואָס די ווילדע מערדערשע קרייצפאָהרער האָבען גע־טאָן מיט די אידישע קהלות ביים ריין האָט דאָס איהם שטאַרק פערדראָסען. און ער האָט ארויסגעגעבען אן ערלויב־ניש אז די אלע אנוסים מעגען זיך גלייך אומקערען צו זייער גאָט און זייער פאָלק.

די ערלויבניש איז געווען א ישועה און א טרייסט פאַר די אידען אין דייטשלאַנד. און די אנוסים זענען תיכף געוואָ־רען צוריק אידען.

דער פּויבסט קלעמענס דער דריטער איז געווען שטאַרק אין כעס אויף דעם קייסער און ער האָט זיך צוקריגט מיט איהם. ער האָט געזאָגט אז דער קייסער האָט פער־שוועכט זיין גלויבען מיט א זינד וואָס קען נישט ווערען פער־געבען.

דער קייסער האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צו זיינע רייד. ער האָט נאָך געוואָלט שווער בעשטראָפען דעם מיינ־צער בישאָף ראָטהאַרד דערפאַר, וואָס ער האָט בעוויזען די אידען וואָס האָבען געזוכט שוץ ביי איהם און ער האָט זיי געלאָזט פערטיליגען. דער בישאָף האָט זיך דערשראָקען און אנטלאָפען פון מאַינץ.

---

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און פון דער גאַנצער וויל־דער באַנדע, וואָס איז בעשטאַנען פון דריי הונדערט טויזענט מאַן, וואָס האָט געוואָלט אָבנעמען ארץ ישראל פון די טער־קען, האָט זיך אומגעקערט א קליינע צאָהל, הונגעריג, באָר־וועס און נאַקעט און פול חרפה און שאַנד.

נאָכדעם ווי זיי האָבען געמאָרדעט און געראויבט די אידען פון דייטשלאַנד און בעהמען זענען זיי געקומען אין די לענדער ביים דאנאוויוס (דונייי). דאָרט האָבען זיי אויך געוואָלט מאָרדען און רויבען. די אונגאַרן און די בולגאַרען זענען זיי אָבער בעפאַלען און א סך פון זיי אויסגע׳הרג׳עט און די איבריגע פערטריבען ווי מען פערטרייבט ווילדע חיות, וואָס בעפאַלען א ישוב.

די איבערגעבליבענע זענען געגאנגען נאָך קליין אזיע און דער טערק האָט זיי אין איין שלאכט אזוי צוקלאפּט אז זיי האָבען שוין מעהר נישט געקענט אויפהויבען דעם קאָפּ. דאָס הייפעלע וואָס האָט זיך געראטעוועט און אנטלאָפען קוים מיט׳ן לעבע׳ן האָבען זיך מיט שאַנד אומגעקערט אין זייערע לענדער.

די ערשטע באַנדע קרייצפאָהרער איז צופאלען ווי פּלע־וועס אויפ׳ן ווינד. און באלד איז געגאנגען א צווייטע באַנ־דע קרייצפאָהרער אָבנעמען ירושלים פון טערק. זיי זענען געווען טאָפּעלט ווי די ערשטע און זענען געוואָרען אָנגע־פיהרט פון אדעל.

זיי האָבען שוין קיינעם נישט בערויבט אויפ׳ן וועג, נאָר אין אָרדנונג געגאנגען צו זייער ציעל. און זיי זענען אָנגעקומען אין הייליגען לאנד. א סך פון זיי זענען געפאלען אין די שלאכטען וואָס זיי האָבען געפיהרט. אָבער זעכציג טויזענט מאן קרייצפאָהרער זענען אָנגעקומען נאָך ירושלים. דאָס איז געווען אין יאָהר ד׳ תתנ״ט.

די שטאָדט איז געווען שטארק בעפעסטיגט. זיי האָבען זי אָבער איינגענומען מיט שטורם און בעזעצט די הייליגע שטאָדט. און באלד האָבען זיי געמאכט א שרעקליכע שחיטה אויף די מאכמאדאנער און אויף די אידען. פיעל אידען האָ־בען זיי אריינגעטריבען אין שוהל, אידען און קאראאימען, און אונטערגעצונדען זי מיט אלע אידען אינוויינינ.

די אדעלליים, די אָנפיהרער פון קרייצצוג האָבען זיך איינגעטיילט מיט סיריע און ארץ ישראל און געגרינדעט קליינע מלוכות און זיי האָבען דאָרט געוועלטיגט. הערצאָג גאָטפריד פון בוליאָן האָט געקראָנען ירושלים.

נאָך זיין טויט האָט געקעניגט אין ירושלים זיין ברודער באלדווין דער ערשטער. דערמיט וואָס זיי האָבען אָבער דאָס לאנד צוטיילט צווישען זיך האָבען זיי זיך געטאָן גרויס שא־דען. יעדער האָט געזאָרגט פאר זיך און זיי זענען שוין נישט געווען פעראייניגט און האָבען נישט געקענט ביישטעהן די טערקען, וואָס זענען זיי אָפט בעפאלען און אָנגעטאָן גרויסע צרות.

דריי און צוואנציג יאהר שפעטער נאך דעם ערשטען קרייצצוג און נייגצעהן יאהר נאכדעם ווי ירושלים איז געווען א קריסטליכע קעניגליכע שטאדט איז אנגעקומען די נייעס נאך אנטאכיען, וואס איז געווען די צווייטע שטאדט אין גרויס נאך ירושלים, אז דער בעריהמטער העלד אילגאזי מיט זעכציג טויזענט טערקען געהען אבנעמען ארץ ישראל פון די קריסטען. זיי שטעהען שוין נישט ווייט פון אנטאכיען.

ראגיער, דער קריסטליכער הערשער פון אנטאכיען, האט פערזאמעלט זיין ארמעע און נישט ווארטענדיג אז באלדווין פון ירושלים זאל איהם קומען צו הילף איז ער ארויס קעגען אילגאזי.

דער בישאף פעטער מיט זיינע גלחים זענען געגאנגען צווישען דער קריסטליכער ארמעע. דאס מיליטער האט אני־דער געקניהט און די גלחים האבען זיי געבענשט און בעגאסען מיט שמד וואסער.

אין דער מאכמאדאנישער ארמעע איז געשטאנען דער אימאם און געוועקט די סאלדאטען צו קעמפען ביז'ן לעצטען טראפען בלוט פאר אלא און זיין נביא מחמד. און עס האט זיך אנגעהויבען די שלאכט.

די טערקען זענען געגאנגען אויף די קריסטען פון דריי זייטען און עס האט אויסגעבראכען א מורא'דיגע מלחמה. און די קריסטען האבען געהאט א גרויסע מפלה. ראגיער און דער בישאף זענען געפאלען. די גרעסטע טייל פון דער קריסט־ליכער ארמעע איז אומגעקומען.

דאס גאנצע רויב האט אילגאזי אוועקגעגעבען צו זיינע מיליטער הויפטלייט. פאר זיך האט ער גענומען נאר ראגיער'ס קליידער און געוועהר. אילגאזי האט אויך גענומען א סך געפאנגענע. די אלטע און שוואכע האט ער געהייסען טויטען אויפ'ן ארט. די יונגע און געזונטע זענען געוואָרען אוועקגעפיהרט נאך אלעפא און פערקויפט געווארען פאר שקלאפען.

---

די זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז געווארען אוועגד. די לבנה האט געשיינט אין איהר פולען ליכט און בעלויכטען

דאָס שלאַכטפעלד. טויזענטער און טויזענטער טויטע קריסטען זענען געלעגען אויפ'ן שלאַכטפעלד אין טייכען בלוט און עס האָט אויסגעזעהן מורא'דיג.

און אַלטער מאַן מיט זיין הויזגעזינד איז געגאַנגען אויף דעם בלוטיגען פעלד און ווי ער וואָלט אַנגעקוואָלען פון דעם מורא'דיגען בילד, האָט ער געזאָגט:

— כן יאבדו, אַזוי זאָלען אומקומען, גאָט, דיינע אַלע שונאים!

— טאַטע! דו זינדיגסט מיט דיינע רייד — האָט געזאָגט זיין זעכצען־יעהריגע מיידעל — די אומגליקליכע גלויבען טאַקי נישט אין אונזער גלויבען, זיי גלויבען דאָך אָבער אין גאָט ווי מיר.

— ניין, זיי גלויבען נישט און געהן נישט אין גאָט'ס וועגען — האָט דער אַלטער איהר דערקלערט, — ווען דו, מיין טאָכטער, וואָלסט געוואוסט, וואָס די דאָזיגע לייט האָבען געטאָן מיט אונזערע ברידער אין אייראָפּא, וואָלסטו זיך נישט אָנגענומען פאַר זיי!

דער אַלטער האָט גענומען זיין פאַמיליע און געוואָלט אוועקגעהן. דאָס מיידעל האָט זיך אָבער אָבגעשטעלט פּלוצלינג און געזאָגט:

— שאַ! עפּיס הער איך! עמיצער זיפצט.

— מסתמא אַ פערוואונדעטער וואָס איז אויסגעגאַנגען — האָט דער אַלטער געזאָגט און געוואָלט אוועקגעהן.

דאָ האָט זיך נאָכאַמאָל דערהערט אַ זיפץ.

— טאַטע! האָסט געהערט? — האָט דאָס מיידעל אַ זאָג געטאָן און געלאָפען נאָכ'ן אָפּקלאַנג פון זיפץ.

זי האָט דערזעהן ליגען אַ יונגען מאַן אין אַ טייך בלוט. ער קרעכצט שווער, ווייל אַלץ אויפהויבען דעם קאָפּ און מיט די לעצטע כחות פון אַ שטאַרבענדען בעט ער:

— אוי... וואַסער... וואַ...סער.... אין נאַ...מען... פון דער...בארמ...דיגען... גאָט... וואַ...סער...

דער אַלטער האָט גערופען דאָס מיידעל. זי האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צו איהם. איז געלאָפען צום נאָהענטען געצעלט און באַלד געבראַכט אַ לאָגעל וואַסער. זי האָט עס צוגעטראָגען דעם פערוואונדעטען און איהם אָנגעטרונקען.

— זאָל... דיר... גאָט... בעצאָהלען...—האָט דער פערוואונ־דעטער געזאָגט און געקושט איהר האַנד

— אוי, טאַטע ! — האָט דאָס מיידעל געזאָגט דער־פרייט — איך האָב געראַטעוועט א מענש ! לאָמיר איהם נע־מען אהיים.

— רעדסט נאַרישקייטען ! וואו האָבען מיר אין אונזער ענגער שטוב פּלאַץ פאַר איהם ? — האָט דער אַלטער אויף איהר אָנגעשרגגען

— איך וועל איהם געבען מיין בעט. איך וועל שלאָפען אויף דער ערד.

— אז ער וועט שטאַרבען ביי אונז וועלען די קריסטען מאַכען א בלבול אויף אונז אז מיר האָבען איהם געטויט. מיר האָבען שוין גענוג געליטען פון אזעלכע בלבולים.

— אז ער וועט אָבער געזונד ווערען וועלען מיר האָבען געראַטעוועט א נפש פון טויט. און אז ער וועט זיך אומקע־רען אין זיין לאַנד וועט ער דערצעהלען דאָס גוטס וואָס אידען האָבען איהם געטאָן און ער וועט ווערען א פריינד פון אונ־זערע ברידער. טאַטע ! דאָס וועט זיין א קידוש השם !

— ביזט א וואוילע און א קלוגע טאָכטער — האָט דער אַלטער געזאָגט און זי געקושט — ביזט גערעכט.

דער אַלטער, זיין פרוי, דאָס מיידעל און די צוויי אינג־לעך, איינער צעהן יאָהר אלט און דער צווייטער — זיבען, זענען צוגעגאַנגען צום פערוואונדעטען, איהם אויפגעהויבען און געטראָגען צו זיך אהיים.

דער אַלטער און זיין טאָכטער זענען ארומגעגאַנגען ארום און פערבונדען זיינע וואונדען. דער פערוואונדעטער האָט אבער געקראָגען שטאַרקען פיבער און צ־ויי טעג איז ער געלע־גען אין דער גרעסטער היץ. ער האָט געברענט ווי א פייער.

דער אַלטער און זיין טאָכטער זענין ארומגעגאַנגען ארום איהם מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט און אויפ'ן דרי־טען טאָג אינדערפריה איז איהם געוואָרען אביסעל לייכטער.

עס איז געווען שבת. האָט דער אַלטער זיך אָבגערוהט און איידער ער איז געגאַנגען דאווענען איז ער אריינגעגאַנגען זעהן דעם קראַנקען. ער האָט מיט גרויס שמחה אָנגעזאָגט זיין

טאָכטער די גוטע בשורה אז דעם קראַנקען איז בעסער און ער וועט ווערען געזונד.

---

נאָכ'ן דאַוונען איז דער פאטער מיט די צוויי אינגלעך גע־קומען פון שוהל. ער האָט געזאָגט פרעהליך גוט־שבת און אויסגעטאָן דעם טלית און געמאַכט קידוש. דערנאָך האָבען זיי זיך געוואַשען און געזעצט עסען.

נאָכ'ן בענטשען האָט דער פאטער געפרעגט די אינגלעך וואס זיי האָבען געלערנט אין חדר. די אינגלעך זיינען אויפ־געשפרונגען אויף אמאָל און מיט געשרייען געוואָלט זאָגען. האָט דער פאטער זיי איינגעשטילט:

—פערגעסט נישט, דער קראַנקער שלאָפט. רעדט שטיל, איהר זאָלט איהם נישט אויפוועקען.

און ער האָט זיי גענומען פערהערען. דער עלטערער האָט געהאט די וואָך געלערנט דריי קאַפּיטלען ישעיה און צוויי בלאַט גמרא. דער יונגערער האָט אָבגעלערנט פינף פרשות חומש.

ער האָט זיי פערהערט און דער קלענערער האָט גאָר גוט געקענט האָט ער, פאַר שמחה, וואס דער פאטער לויבט איהם אָנגעהויבען טאַנצען.

—זיי שטיל, וועסט דאָך אויפוועקען דעם קראַנקען! — האָט דער פאטער איהם ווידער דערמאַנט.

ער האָט אבער שוין געהאט אויפגעוועקט דעם קראַנקען. איז דער פאָטער אריין צו איהם און אָנגעפרעגט ווי ער פיהלט. דער קראַנקער האָט איהם אָנגענומען פאַר דער האַנד און געפרעגט:

—וואו בין איך? ווי הייסט די שטאָדט?

—חלבון (אלעפּא).

—ווי הייסט דער טייערער מענש וואס האָט מיך אריינגע־נומען און געראַטעוועט פון טויט?

—אליקום, איך בין דער היגער רב.

—דער רב?! -- האָט דער קראַנקער זיך געוואונדערט דערפרעהט — איך בין ביי אידען? ווי וואונדערליך זענען די וועגען פון גאָט! געלויבט זאָל זיין דער גאָט פון מיינע עלטערן וואס ער האָט מיך געבראַכט אהער.

—ביזט א איד?

—איך בין געבוירען א איד.

—ווי קומסטו אין דער קריסטליכער ארמעע?

—ס'איז א סך צו דערצעהלען — האָט דער קראַנקער געזאָגט און געוואָרען שרעקליך בלאַס און געפאלען אין חלשות.

—גיכער! וויין! עסיג! — האָט דער רב געשריען.

דאס מיידעל האָט געבראַכט א פלאַש וויין און א גלאָז שטאַרקען עסיג. דער רב האָט אריינגעגאָסען דעם קראַנקען אין מויל און אין נאָז וויין און איינגעריבען זיינע שלייפען און די ברוסט מיט די הענד מיט עסיג. דער קראַנקער האָט געעפענט די אויגען, אָנגענומען דעם רב'ס האנד און געזאָגט:

—איך בעט אייך, הערר רב! אויב עס איז גאָט'ס ווילען איך זאָל שטאַרבען זאָלט איהר מיר טאָן מיין רעכט ווי א איד. ברענגט מיך צו קבר ישראל. איך בין געבוירען א איד. מיט געוואלט בין איך געוואָרען א קריסט. טוט מיר דאָס גענאָד, עס וועט נאָך זיין גרעסער ווי דאס וואס איהר האָט געטאָן מיט מיר ביז איצט.

— קענסט זיך פערלאָזען אויף מיר! איך וועל דיך נישט אָבנארען — האָט דער רב געזאָגט געריהרט — נאָר פאָלג מיך, ליג רוהיג א פאָר שעה. ביזט שטאַרק אויפגערעגט. טאָרסט נישט רעדען.

דער קראַנקער האָט איהם געפאָלגט און איז איינגעשלאָפען. אלע זיינען ארוים, זיי זאָלען איהם נישט שטערן.

---

אוועגד, די לבנה האָט אריינגעשיינט און בעלויכטען דעם קראַנקען. ער האָט זיך אויפגעכאַפט און דערזעהן דעם רב'ס מיידעל, זיין רעטערין, זיצט קעגען איבער און וואַכט איבער איהם.

זי האָט זיך גלייך אויפגעהויבען, צוגעגאַנגען צו איהם און הארציג געפרעגט:

—איהר ווילט עפעס?

—איך דאַנק אייך, טייער מיידעל — האָט ער געזאָגט — איך וויל גאָרנישט. מיר איז גאַנץ גוט. נאָר וואס זיצט איהר אליין. וואו זיינען אלע?

—דער טאַטע מיט די ברידערלעך זיינען געגאַנגען אין

שוהל אריין דאַווענען מעריב און די מאַמע איז געגאַנגען צו איהר קראַנקער פריינדין. בין איך געבליבען אכטונג געבען אויף אייך.

—זאָל איך, הארציג קינד, גאָט בעצאָהלען פאַר אייער גוטסקייט. מיך פערדריסט אבער וואס צוליעב מיר מוזט איהר זיצען אין שטוב און געהט נישט שפּאַצירען אביסעל.

— שפּאַצירען איז אַ פערגעניגען נאָר פאַר'ן גוף. טאָן גוטס איז אַ פערגעניגען פאַר דער נשמה.

—האַלטען אַלע אידישע טעכטער אזוי ?

—יא. דאס האָבען מיר געלערנט פון אונזערע עלטערן. אזוי לערנט אונז די תורה. מיר אידען ליידען גענוג צרות און מיר ווייסען ווי מען דאַרף זיך דערבאַרמען אויף מענשען.

—איהר וועט נישט זיין בייז וואס איך פרעג אייך, ווי הייסט איהר ?

—וואס זאָל איך זיין בייז — האָט זי געשמייכעלט אומ־שולדיג — איך הייס שרה.

— שרה — האָט דער קראַנקער איבערגעזאָגט און געוואָרען בלאַס.

—דער נאָמען דערמאַנט אייך אַ טרויעריגע עראינערונג, זעה איך — האָט שרה געזאָגט.

—יא. אוי, ס'איז אזוי. אַלס קינד האָב איך געהאַט אַ טייערע חבר'טע. איך האָב זי ליעב געהאַט ווי אַ שוועסטער. זי האָט געהייסען שרה. אַ וואויל, ליעב קינד. איך האָב זיך אבער געצעהלטע טעג געפרעהט מיט איהר. איך האָב זי פער־לוירען אין אַ שרעקליך אומגליק.

שרה האָט געזיפצט און געזאָגט :

—מיין נאָמען איז טאַקי נאָך אַ שרעקליכען אומגליק.

אין דעם האָט זיך דערהערט אַ טומעל פון פרעהליכע שטיפערישע אינגלעך.

—זיי קומען ! — האָט שרה געזאָגט — איך געה ארויס אויף אַ רגע זאָגען גוט וואָך דעם טאַטע און ער וועט מיך בענטשען, קום איך באַלד צוריק.

די טיהר האָט זיך געעפענט מיט שטורם און די אינגלעך זיינען פרעהליכע אריינגעשפרונגען.

—זייט שטיל! — האָט דער רב זיך געבייזערט — א קראַנקער איז דאָך דאָ אין הויז!

—וועלען מיר שוין נישט קענען זינגען זמירות? — האָט דער קליינער יוסף געזאָגט טרויעריג.

— גאָט וויל בעסער מען זאָל טאָן גוטס איידער זינגען — האָט דער רב איהם דערקלערט.

—גוט וואָך, טאַטע! — האָט שרה געזאָגט און געקושט זיין האַנד.

—גוט וואָך, גוט יאָהר, ליעבע טאָכטער! — האָט דער רב געענטפערט און ארויפגעלייגט די הענד אויף איהר קאָפּ און געזאָגט "יברכך" און זי געקושט אין שטערן און גלייך געפרעגט:

—וואס מאַכט דער קראַנקער?

—ער איז אויף און פיהלט גוט.

—געלויבט השם יתברך — האָט דער רב געזאָגט דער־פרעהט.

דער רב האָט געמאַכט הבדלה און אריין צום קראַנקען. דער חולה האָט זיך אויפגעזעצט.

—ווי פיהלסטו, יונגער פריינד?

— ס'איז מיר א סך בעסער, טייערער מאַן. איך פיהל ווי שוין אויפצושטעהן. איך וואָלט שוין געקענט געהן איבער'ן שטוב.

דער רב האָט איהם בעטראַכט און געזאָגט מיט פרייד:

—איך גלויב אזוי. אויב דו ווילסט אראָפּגעהן פון בעט, וועל איך דיר געבען מיין שלאָפראָק און ועסט מיט מיר אריינגעהן אין אנדערן צימער.

דער רב האָט איהם געהאָלפען אויפשטעהן, איינגעהילט אין שלאָפראָק און איהם אריינגעפיהרט אין צווייטען צימער. ער האָט איהם אוועקגעזעצט אויפ'ן פאטערשוהל אויבענאָן. אַלע האָבען זיך ארומגעזעצט און איהם בעטראַכט שטיל. דאָס יונגסטע אינגעלע האָט זיך נישט איינגעהאַלטען און גע־זאָגט:

—טאַטע, יעצט ווען דער גאַסט זיצט מיט אונז קענען מיר דאָך זינגען זמירות.

—כ'האָב מורא עס וועט איהם שאַדען.

—ניין, ניין, הערר רב! ווי גערן איך וויל לעבען וויל איך הערען אידיש געזאנג. שוין דריי און צוואנציג יאָהר ווי איך האָב נישט געהאט דאס דאָזיגע פערגעניגען — האָט דער קראַנקער געזאָגט מיט בענקשאַפט.

—אויב דו ווילסט — גוט. קינדער, געזונגען!

די אינגלעך האָבען אָנגעהויבען. דער רב, די רביצין און שרה האָבען אויך מיטגעזונגען און זיי האָבען געזונגען די זמירות "מוצאי שבת".

זיי האָבען געזונגען אזוי שעהן אז דעם קראַנקען האָבען זיך געשטעלט טרערען אין די אויגען. ער האָט נישט פערשטאַנען די ווערטער אבער דער נגון איז איהם אריין טיעף אין הארצען. זיי האָבען געזונגען און איהם האָבען זיך געגאָסען די טרערען.

אז זיי האָבען געהאט אָבגעזונגען האָט דער קראַנקער גע־זאָגט שטארק אויפגערעגט:

—גאָט זאָל אייך בענטשען פאר דעם גרויסען פערגעני־גען, וואָס איהר האָט מיר אָנגעטאָן. איהר האָט מיך דער־מאנט אין מיינע קינדער יאָהרען, ווען איך האָב געהערט מיין טאטע־מאמע זינגען זמירות שבת און יום טוב. די לעצטע נאכט ווען מיר זיינען געזעסען אין אונזער הויז, די ערשטע סדר נאכט האָבען מיר אַלע צוזאַמען געזונגען א הייליגען וואונדערליכען שיר. איך האָב איהם שוין פערגעסען. איך בין דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָהר. דריי און צוואנציג יאָהר זענען אריבער. אָבער די מעלאָדיע געדענק איך נאָך. עס הויבט זיך אָן טרויעריג און ענדיגט זיך מיט טרייסט און האָפנונג. איך געדענק אויך אז דעם שיר האָט געמאכט א שפּאַנישער איד ווענען מיין פאטער האָט געהאלטען פאר א געטליכען מאַן. זיין נאמען איז אין אָנהויב פון די פערזען. איך האָב אבער פערגעסען דעם שיר און זיין נאמען.

—קינדער! — האָט דער רב געזאָגט דערשראָקען — לאָמיר זינגען דעם שיר פון מיין פאטער'ס יוגענד חבר. מיר זינגען דאָך איהם צום סדר. היינט איז ביי אונז יום טוב, מיר האָבען געוואָהר געוואָרען אז אונזער גאַסט איז א איד...

אַלע האָבען זיך אויפגעשטעלט און דער קליינער יוסף

האָט אָנגעהויבען מיט זיין דין אנגענעהם קול צו זינגען רב שלמה בן גבירול׳ס שיר "הגאולה".

דער קראנקער האָט זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דעם זינגענדיגען אינגעלע און מען האָט אויף זיין פנים דער־קענט ווי שטארק עס שטורמט אין זיין הארץ. מיט א מאָדנע דורשט פון פרייד האָט ער געשלונגען די מעלאָדיע און די ווערטער און צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. ער האָט אויסגעזעהן ווי א מאן וואָס האָט זיך נאָך א סך פיין און לייד ענדליך אומגעקערט אהיים צו זיין משפחה.

דער רב האָט נישט אראָפּגענומען די אויגען פון קראנקען און געהיט זיינע בעוועגונגען און אויף זיין פנים איז קענטיג געווען א געוואלדיגע אויפרעגונג. ווי יוסף האָט געענדיגט דעם ערשטען פערז האָבען אלע הויך צוגעזונגען דעם לעצטען פערז.

און דאָ איז געשעהן א וואונדער. דער קראנקער האָט מיטגעזונגען און מיט דער האנד צוגעקלאפּט אָן טיש. זיין בלאס פנים האָט אויפגעלויכטען און ער האָט פלוצלונג אויס־געשריען לוסטיג:

—אוי, איך האָב מיך דערמאנט! איך געדענק! מיין שיר! מיין שיר!

און ער האָט אָנגעהויבען זאָגען די ווערטער. ער האָט אבער פערפעהלט א שורה און דער קליינער יוסף האָט פער־ריכט זיין גרייז און געזאָגט:

—איהר האָט פערפעהלט א שורה!

איצט האָבען נאָר געזונגען דער קליינער יוסף און דער קראנקער. די איבריגע האָבען זיך שטארק דערשראָקען. דער רב איז געוואָרען שרעקליך בלאַס. די אויגען זענען איהם עפּים ווי ארויסגעקראָכען און ער האָט אָנגעהויבען שטארק ציטע׳ן. אָט האָט ער אויסגעשטרעקט די הענד צום קראנקען און זי׳ נלייך מיט שרעק צוריקגענומען. פלוצלונג האָט ער זיך אויפגעהויבען און וואקלענדיג ארויס אין צווייטען צימער.

— אוי, וועה! מיין מאן! טאטע! טאטע! — האָבען אלע געשריגען דערשראָקען און איהם נאָכגעלאָפען.

— ס׳איז גאָר נישט, טייערע, ס׳איז גאָר נישט — האָט ער זיי בערוהיגט — לאָזט מיך עטליכע מינוט אליין.

עס איז געוואָרען מורא'דיג שטיל. די מוטער און די קינ־דער זענען געשטאַנען טרויעריג, דערשראָקען און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. דער קראַנקער איז געוואָרען אוּ־מעטיג. ער האָט פערשטאַנען אז דאָס איז געשעהן איבער איהם. ער האָט פערשטערט די שמחה. ער האָט אָבער נישט געוואוסט פאַרוואָס.

באַלד איז דער רב צוריק אריינגעקומען. ער האָט זיך בע־מיהט צו האַלטען רוהיג. מען האָט אָבער דערקענט אז ער איז שטאַרק אויפגערעגט און באַלד וועט ער זיך צוואוויינען.

— זייט מיר מוחל, טייערע — האָט דער קראַנקער זיך פערענטפערט — איך האָב אריינגעטראָגען דעם אומעט, איך וויים אייגענטליך נישט מיט וואָס.

— מיין טייערער, ליבער גאַסט, אומזיסט דיין מורא — האָט דער רב איהם בערוהיגט — ווייסטו דען נישט אז א מענש וויינט פאַר פרייד?

דער רב האָט זיך געזעצט ביים טיש און אָנגעהויבען שמועסען. ער האָט אַלץ געוואָלט ווייזען א פרעהליכע מינע און נישט אראָפּנעמען די אויגען פון קראַנקען. מען האָט דערקענט אז ער איז איצט זיכער אין א זאַך וואָס ער האָט פריהער נאָך געצווייפעלט.

און באַלד האָט דער רב געהייסען אַלעמען זיך לייגען שלאָפען.

אין צוויי וואָכען ארום איז דער גאַסט געוואָרען פולשטענ־דיג געזונד. ער איז אָבער געוואָרען זעהר אומעטיג, וויסענדיג אז באַלד וועט ער דאַרפען פערלאָזען דאָס הויז, וואָס ער האָט באקומען אזוי ליעב.

עס איז איהם קיינמאָל נישט געווען אזוי גוט ווי דאָ. אַלע האָבען איהם שטאַרק ליעב געהאַט און אָבגעהיט ווי די אויגען אין קאָפּ. די פּאָר וואָכען פון זיין קראַנקהייט זענען געווען די בעסטע אין זיין לעבען. און דערפאַר איז ער געווען אזוי אומעטיג וואָס ער וועט זיי מוזען פערלאָזען.

דער רב האָט פערשטאַנען זיין אומעט און איינמאָל ווען זיי זענען געווען אַליין אין הויז האָט דער רב איהם געפרעגט וואָס ער איז אזוי אומעטיג?

דער גאַסט האָט געעפענט זיין הארץ פאַר איהם און דער־

צעהלט אז איצט ווען ער איז געזונד, קען ער דאָך דאָ נישט בלייבען מעהר. ער האָט נישט וואו צו געהן. צו די קריסטען וויל ער זיך נישט אומקערען און צווישען אידען איז ער פרעמד.

— זאָרג נישט, מיין ליעבער, איך בין דיין בעשיצער — האָט דער רב איהם בערוהיגט — וויפיעל הנאה דו האָסט פון מיין הויז, האָב איך נאָכמעהר נחת פון דיר, וואָס איך קען דיר טאָן גוטס.

— איהר זענט אַ טייערער הארציגער מאַן — האָט דער גאַסט אויסגערופען געריהרט — אייער גוטסקייט האָט נישט קיין גרעניץ. איהר זענט אין מיינע אויגען מיין צווייטער פאָטער אנשטאט דעם ערשטען וואָס איך האָב פערלוירען אין מיין קינדהייט.

— לאָמיך זיין ווי דיין... ערשטער פאָטער... ווייל... איך... בין... דיין... טאַטע !... — האָט דער רב אויסגעשריגען און איהם ארומגעכאַפּט, געדריקט צום הארצען און הייס גע־קושט.

דער גאַסט האָט ברייט געעפענט די אויגען און שטארק זיך איינגעקוקט אין אַלטען מאַן, געקוקט אין זיינע אויגען און פּלוצלינג האָבען זיינע קינדער יאָהרען אויפגעשיינט פאר א [illegible]ם. יאָ ! ער דערקענט איהם. עס איז דער טאַטע ! ער האָט אויסגעבראָכען אין אַ גרוים געוויין, אַרויפגעפאַלען אויפ׳ן פאָטער׳ס האַלז און בעדעקט מיט הייסע קושען.

דער יונגער פערוואונדעטער קריסט איז געווען דער קליי־נער יוסף, רב אליקום דעם ווערמייזער רב׳ס אוועקגערויבטע פינף יעהריג יונגעל.

---

נאָך דער ערשטער פרייד וואָס דער געפונענער פאָטער מיט׳ן געפונענעם זוהן האָבען געהאט האָט דער פאָטער גע־זאָגט מיט אַ הארציגען שמייכעל :

— מיין זוהן, דעם אַלטען טאַטענס אויגען האָבען בעסער געזעהן ווי דעם יונגען זוהנ׳ס. איך האָב דיך באַלד דערקענט יענעם שבת־צו־נאַכטס ווען דו האָסט דערצעהלט וועגען דעם שיר וואָס דיין פאָטער פלעגט זינגען צו דער ערשטער סדר נאַכט. איך האָב געוואָלט גלייך פאַלען אויף דיין האַלז און

שרייען: קינד מיינס! זוהן מיינער! איך האָב אָבער מורא געהאַט די פּלוצלינדיגע דערקענונג זאָל דיר נישט שאַדען, דו ביזט דאָך געוועזן שטאַרק קראַנק. האָב איך זיך איינגע־האַלטען. עס האָט מיך אָבער שטאַרק געדריקט, בין איך אריין אין צווייטען צימער אַראָפּוויינען. איך האָב דיך גלייך דער־קענט, אַז דו ביזט מיין פערלוירען קינד, וואָס איך האָב גע־טרויערט נאָך דיר די גאַנצע צייט. און דו האָסט מיך נישט דערקענט ביז איצט. ווי גרויס איז דער חסד פון גאָט. איך האָב מיך שוין נישט געריכט צו זעהן דיך, מיין זוהן יוסף. און גאָט האָט מיר געהאָלפען און דיך אומגעקערט צו מיר אויף דער עלטער. און איך האָב דיך דערלעבט צו זעהן מיט מיינע אויגען! איצט, מיין טייער קינד, דערצעהל מיר וואו ביזט דו געווען אַלע די יאָהרען ... דערגאנגען די דריי און צוואַנציג יאָהר.

און ער האָט אָנגעהויבען דערצעהלען:

— יענעם שרעקליכען טאָג ווען די אידען אין ווערמייזא האָבען זיך גענומען דאָס לעבען...

— דאָס געדענק איך — האָט איהם דער פאָטער צי־טערנדיג אָבגעשטעלט — ווען איך בין געפאַלען אין חלשות ביזטו ארויסגעשפּרונגען פון פענסטער און א קרייצפאָהרער האָט דיך דערכאַפּט און א ווערמייזער גוי האָט דיך צוגענו־מען און אָבגע'שמד'ט. צו־מאָרגענס האָסטו מיך געוואָלט זעהן און זיך געוואָלט אריינרייסען אין מיין צימער. די שרעקליכע מענשען האָבען דיך אָבער אוועקגעשלעפּט מיט געוואַלט — דאָס אַלץ ווייס איך. דערצעהל פון ווייטער.

— אויף'ן בישאָף'ס בעפעהל — האָט ער ווייטער דער־צעהלט — האָבען זיי מיך צומאָרגענס אריינגעגעבען אין מאָנאַכען מאָנאַסטיר און מיט געוואָלט מיך דערצויגען אַלס קאַטאָליק. מיט די שטרענגסטע מיטלען האָבען זיי אויסגע־וואָרצעלט אידישקייט פון מיר. אין מאָנאַסטיר איז געווען א שולע פאַר קינדער. האָב איך דאָרט געלערנט. אין אָנפאַנג איז מיר געווען זעהר שווער צוצוגעוועהנען זיך צו דעם נייען לעבען. אַלע מיינע חברים האָבען געשפּעט פון מיר און מיך געפּייניגט וואָס איך האָב ליעב אידישקייט. א סך מאָל האָב איך פּרובירט צו אַנטלויפען, זיי האָבען מיך אָבער

תמיד געכאפט און שווער בעשטראפט. ביז איך האב זיך אונטערגעגעבען.

איך האב אנגעשטעלט אז איך בין טריי מיין נייען גלויבען, זיי זאלען האבען צוטרויען צו מיר און איך זאל קענען שפעטער אנטלויפען. דערוויל האב איך זיך שטארק אויסגעצייכענט אין לערנען. איך בין געוועזן דער בעסטע שילער און מיינע לעהרער האבען מיך שטארק געליובט. דארט בין איך געוועזן ביז כ'בין געווארען צוואנציג יאהר.

דעמאלט איז מיין נייער פאטער געקומען צו מיר און מיך געוואלט צוריקנעמען צו זיך און מיך חתונה מאכען. איך האב זיך אבער אבגעזאגט. געגוג שווער איז מיר געוועזן צו טראגען די מאסקע פון דער פרעמדער רעליגיע, האב איך נאך געזאלט חתונה האבען און ברענגען א דור גוים אויף דער וועלט?

איך האב דאך אלץ נישט געוואלט אויפגעבען די האפנונג ארויסצורייסען זיך פון די גוים. און איך האב אנגעגעבען א תירוץ, צו קענען זיך ארויסדרעהען, אז איך וויל נישט חתונה האבען, איך וויל ווערען א מאנאך.

בין איך פערבליבען אין מאנאסטיר און ווייטער געלערנט ביז איך בין געווארען א מאנאך. פאר־א־יאהרען איז אנגעקומען די ידיעה אז דער עגיפטישער סולטאן געהט אפנעמען דאס הייליגע לאנד פון די קריסטען און אז ער האט שוין געדונגען די טערקען צו געהן אין קריעג, האבען זיך אנגעהויבען ביי אונז נייע הכנות פאר א קרייצצוג.

דאס איז פאר מיר געוועזן א צייכען פון הימעל אז איך וועל איצט זיך קענען ארויסרייסען פון די גוים. און איך האב געבעטען דעם עלטסטען פון מאנאסטיר, ער זאל מיר ערלויבען אריינצוטרעטען אין דער ארמעע פון די קרייצפאהרער.

אין אנהויב האט ער מיר אפגעזאגט. נאר אז איך האב איהם שטארק געבעטען האט ער מיר ערלויבט. ער האט אבער אנגעזאגט די אנדערע מאנאכען זיי זאלען מיך שטארק היטען. ווי איבערגעגעבען איך בין געוועזן פאר זייערע אויגען צום קריסטענטום, האבען זיי מיר אבער אלץ נישט געטרויט אז איך וועל נישט אנטלויפען.

די גרעסטע פרייד האָב איך געהאַט ווען איך בין ארויס פון מאָנאַסטיר, די תפיסה וואָס האָט אויפגעפרעסען מיינע קינדער־יאָהרען. ווי א געפאַנגענער וואָס געהט ארויס פריי האָב איך זיך דערפיהלט. מיין געפאַנגענשאַפט האָט אָבער אַלץ נישט אויפגעהערט. מיינע חברים די מאָנאַכען האָבען מיך נישט אָבגעלאָזט פון אויג. זיי האָבען געהיט מיינע טריט.

איך האָב נאָר געהאַט איין האָפנונג: די מאַכמאַדאַנער וועלען זיעגען און איך וועל פאַלען אין שלאַכט אָדער ווערען געפאַנגען. ביידע וואָלטען מיך אויסגעלעזט פון מיינע פיין. איך וואָלט בעפרייט געוואָרען פון די קריסטען.

אָבער דער גאָט פון מיינע עלטערן איז מיר בייגעשטאַנען און מיר געטאָן אַזאַ גרויס חסד וואָס איך האָב גאָר נישט גע׳חלום׳ט דערפון. גאָט האָט מיך געבראַכט צו דיר, טאַטע, קרוין פון מיין קאָפּ. אין דער שלאַכט בין איך געוואָרען פער־וואונדעט און דאָס איבעריגע ווייסטו דאָך בעסער פאר מיר. איך ווייס דאָך נאָך נישט ווי אזוי דו ביזט מיר געקומען צו הילף!

— מיין טייער קינד! מיין טרייסט און מיין שטאָלץ אויף מיין עלטער! — האָט דער פאָטער אויסגערופען און געוויינט פאר שמחה — איך האָב זיך דאָך שוין נישט גע־ריכט דיך צו זעהן! ווער האָט געקענט האָפען אז איך וועל נאָך דערלעבען דיך צו זעהן? איצט וועל איך דיר דערצעה־לען וואָס איך האָב איבערגעלעבט:

— נאָך די צוויי שעה וואָס מיר האָבען אויסגעבעטען ביי די מערדערישע קרייצפאָהרער, האָבען די מערדער זיך אריינגעריסען אין אונזער צימער צו הערען וואָס מיר האָבען בעשלאָסען. אז זיי האָבען געפונען אלע געשאָכטענע האָט זיי גאָרנישט געאַרט. דאָס שוידערליכע בילד האָט זיי נישט געריהרט. זיי זענען נאָך געווען צופרידען מיט אונזער בראָך און געשפעט פון די קדושים.

ווי זיי האָבען דערזעהן אז איך אטעם נאָך האָבען זיי מיך געוואָלט טויטען. דער בישאָף האָט מיך אָבער געראַטע־וועט. ער האָט זיי צוגעזאָגט, אז איהם וועט געלינגען מיך איבערערעדען צו שמד.

דער בישאָף האָט מיך אריינגענומען צו זיך. און אין דער צייט ווען די ווילדע מערדער האָבען געוואָרפען די קערפּערס פון אונזערע קדושים פאר די הינט, האָט מען מיך אוועק־געלייגט אין א ווייך בעט און איך בין געלעגען א צומישטער און נישט געוואוסט וואָס מיט מיר טוט זיך.

פארנאכט בין איך געקומען צו זיך און דאָס ערשטע וואָרט וואָס איך האָב ארויסגערעדט איז געווען דיין נאָמען. איך האָב געשריגען: יוסף! יוסף! האָבען די פיינד מיר געזאָגט, אז דו ביזט טויט. ביזט גע'הרג'עט געוואָרען ווען דו האָסט דיך ארויסגעוואָרפען פון פענסטער.

איך האָב אָנגעהויבען שרייען אזוי ביטער אז איך בין שיער אראָפּ פון זינען. ווען איך בין נאָר געווען ביי מיינע קלאָרע געדאנקען האָט דער בישאָף געהאלטען אין איין איינרעדען מיר, איך זאָל זיך שמד'ען. זיינע רייד זענען אָבער געווען אומזיסט. אזוי בין איך געלעגען א גאנצען טאָג, פער'חלש'ט און צומישט.

אין א רגע וואָס מיר איז געוואָרען גרינגער האָב איך דערהערט ווי דער בישאָף סוד'עט זיך מיט'ן דאָקטאָר און זיי שפּארען זיך צי זיי זאָלען צולאָזען דאָס קינד צו מיר אָדער נישט. דער דאָקטאָר האָט גע'טענה'ט אז מען מוז דיך צולאָזען צו מיר, איך וועל דיך זעהן וועל איך ווערען געזונד.

דער בישאָף האָט אָבער געזאָגט, אז ער האָט מורא איך וועל דיך דערשטיקען אָדער דיך אנרעדען זאָלסט בלייבען פעסט ביי אידישקייט. און פּלוצלינג האָב איך דערהערט דיין שטימע הינטער דער טיר. בין איך געווען זיכער אז דו לעבסט. און דאָס האָט מיך בערוהיגט און דערוועקט אין מיר א שטארקען ווילען צו לעבען. איינגיכען בין איך געוואָרען געזונד.

דערווייל זענען די מערדער אוועק פון ווערמייזא און איך בין ארויס פון בישאָף'ס פּאלאץ. איך בין אויך גלייך אוועק פון שטאָדט, וואו איך בין געבליבען דער איינציגער איד. איך האָב זיך געפיהלט ווי א פּאסטוך וואָס וועלף האָבען פער־צוקט זיין גאנצע סטאדע. און איך האָב בעשלאָסען צו פער־לאָזען די קריסטליכע לענדער און זיך בעזעצען אין א לאנד אונטער דער מאכמעדאנישער חערשאפט.

נאָך שפּאַניען האָב איך נישט געוואָלט פאָהרען, ווייל אויף די דאָרטיגע קליינע הערשער קען מען זיך נישט פער־לאָזען, בין איך אוועק אין אָריענט. איך האָב זיך אַ סך אָנ־געליטען, געוואַנדערט איבער פיעל שטעדט ביז איך בין אָנ־געקומען אַהער.

אין אָנפאַנג האָב איך מיך דאָ מפרנס געווען פון מלמדות. איך האָב געלערנט מיט יונגלעך. איך בין אָבער דערנאָך בעקאַנט געוואָרען אין דער קהלה און אז דער אַלטער רב איז געשטאָרבען האָבען זיי מיך אויסגעקליבען פאר רב.

גאָט האָט מיר בעשערט אַ גוטע און עהרליכע פרוי, וואָס איך האָב געפונען ביי איהר טרייסט נאָך דיין הייליגע מאַמע, זי זאָל האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן. גאָט האָט אונז געבענטשט מיט דריי קינדער. אַ טייערע ליעבע טאָכטער און צוויי גוטע פעהיגע יונגלעך. זיי דערפרעהען מיין הארץ אויף דער עלטער.

מיין טאָכטער האָב איך געגעבען אַ נאָמען שרה נאָך דעם הייליגען מיידעלע, וואָס איך האָב אריינגענומען אין מיין הויז און שפּעטער מיט מיינע אייגענע הענד זי געקוילעט פאר אַ קרבן פאר גאָט אין יענעם שרעקליכען טאָג. און מיין יונגסטען זוהן האָב איך אַ נאָמען געגעבען יוסף נאָך דיר, איך זאָל דיך דורך איהם געדענקען תמיד.

מיט עטליכע וואָכען צוריק בין איך מיט מיין הויזגעזינד אַוועקגעפאָהרען צום שלאַכטפעלד און געפיהרט אהין האָט מיך אַ בייזע מחשבה: צו זעהן די מפלה פון די מענשען וואָס האָבען אונז אַזוי פיעל שלעכטס געטאָן אין זייער גרויזאַמען צאָרן. גאָט האָט מיך אָבער אהין געפיהרט צום גוטען.

ווי מיר זענען געגאַנגען צווישען די גע'הרג'עטע האָט דיין שוועסטער דערהערט אַ פערוואונדעטען קרעכצען. איך בין געווען הארטהאַרציג און געוואָלט אוועקגעהן נישט זעהענדיג ווער עס קרעכצט. דיין שוועסטער'ס רחמנות האָט אָבער גובר געווען מיין הארטהאַרציגקייט, און זי האָט דיר געבראַכט וואַסער צו טרינקען און גע'פועל'ט ביי מיר דיך אריינצונעמען צו אונז און דיך אויסהיילען.

— וואָס פאַר אַ טייערער קינד זי איז! — האָט דער גע־פונענער זוהן אויסגערופען דערפרעהט — עס וועט דיך נישט

פערדריסען, טאטע, ווען איך וועל דיר זאגען אז איך האב זי ליעב, הא ? עס איז אזוי גוט וואס מיר האבען זיך היינט דערקענט. איך האב שוין געוואלט מארגען שטילערהייט פערלאזען דיין הויז און אין א בריעף אייך אלעמען בעדאנקען פאר דעם חסד וואס איהר האט מיר געטאן. וויפיעל טרערען איך וואלט געווען פערגאסען ! איך וואלט שטארק געוויינט וואס איך מוז מיך שיידען מיט דעם מיידעל וואס איך האב אזוי ליעב און איהרע טרערען — איך ווייס אז זי האט מיך אויך שטארק ליעב.

— זי געהט ! שא, רעד גארנישט, ועסט באלד עפּיס זעהן — האט דער רב געזאגט.

פרעהליך און אויפגעלעגט איז שרה אריינגעקומען.

---

— וואו ביזטו געווען, טאכטער מיינע ?

— ביי דער אלטער יסכה, זי איז קראנק.

— וואס האסטו דארט געטאן ?

— די מאמע האט מיך געהייסען איהר אוועקטראגען א ביסעל יויך. די אלטע האט מיר אזוי שטארק געדאנקט. זי האט געזאגט אז איך האב זי דערהאלטען ביים לעבען. זי האט מיר געוואונשען, אז געהענדיג אהיים זאל איך קריגען וואס מיין הארץ גלוסט.

— עס פעהלט דיר דען עפּיס ביי מיר, וואס דו דארפסט ערשט קריגען ?

שרה האט זיך פעררויטעלט און געשוויגען.

— קוק נאר אויף דעם יונגען מאן, דו קענסט איהם ? — האט דער פאטער געפרעגט.

— איך ווייס — האט זי זיך געוואונדערט אויף דער פראגע — דאס איז דער גאסט וואס וואוינט ביי אונז עטליכע וואכען. מעהר ווייס איך נישט.

— קום אהער, טאכטער מיינע, צוקוש זיך מיט איהם — האט דער פאטער געזאגט מיט א שמייכעל.

זי איז געווארען צוטומעלט און איהרע באקען האבען זיך אנגעצונדען און זי האט זיך פערשטעלט דאס פנים.

—צוקוש זיך מיט איהם, שרה, איך הייס ! — האט דער פאטער בעפוילען.

— טאטע, דו בעליידיגסט מיך ! איך האָב קיינמאָל נישט געהערט פון דיר אַזעלכע ווערטער...

— קוק אויף זיין פּנים און אויף מיינעם, קוק זיך גוט איין, וועסטו מיך פערשטעהן.

זי האָט איהם געפּאָלגט און פּלוצלינג געוואָרען בלאַס און אָנגעהויבען ציטערן.

— ווייסטו שוין ווער ער איז ?

— טאַטע, איך שטוין. וואָס זעה איך ? איהר זענט ביידע אַזוי עהנליך. איז ער דיינער אַ קרוב ?

— טרעף שוין וואָס פאַר אַ קרוב איז ער מיר און... דיר !

— טאַטע ! — האָט זי אויפגעצאַפּעלט דערפרייט — אַלע מאָל פלעגסטו זאָגען אַז דו האָפסט נאָך צו געפינען דיין... פערלוירענעם...

— יאָ, שרה׳לע, יאָ...

שרה האָט גאָרנישט גערעדט, יוסף האָט געוואָלט עפּעס זאָגען. נאָר זי האָט איהם פערמאַכט דאָס מויל מיט איהרע הארציגע קושען.

— גענוג ! איצט קען איך שוין שטאַרבען ! ווי יעקב אבינו זאָג איך : עס לעבט נאָך מיין עלטסטער זון יוסף ! ער איז מיט אונז, מיט אונז ! — האָט דער פאָטער געזאָגט און אַ שטראָם טרערען האָט ארויסגעזעצט פון זיינע פרעה־ליכע גליקליכע אויגען און ער האָט ביידע קינדער ארומגענו־מען און געקושט און געהאַלזט.

— שרה טייערע, ליעבע שרה ! — האָט דערנאָך געזאָגט דער גליקליכער ברודער — איצט בין איך צוגעבונדען צו דיר מיט אַ טאָפּעלטען בונד. איך בין דיין ברודער און דיר צו פערדאַנקען לעב איך און האָב געפונען מיין טאַטען און אייך אַלעמען. ווי גרויס איז מיין שמחה מיט דעם חסד וואָס גאָט האָט אונז געטאָן !

אַז די צוויי יונגלעך זענען אהיים געקומען פון חדר און זיי האָבען דערהערט די נייעס, האָבען זיי געשפּרונגען פאַר גרויס פרייד און ביידע אויף אַמאָל אָנגעהאַנגען זיך אויף זיין האַלז. דאָס הויז האָט געשטורמט פון זייערע לוסטיגע געשרייען.

פלוצלינג איז דער קליינער יוסף געוואָרען אומעטיג און געזאָגט :

— איך האָב מורא איך וועל שטאַרבען. צוויי ברידער טאָרען דאָך נישט הייסען איין נאָמען...

— האָב נישט מורא — האָט דער פאָטער איהם בערו־היגט — שבת וועלען מיר איהם געבען אן אנדערן נאָמען. ער איז דאָך יעצט ווי ערשט געבוירען. ער וועט שבת אין שוהל ווערען צוריק א איד און מיר וועלען איהם געבען אן אנדערן נאָמען.

---

עס איז געווען אַ גרויסער, אַ פרעהליכער שבת. די גאַנצע קהלה איז געווען פערזאַמעלט אין שוהל. נאָך שחרית איז דער רב ארויף אויפ'ן בעלעמער און דערצעהלט אלץ וואָס עס האָט געטראָפען מיט זיין פערלוירענעם זוהן. די גאַנצע ווייבערשע שוהל האָט אויסגעבראָכען אין א גרויס געוויין.

דערנאָך האָט דער רב געעפענט דאָס ארון קודש, ארויס־גענומען א ספר תורה און געפרעגט זיין געפונענעם זוהן הויך פאר אלע :

— זאָג, קערסטו זיך אום צו גאָט, דעם גאָט פון אונזערע עלטערן מיט'ן גאַנצען הארצען ?

— איך קער זיך אום צו גאָט דעם גאָט פון אונזערע עלטערן מיט'ן גאַנצען הארצען — האָט ער געענטפערט.

דער פאָטער האָט איהם דערלאַנגט דאָס ספר תורה, ער האָט געקושט דאָס ספר און געוויינט פאר פרייד און מען האָט אָנגעהויבען לייענען.

ער האָט געקראָגען שלישי. דער פאָטער האָט איהם פאָר־געזאָגט די ברכה און פאר'ן לייענען די פרשה האָט מען איהם א נאָמען געגעבען אברהם ווי יעדען גר צדק. דערנאָך האָט דער פאָטער מיט איהם געבענטשט "גומל". און אלע אידען האָבען איהם געענטפערט :

— ווער עס האָט דיר פערגעלט גוטס זאָל דיר פערגעלטען גוטס אויף אייביג.

דער פאָטער האָט איהם ארומגעפיהרט ארום בעלעמער און יעדער האָט זיך צוגעשטופט צו איהם, געגעבען שלום־

עליכם, ברידערליך געדריקט די האנד און געזאָגט:

— אחינו אתה!

נאָך'ן דאווגען האָט דער פאָטער פערבעטען אלעמען אין קהל־שטוב. די רעביצין, שרה און די חשוב'סטע פרויען פון קהלה האָבען געגרייט צום טיש און אלעמען בעדינט און זיי האָבען אָבגעריכט א פרעהליכע לוסטיגע סעודה.

פון דעמאָלט אָן האָבען איהם אלע גערופען אברהם. דער קליינער יוסף איז געווען פול שמחה. ער אליין הייסט יוסף. און דער פאָטער האָט אָנגעזאָגט אלעמען צו רופען איהם נישט בלויז אברהם, נאָר "אברהם בן אליקום". אלע זאָלען וויסען אז ער שטאַמט נישט פון גוים, נאָר ער איז געבוירען א איד. דער רב איז זיין פאָטער.

עס איז אָבער שווער געווען דעם רב'ס תלמידים און די שטאָדטלייט איהם צו רופען אזא לאנגען נאָמען, האָבען זיי איהם פערקירצט און אנשטאט אברהם בן אליקום האָבען זיי איהם גערופען: אבר' בן אל' און דערפון איז שוין ארויס־געקומען דער נאָמען "אברבנאל". דער נאָמען איז געבליבען פאר זיינע קינדער און קינדס־קינדער.

א יאָהר צייט האָט דער פאָטער מיט איהם געלערנט ביז ער איז געוואָרען א פולשטענדיגער איד, געטריי גאָט און אָבגעהיטען אין די מצוות. ער האָט באלד חתונה געהאט מיט א רייכען סוחר'ס טאָכטער פון באגדאד. זי איז געווען א שהנע פרומע אידישע טאָכטער און ער האָט געהאט מיט איהר א גליקליכען לעבען.

דער שווער האָט איהם צוגענומען פאר א שותף אין געשעפט, זיי האָבען געהאט גרויס ברכה און זייער געשעפט איז געווען שטארק בעריהמט און זיי זענען געווען זעהר רייך.

---

די מגלה האָט אָנגעשריבען אברהם בן אליקום, וואָס מען האָט איהם גערופען אברבנאל, אין יאָהר פיער טויזענד אכט הונדערט און נייגציג לויט דעם אידישען רעכנונג. ער האָט זי איבערגעלאָזט פאר זיין זוהן שלמה צוזאמען מיט די פריהריגע מגלות און דעם חלף מיט וועלכען די קדושים פון ווערמייזא זענען געשאָכטען געוואָרען על קידוש השם און ער האָט איהם צוגעשריבען פאָלגענדע ווערטער:

— מיין טייערער זוהן שלמה : —

אין דער דאָזיגער מגלה בעשרייב איך מיין לעבענס־געשיכטע וואָס איז פערבונדען מיט דער געשיכטע פון אונזער פאָלק אין דייטשלאנד. די ווערטער שרייב איך מיט טינט. די געשעהענישען זענען אָבער פערצייכענט געוואָרען מיט טייכען בלוט און טרערען איבער גאַנץ דייטשלאנד.

דער קומענדער דור וועט דאָס לייענען און ער׳ וועט אויפ־שוידערן פאר גרוים שרעק. אזא אומגליק ווי עס האָט אינז געטראָפען דורך די קרייצציהער איז נישט געהערט געוואָרען און נישט געוואָרען געזעהן אין קיין לאנד און ביי קיין פאָלק. אפילו אונזער פאָלק וואָס איז געוועהנט מיט צרות און ליידען פון אייביג אָן, האָט נישט געהאט אזא אומגליק פון זינט די צייטען פון אנטיוכוס הרשע און האדריאן, אונזערע אמאָליגע ביטערע און בייזע פיינד.

ליעבער זוהן! איך לאָז דיר איבער די דאָזיגע מגלה, זאָלסט זי אָבהיטען פאר דיינע קינדער און קינדס־קינדער אויף אייביג. איך לאָז דיר אויך איבער דעם חלף מיט וועלכען עס איז געוואָרען געשאָכטען די היייליגע קהלה פון ווערמייזא, ווען זי האָט זיך מקריב געווען על קידוש השם.

דער חלף איז שוין געלעגען אויף מיין האַלז. עס איז אָבער געווען גאָט׳ס רצון איך זאָל בלייבען לעבען. דעם חלף האָב איך געפונען ביים ווערמייזער בישאָף אין פאלאַץ, ווען איך בין אלס יונגעל געליעבט געוואָרען פון איהם. דעם חלף האָב איך תמיד אָבגעהיט אלס היייליגען אנדענקען. זאָל ער אויך זיין היייליג פאר דיר, פאר דיינע קינדער און קינדס־קינדער.

די מגלות פון אונזערע זיידעס זענען ביי מיין טאַטע דעם רב. איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר ועסטו זיי ירש׳נען און זאָלסט זיי אָבהיטען ווי דיינע אויגען אין קאָפּ.

דאָס זענען די רייד פון דיין פאָטער,

אברהם בן אליקום, וואָס ווערט גערופען אברבנאל, אן אור־אור־אייניקעל פון אליהו בן יצחק, דער איידים פון מלך פון די כוזרים, פון מלכות בית דוד.

## דוד אל־ראִי

באַגדאַד איז געוואָרען די גרעסטע און בעריהמטסטע רעזידענץ־שטאָדט. זי איז געשטאַנען אויף ביידע זייטען פון טייך חדקל (טיגרים). אַ גרויסע וואונדערליכע בריק האָט פעראייניגט ביידע טיילען שטאָדט

באַגדאַד האָט געהאַט אכציג טויזענט גאַסען, צוועלף טויזענט גאַסט־הייזער, צוועלף טויזענט מיהלען און זעכציג טויזענט באדהייזער.. עס האָבען דאָרט געוואוינט אַ סך גרויסע קינסטלער וואָס האָבען געשאַפען אַ סך קונסטווערק. און עס איז דאָרט געווען אַ סך אוניווערזיטעטען פאַר חכמת און וויסענשאַפט.

ארומצוגעהן באַגדאַד האָט געדויערט דריי טעג און זי איז געווען פול מיט די שענסטע און וואונדערליכסטע געביידעס און טייערע פּרעכטיגע גערטנער. זי האָט געהאַט אַן ערך צוויי מיליאָן איינוואוינער.

אין דער גרויסער שטאַרק בעפעלקערטער באַגדאַד האָבען געוואוינט ווייניג אידען. נישט מעהר פון טויזענט אידישע פאַמיליעס. די אידען האָבען דאָרט געהאַט גרוים הצלחה און געוואָרען זעהר רייך. דער כאַליף מחמד אלמאקטאפי האָט זיי ליעב געהאַט און אָבגעגעבען גרוים כבוד, ווייל ער האָט שטאַרק געאַכט די אידישע אמונה.

די אידען האָבען געהאַט אכט און צוואַנציג שוהלען. פּיער שוהלען זענען געווען אַזוי וואונדערליך און אַזוי פּרעכטיג, אַז זייער רוהם איז געגאַנגען גאַנץ ווייט. איין שוהל האָט געהייסען "דניאל'ס שוהל", ווייל, לויט דער טראַדיציע איז די שוהל געבויט געוואָרען אויפ'ן זעלבען אָרט ביים ברעג טייך, וואו דער נביא דניאל האָט געזעהן די צוויי מלאכים שטעהן אויף ביידע ברעגען פון טייך.

די דאָזיגע שוהל איז אויך היילינ ביי די מאַכמאַדאַנער און יעדער ווער עס דאַוונט דאָרט, קריגט גרויס כבוד.

נישט ווייט פון דער שוהל איז געווען א מעטשעט און דער מועזין וואָס געהט ארויף אויפ׳ן טורעם פון מעטשעט האָט אזוי הויך געזונגען, אַז זיין שטימע האָט דערגרייכט אין דער שוהל אריין.

האָבען די אידען געהאַט גענוג מוט צו בעקלאָגען זיך פאר׳ן כאליף, אַז דער מאַכמאַדאַנישער שמש שטערט מיט זיין הויך געזאַנג זייער דאַוונען. אזוי זיכער און שטאַרק זענען די אידען געווען אין באַגדאַד.

---

אברהם אברבנאל האָט געהאַט גרויס הצלחה און געוואָרען רייכער פון טאָג צו טאָג. ער האָט געהאַט צוויי זיהן, שלמה און הודיה און אן איינציגע טאָכטער — ברכה. זיין עלטסטער זוהן שלמה האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון רבי חגי הנשיא, א ראש־ישיבה אין באַגדאַד. ער איז אויך ארויסגעקומען פון מלכות בית־דוד.

אין באַגדאַד איז געווען א היבשע צאָהל אידען, וואָס לויט זייערע יחוס־בריעף האָבען זיי געשטאַמט פון מלכות בית דוד און יעדער פון זיי האָט געהאַט דעם עהרען־טיטול נשיא.

שלמה האָט נושא־חן געווען אין כאַליף׳ס אויגען און דער כאַליף האָט איהם בעשטימט פאר ראש הגולה. זיין וואָרט איז געווען ווי א קעניגליכער בעפעהל פאר אלע אידען וואָס האָבען געוואויגט אין דעם כאַליפאַט, די אידען פון ארם נהרים, בבל, פערסיען, דערבענד, אראַביען און תימן. אלע קהלות זענען געפיהרט געוואָרען לויט זיין ווילען און יעדע זאַך האָט ער בעשטעטיגט מיט זיין שטעמפעל וואָס ער האָט בעקומען פון כאַליף. אויפ׳ן שטעמפעל איז געווען אויסגעקריצט א לייב מיט א האַנד איבער איהם.

די אידען האָבען איהם געצאָהלט צינזען יעדער לויט זיין שטאַנד און פערמעגען, ער האָט אויך געקראָגען צינזען פון די אידישע גאַסטהייזער און געשעפטען. ער האָט געהאַט א גרויס פערמעגען, פיעל פאַלאַצען, פעלדער און גערטנער. זיין הויז איז געווען אָפען און דער טיש תמיד געגרייט פאר

אַלע אידען, וואָס זענען פון נאָהענט און פון ווייט געקומען צו איהם פאר אן עצה.

ער האָט געהאַט אייגענע סאָלדאַטען רייטער גוים, וואָס ער האָט געדונגען און אידישע וואָס זענען געווען זיין לייב־וואַך. אָנגעטאָן אין טייערע זיידענע קליידער האָט ער גערי־טען אויף זיין פּראַכטפול פערד. אויף׳ן קאָפּ האָט ער גע־טראָגען אַ ווייסען טורבאן מיט אַ גאָלדענעם האַלזבאַנד וואָס דער כּאַליף האָט איהם געשאָנקען.

די רייטער האָבען געריטען פאָראויס און אויסגערופען:

— מאַכט אַ וואַרע פאר אונזער הערר, דער זוהן פון דוד׳ס הויז!

און ווער עס איז פערבייגעגאַנגען, אידען און נישט־אידען, האָט זיך געבוקט צו איהם. דער וואָס האָט דאָס נישט געטאָן האָבען די רייטער איהם געכאַפּט און איהם געגעבען הונדערט קלעפּ איבער די פיאַטעס, אַזוי איז געווען דעם כאַ־ליף׳ס בעפעהל.

ווידער האָט זיך אומגעקערט צו די אידען דער כבוד און די גדולה פון אידישען נשיא, ווי אין בוסתנאי׳ס צייטען. דורך דעם איז אויך געהויבען געוואָרען דער כבוד פון דער תורה. דער נשיא האָט אויסגעקליבען דעם גרעסטען רב און איהם בעשטימט פאר דעם עלטסטען איבער אַלע ראשי־ישיבות.

אין שלמה הנשיא׳ס צייטען איז רבי עלי הלוי געווען דער הויפּט פון אַלע ראשי ישיבות. אז רבי עלי איז געשטאָר־בען האָט פערנומען זיין אָרט זיין זוהן רבי שמואל.

רב שלמה הנשיא איז געשטאָרבען אין זיינע בעסטע יאָהרען. ער איז נישט אַלט געווען פולע פינף און פערציג יאָהר. זיין זוהן דניאל איז געוואָרען נשיא און ער האָט נאָך געהאַט מעהר כבוד ווי זיין פאָטער. ער האָט בעשטימט רבי שמואל׳ן פאר אַ גאון. און רבי שמואל האָט געפיהרט גרויס זיין אַמט און טויזענטער תלמידים זענען געקומען לערנען ביי איהם.

באַגדאַד האָט דעמאָלט געהאַט צעהן ישיבות. צעהן גרויסע רבנים זענען דאָרט געווען די לעהרער. זיי האָבען זיך גערופען ״בטלנים״, ווייל זיי האָבען נישט געטאָרט טאָן קיין

ארבייט, נאָר זיצען און לערנען און אָבגעבען זיך אין גאַנצען פאַר דער קהלה.

זיבען פון זיי זענען געווען בראש פון די איבעציג דיינים פון שטאָדט. די דיינים האָבען געהייסען "אלופים".. צוויי פון די צעהן בטלנים זענען געווען "חברים", רבי שמואל הלוי'ס געהילפען און איינער איז געווען דער "גזבר".

אין רבי שמואל הלוי'ס ישיבה האָט מען ארייגנענומען נאָר די תלמידים וואָס האָבען געענדיגט יענע ישיבות. רבי שמואל'ס ישיבה איז געווען אין א גרויסען וואונדערליכען פאַלאַץ, אינוויייניג אויסגעהאַנגען מיט זעלטענע פאַרהאַנגען. דער גאון איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין גאָלדענע קליידער און געזעסען אויף טייערע אויסגעשטיקטע זיידענע דיוואַנען. און די תלמידים זענען געזעסען אויף דער ערד ארום איהם.

ער האָט געזאָגט דעם שיעור און צוויי פערטייטשער האָבען דערקלערט זיינע רייד פאַר די תלמידים. דאָס וואָס זיי האָבען נישט געקענט דערקלערען האָט דער גאון אליין דערקלערט. רבי שמואל האָט געהאַט אן איינציגע טאָכטער מנוחה, וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט אין לערנען און איז געוואָרען א לעהרערין פון זיינע תלמידים. אַלס צנועה האָבען אָבער די בחורים נישט געטאָרט קוקען אין איהר פנים, איז זי געזעסען אין אן אויבערשטיבעל און פון א פענסטער ארויסגעזאָגט איהר שיעור פאר די תלמידים.

רב דניאל הנשיא האָט אויך נישט געהאַט קיין זיהן נאָר צוויי טעכטער. די עלטסטע, נחמה האָט חתונה געהאַט מיט דוד, זיין ברודער הודיה'ס א זוהן. און די יונגסטע האָט חתונה געהאַט מיט זיין שוועסטער ברכה'ס זוהן — שמואל.

דוד און שמואל'ס פאָטער הודיה האָט געוואוינט אין אשור (מאָזול), וואָס שטעהט אויפ'ן פלאַץ פון אַלט נינוה, און זי הייסט טאַקי ניי־נינוה. נאָר ווען זיי זענען אויפגעוואַקסען זענען זיי אוועק נאָך באַגדאַד לערנען אין גאון'ס ישיבה.

אזוי ווי זיי זענען געווען דעם נשיא'ס איידימעס זענען זיי געווען שטענדיג איינגעהער אין רב שמואל הלוי'ס הויז. און זיי האָבען געזעהן ווי מנוחה, רבי שמואל'ס טאָכטער לייענט אָהן א שיעור.

זי איז שוין געווען א דערוואַקסען מיידעל, זי האָט גע־וואָלט לעבען און דער פּאָטער האָט זי געהאַלטען איינגע־שלאָסען, זי האָט נישט געזעהן די וועלט, האָט נישט געטאָרט רעדען מיט קיין מאַן אויסער מיט די אַלטע "בטלנים", וואָס זענען געווען זיינע בעסטע פריינד.

רבי שמואל האָט זיך געהאַלטען זעהר גרויס. לויט זיין יחוס־בריעף איז ער ארויסגעקומען פון שמואל הנביא און ער האָט זיך איינגערעדט, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין גרעסערס פון איהם. און ער האָט זיך פּערמאָסטען מיט'ן רמב"ם, "דאָס ליכט פון מערב" און געוואָלט געפינען גרייזען אין רמב"ם'ס ספרים.

אזוי ווי ער האָט נישט געהאַט קיין זוהן, האָט ער מנוחה'ן געהאַלטען ווי א זוהן און געוואָלט זי זאָל ירש'נען זיין תורה. ער האָט געהאַט אַן אומגעוועהנליכען פעסטען כאַראַקטער, זיין ווילען איז געווען שטאַרק ווי שטאָל און זי האָט איהם געמוזט פאָלגען. האָט זי געמוזט פון קינדוויים־אויף טראָגען אויף זיך דעם יאָך פון לערנען און זי איז גע־וואָרען אַלט און פערוועלקט פאַר דער צייט.

די בחורים האָבען אויפגעהערט זיך שדכנ'ען צו איהר און זי האָט אויגעזעהן ווי א טייערע בלום, וואָס נאָך איי־דער זי האָט זיך צובליהט איז געקומען דער ווינטער און זי איז געוואָרען פערפרוירען און איינגעטריקענט.

אמאָל איז מנוחה געווען זעהר שעהן און אנגענעם. איהר גרויס קלוגשאַפט אין לערנען האָט איהר צוגעגעבען גרויס חן און זי איז געווען בעריהמט פון אַלע איהרע חבר'טעס. א סך מענער האָבען זיך גע'שדכנ'ט צו איהר. איינער פון זיי האָט געוואונען איהר הארץ און זי האָט איהם זעהר ליעב געהאַט. נאָר דער פּאָטער האָט נישט דערלאָזט דערצו.

דער געליעבטער האָט אָבער געהאַט אַן אייזערנעם ווילען און אויסערגעוויינליכען מוטה, האָט ער בעשלאָסען צו ווערען גרויס און בעריהמט, אַז עס זאָל זיין א כבוד רבי שמואל'ן צו קריגען איהם פאַר אַן איידים.

דאָס איז געווען דוד אל־ראִי פון פערסיען. אַלס יונגער בחור האָט ער געלערנט ביי רבי עלי'ן און פעררעכענט געווען אַלס איינער פון די בעסטע תלמידים. דערנאָך איז ער גע־

וואָרען שטאַרק בעריהמט אין לערנען און אין וויסענשאַפט. ער איז געווען אַ גרויסער העלד ווי זיינע ברידער, די בערג־איינוואוינער.

ווען רבי שמואל האָט איהם נישט געוואָלט נעמען פאַר אַן איידים האָט ער מיט אַ פערביטערטערט האַרץ זיך אומ־געקערט אין זיין געבורטסשטאָדט. דאָרט האָט ער געזעהן ווי די אידען ווערען שטאַרק אונטערדריקט פון די שלעכטע הערשער און זיי האָבען נישט צו צאָהלען די שווערע צינזען וואָס דער קעניג האָט אויף זיי ארויפגעלייגט, האָט ער בע־שלאָסען זיי צו בעפרייען.

פּערסיען איז דעמאָלט געווען צוטיילט צווישען פינף־און פערציג קליינע הערשער וואָס איבער זיי האָט געקיניגט דער סולטאַן סיינאַגאר, דער "קעניג איבער די קעניגען". די קליי־נע הערשער האָבען זיך אַרומגעריסען און אין לאַנד איז גע־ווען אַ שרעקליכע אונאָרדנונג.

דאָס האָט צוגעגעבען דוד אל־ראָי'ן מוטה צו בעפרייען זיין פאָלק. ער האָט איבערגערעדט דעם הערשער פון זיין שטאָדט און געוואונען זיין צוטרוי. דערנאָך האָט ער געשיקט זאָגען די אידען פון די האַפּסאַ בערג (אדערבייזשאַן) וואָס זענען געווען פרייע מענשען, זיי זאָלען איהם העלפען בע־פרייען די פּערסישע אידען.

ער האָט זיי געהייסען זיך פערזאַמלען איינציגווייס און בעהאַלטען זייערע שווערדען אונטער די מאַנטלען און וואַר־טען אויף זיין רוף. אַ סך האָבען איהם געפאָלגט און געקומען צו איהם. דער הערשער האָט געדענקט, אַז דאָס קומען זיי צו איהם לערנען. דעמאָלט האָט דוד אל־ראָי פערנומען די פעס־טונג.

דער אויפשטאַנד האָט זיך פערשפּרייט. אַ סך אידען האָבען געלעבט אין אדערבייזשאַן. זיי האָבען געהאַט הונ־דערט קהלות. זיי זענען אַרויסגעקומען פון די אידען וואָס שלמנאסר מלך אשור האָט פערטריבען. אַלע געניטע קריעגער און שכנים האָבען געצייטערט פאַר זיי.

דוד אל־ראָי האָט געזעהן, אַז ער האָט ערפאָלג, האָט ער געשיקט שלוחים צו די אידען אין בבל זיי זאָלען קומען צו

איהם און דערנאָך געהן אינאיינעם אָבצונעמען ארץ־ישראל פון די גוים׳ס הענד.

פיעל אידען פון בבל זענען גלייך געקומען צו איהם. ער איז שוין געווען שטאַרק בעריהמט. אומעטום האָט מען דער־צעהלט וואונדער פון זיין העלדישקייט און מוטה. אזוי האָט מען דערצעהלט, אז דער פערסישער סולטאַן האָט איהם גע־רופען צו זיך. איז ער געגאַנגען אליין, אָהן מיליטער. ער האָט זיך אָהן מורא געשטעלט פאר׳ן סולטאַן, און איהם געזאָגט, אז ער וויל ווערען דער קעניג פון די אידען.

דער סולטאַן איז געוואָרען בייז און איהם געלאָזט שמי־דען אין קייטען און איינגעזעצט אין דער שווערסטער תפיסה. אויפ׳ן דריטען טאָג האָט דער קעניג זיך בעראַטען מיט זיינע ראַטגעבער וואָס צו טאָן מיט דעם אידישען בונט און מיט דעם אנפיהרער דוד אל־ראָי.

פלוצלינג איז דוד אל־ראָי אריינגעקומען אין פּאַלאַץ און גערעדט צום סולטאַן זעהר שטרענג. ער האָט געזאָגט אז ער האָט נישט מורא נישט פאר איהם און נישט פאר זיינע סאָל־דאַטען. די שווערסטע טירען קען ער עפענען און מיט׳ן וואָרט קען ער איבערשניידען אייזענע ריגלען. און אזוי ווי ער האָט גערעדט איז ער פערשוואונדען פון זייערע אויגען. זיין קול האָבען זיי נאָך געהערט אָבער זיי האָבען איהם נישט געזעהן.

פיעל עהנליכע וואונדער האָט מען דערצעהלט פון איהם. מען האָט געזאָגט, אז דאָס טוט ער מיט קבלה. ער בענוצט זיך מיט דעם שם המפורש. ער בעזיעגט די נאַטור. אז ער וויל זעהט איהם קיינער נישט. ער זעהט אָבער אלעמען. ער קען געהן איבער טייכען און ימ׳ען און ער האָט ״קפיצת הדרך״, ווייל דעם זעלבען טאָג וואָס ער איז געשטאַנען פאר׳ן סולטאַן איז ער געווען אין זיין היימשטאָדט, וואָס איז צעהן טעג רייזע פון סולטאַנ׳ס רעזידענץ.

דערפאר אז די אידען פון אשור, באגדאַד און דמשק האָבען בעקומען זיין רוף צו פארזאמלען זיך נאָך שושן לע־בען קבר פון נביא דניאל, זענען מאַסען אידען אהין געגאַנ־גען. רב דניאל הנשיא מיט זיין פאַמיליע און דער גאון רב שמואל הלוי מיט זיין טאָכטער מנוחה זענען אויך אוועק

זהין. זיי האָבען נישט קיין מורא געהאַט פאר'ן הערשער, זייל עס האָט געהייסען, אז זיי געהען צום הייליגען קבר פון נביא דניאל. און דאָס איז געווען א מצוה פאר אלע איינ־וואוינער.

---

שושן איז אויף דער גרעניץ פון פערסיען און בבל, ביים טייך אולי. אמאָל איז שושן געווען גאָר א גרויסע שטאָדט, ארום און ארום האָט זי געהאַלטען הונדערט און צוואַנציג מייל. די פערסישע קעניגען האָבען זי אויסגעקליבען פאר זייער ווינטער־שטאָדט.

זיי האָבען דאָרט געבויט א סך גרויסע וואונדערליכע פאַ־לאַצען און געפלאַנצט טייערע גערטנער. זייערע חורבות ווע־רען נאָך היינט בעוואונדערט.

אין שושן זענען געווען די קעניגליכע שאַצקאַמערן און איהר רייכקייט האָט נישט געהאַט קיין שיעור. נאָר אין די ערד־ציטערנישען און פיעל מלחמות איז זי געוואָרען שטאַרק חרוב און זעהר ווייניג הייזער זענען איהר איבערגעבליבען.

שושן איז געשטאַנען אויף ביידע זייטען פון טייך. פון איין זייט זענען די מעהרסטע איינוואוינער געווען אידען, א זיבען טויזענט מאַן און אויף דער צווייטער זייט זענען די מעהרסטע איינוואוינער געווען מאַכמאַדאַנער.

די אידען האָבען געהאַט פערצעהן שוהלען, לעבען איין שוהל איז געווען דניאל'ס קבר. אין אידישען קוואַרטאַל זע־נען געווען גרויסע מערק צום האַנדעל, זעלטענע גערטנער און אלע זענען געווען רייך און אנגעזעהן. אויף דער צווייטער זייט טייך האָבען געוואוינט בלויז אָרימע לייט.

האָבען די אָרימע לייט מקנא געווען די רייכע פון דער צווייטער זייט און געזאָגט, אַז זייער גאַנץ רייכקייט האָבען זיי אין זכות פון נביא דניאל וואָס ליגט אויף זייער זייט. און זיי האָבען געפאָדערט, אַז דער נביא זאָל ווערען איבער־געטראָגען אויף זייער זייט, וועלען זיי אויך געניסען גוטס אין זיין זכות.

די רייכע האָבען דאָס נישט געוואָלט נאָכגעבען און עס איז אויסגעבראָכען צווישען זיי א שרעקליכע מלחמה, וואָס האָט זיך געצויגען זעהר לאַנג און פיעל טויטע זענען געפאַלען

אויףביידע זייטען. ביז עס איז געוואָרען שלום צווישען זיי מיט דעם תנאי אז איין יאָהר זאָל דניאל ליגען אויף איין זייט און דאָס צווייטע יאָהר — אויף דער אַנדערער זייט.

און אזוי איז דאָס אָנגעגאנגען יאָהרען־לאַנג. איינ־מאָל איז דער סולטאַן, דער אויבער־הערשער פון לאַנד, גע־קומען נאָך שושן און ער האָט געזעהן ווי מאַסען מענשען, אידען און מאַכמאַדאַנער, שטופּען זיך אויף דער בריק און טראָגען אַן ארון.

ער האָט געפרעגט ווער עס איז געשטאָרבען וואָס האָט אַזאַ גרויסע לויה? האָט מען איהם דערצעהלט די גאנצע מעשה. האָט ער זיך שטארק געבייזערט וואָס מען טוט אַן אַזאַ בזיון דעם נביא צו שלעפּען זיינע ביינער אהין און צוריק און פערבאָטען דאָס צו טאָן.

ער האָט געהייסען אוועקשטעלען אייזענע זיילען אויף ביידע זייטען טייך און ציהען אייזענע קייטען איבער דעם טייך. דעם ארון זאָלען זיי אריינלייגען אין א קופּערנעם קאַס־טען און איהם אויפהענגען אויף די קייטען פונקט אינמיטען טייך. צוויי מייל ארום דעם ארון האָט קיינער נישט געטאָרט כאַפּען קיין פיש.

---

אויף דעם אָרט האָט דוד אל־ראי צוזאַמענגערופען די אידען. זיי זענען געקומען צו איהם אום חמשה עשר באב און דעם גאַנצען טאָג געזעסען אין די אלטע חורבות איבער דער גרויסער היץ. די זון ברענט דאָרט אַזוי שטארק, אז די שלאַנ־גען ווערען דאָרט אָבגעבראָטען און די תבואה ווערט פון דעם פייער פערברענט.

אין פּאַלאַץ לעבען פעסטונג האָט געוואוינט דוד אלראי מיט די חשוב'ע לייט, וואָס זענען געקומען הערען וואָס עס האָט צו זאָגען דער נייער אויסלייזער וואָס וויל העלפען די אידען און זיי צוריק ברענגען אין לאַנד פון די אבות.

די זון איז אונטערגעגאַנגען און די נאַכט־שאָטענס האָבען אָבגעקיהלט די גרויסע היץ, איז דוד אל־ראי ארויס פון פּאַ־לאַץ און זיך געשטעלט אויף די ברייטע שטיגען. ער איז געווען וואונדער־שעהן. הויך און פעסט ווי א צעדערבוים און געגאַנגען אָנגעטאָן איינפאַך ווי די בערג־לייט. נאָר די שייך

פון זיין שווערד איז געווען פון ריין זילבער און געהאנגען האט זי אויף א טייערן זיידענעם גארטעל אויסגענייט מיט גאלד.

הינטער איהם זענען געשטאנען צוועלף העלדען וואס ער האט זיך אויסגעקליבען פון די אידישע בערג־לייט. זיי האבען געטראגען גרויסע קרומע שווערדען פון דמשק און לאנגע שארפע שפיזען אויף דער רעכטער פלייצע.

די מחנה איז געווארען שטיל און דוד אל־ראי האט אנגעהויבען רעדען. ער האט זיי געוועקט און גערופען צו געהן אויסלייזען ארץ־ישראל פון די פרעמדע הענד. ער האט דערצעהלט דעם רוהם פון די אידען ווען זיי האבען געלעבט רוהיג אין הייליגען לאנד און זייער העלדישקייט. ער האט דערמאנט די חשמונאים און די קנאים אין קריעג מיט די רוימער. די איבערגעגעבענקייט פון די אידען אין ביתר און געמאלען פאר זיי א שוידערליך בילד פון ירושלים׳ס חורבן.

— דאס חרוב׳ע ירושלים איז נאך אלץ טייער — האט ער אויסגעשריגען — זי איז הייליג פאר אלע פעלקער און אמונות. איבער ירושלים האבען די קריסטען און די מאכמאדאנער געפיהרט גרויסע מלחמות און א סך בלוט פערגאסען. נאר מיר, ירושלים׳ס אמת׳ע קינדער, וואו עס האבען געקיניגט אונזערע מלכים, וואו אונזערע נביאים האבען געזאגט נביאות, וואו אונזערע תנאים האבען געלערנט אונזער תורה, וואו אונזער שטאלץ, דאס בית המקדש איז געשטאנען — נאר מיר, דאס אויסדערוועלטע פאלק, שטעהען פונוויי־טענס,ליידען די גרעסטע צרות אין גלות און מיר ריהרען זיך נישט פון ארט. זענען מיר דען שוין אזוי נידריג געפאלען אז מיר האבען שוין פערלוירען דעם ווילען צו ווערען א פאלק ווי אלע פעלקער, צו קריגען אונזער לאנד ?

א שטורם האט זיך אויפגהויבען צווישען דער מחנה. א סך האבען ביטער געוויינט און זיי האבען געשריגען :

— זיי דו אונזער פיהרער ! וואוהין דו וועסט אונז שיקען וועלען מיר געהן !

רב דניאל הנשיא מיט׳ן און רבי שמואל זענען ארויף אויף די שטיגען און דער נשיא האט געפרעגט :

— ביזט גערעכט, דוד אל־ראי, הלואי זאל קומען די

גאולה. איך וועל דעמאָלט אין ערגעבען מיין אמט צו א בע־סערן פון מיר. ווי קענען מיר אָבער מאַכען א בונט קעגען כאַליף? ער איז א גנעדיגער הערשער און איז אזוי גוט צו אידען, ווי קענען מיר מאַכען זיך אויפשטאַנד קעגען דעם וואָס בעהאַנדעלט אונז אזוי גוט?

— זאָל גאָט היטען! — האָט דוד אל־ראי געענטפערט — מיר ווילען נישט מאַכען קיין אויפשטאַנד קעגען דעם כאַ־ליף. אפילו די פערסישע הערשער וואָס פייניגען אונז וועט מען אויך לאָזען צורוה. א בעוויין האָט איהר, אז איך האָב נישט אָנגעריהרט דעם הערשער פון מיין שטאָדט ווען איך האָב איינגענומען די פעסטונג. איך האָב געשיקט א פריינד־ליכען בריעף צום פערסישען איבער־הערשער און איהם גע־בעטען ער זאָל ווערען צו אונז אזוי ווי כורש אמאָל און אונ־זער פאָלק וועט איהם אייביג בענטשען. מיר ווילען זיך אומ־קערען אין לאַנד פון אונזערע אבות, אין אונזער לאַנד פון וואַנען מיר זענען געוואָרען פערטריבען.

די פרעמדע וואָס האָבען זיך דאָרט בעזעצט אויף אונזער לאַנד זאָלען עס פערלאָזען און פערנעמען אונזערע ערטער וואָס מיר פערלאָזען אין גלות. מיר ווילען פערשפּאָרען קריי־געריי און מלחמות און אַלץ וועט ווערען דורכגעפיהרט אין פרידען. אזא בריעף האָב איך געשיקט צו אַלע הערשער פון די ארומיגע לענדער. און דאַן וועט זיין פאַר אונז א צייכען: זענען זיי עהרליך און פריינדליך, ווילען זיי אונז ערלויבען דורכגעהן זייערע לענדער. מיר ווילען קויפען ביי זיי עסענ־וואַרג ביז מיר ווילען אָנקומען אין לאַנד וואָס גאָט האָט געגעבען צו אונזערע עלטערן. ווילען זיי אָבער ארויסטרעטען קעגען אונז מיט דער שווערד, איז דאָס א סימן אז זיי האַל־טען אונז פאַר אייביגע קנעכט און ווילען אונז נישט לאָזען ווערען א פריי פאָלק אויף אונזער לאַנד.

— אמת! ריכטיג! מיר ווילען שלום. דער וואָס וועט ווילען מלחמה ווילען מיר וויסען וואָס מיר האָבען צו טאָן!

— האָט א טייל געשריגען זיין נאָך זיי אַלע:

— געדעכט! גערעכט! — ווער עס זאָגט אַנדערש איז אונ־זער שונא!

דאָ האָט דער נשיא שוין נישט געוואַגט צו עפענען דאָס

מויל. אויך דער גאון האָט געשוויגען. און דוד אל־ראי האָט גערעדט ווייטער :

— איך בין גליקליך וואָס מיר פארמאָגען נאָך גרויסמו־טיגע מענשען וואָס ווילען אויסלייזען דאָס פאָלק. איצט איז די ריכטיגע צייט. די קריסטען מיט די מאַכמאַדאַנער האַלטען כסדר מלחמות און זענען שטאַרק אָבגעשוואַכט, קענען מיר זיעגען. אין אַלע לענדער איז איצט אומרוהיג. מיר זענען שטאַרקער פאַר זיי. און אויב מיר וועלען זיין פּעראייניגט וועלען מיר זיכער זיעגען. מיר האָבען הונדערט און פופציג טויזענד אידען אין פּערסיען, צוויי הונדערט טויזענט אין בבל, דריי מאָל הונדערט טויזענט אין אַראַביען, זיבעציג טוי־זענט אין ביוואַ און סאַמאַרקאַנד, פופציג טויזענט אין אַדער־בייזשאַן, זעכציג טויזענט אין די נישאַבורער בערג. די אַדער־בייזשאַנער און נישאַבורער זענען וואונדערליכע העלדען, זעלטענע שיסער וואָס פעהלען קיינמאָל נישט דעם ציעל. זייערע עלטסטע זענען דאָ און זענען גרייט צו געהן אין קריעג. זיי האָבען אויך מיטגעבראַכט די פיהרער פון די "גוזיער", זיי זענען נישט קיין אידען, זיי דינען צום ווינט, זיי זענען אָבער די בעסטע פריינד פון אונזערע ברידער און זענען גרייט אונז צו העלפען.

אין די לענדער וואָס איך האָב דערמאָנט האָבען מיר אַכט הונדערט און דרייסיג טויזענט אידען אויסער די גוזיער און די אידען פון אינדיען, עטיאָפּיע, עגיפּטען, סיריען, גריכענ־לאַנד און די אינזלען, פון גאַנץ אייראָפּא און ארץ־ישראל. וועט אונז דען זיין שווער צוזאַמענצושטעלען אַ גרויסע אַר־מעע אָבצונעמען אונזער לאַנד ?

— פיהר אונז און מיר וועלען טאָן וואָס דו וועסט הייי־סען ! — האָבען אַלע געשריגען און אויסגעשטרעקט צו איהם די הענד.

— זייט געבענטשט, מיינע ברידער ! זאָל גאָט אונז העלפען און שיקען אונז זיין אמת ליכט און פיהרען אינז אויף'ן ריכטיגען וועג צו אונזער גרויסען ציעל ! — האָט דוד אל־ראי געזאָגט — איצט קערט זיך אום אין אייערע היימען און אין נאָמען פון גאָט וועקט אויף אַלע אידען פאַר אונזער הייליג לאַנד און ירושלים. ענדע זומער זאָלט איהר קומען

און אז גאָט וועט אונז ביישטעהן וועלען מיר זוכה זיין צו פייערן פסח אין ירושלים. לשנה הבאה בירושלים!

— לשנה הבאה בירושלים! — האָבען אלע אויסגעשריגען, זיך ווארים געזעגענט און אוועק אין זייערע היימען

---

דעם זעלבען אווענד איז דוד בן הודיה דעם נשיא'ס איידים מיט זיין ווייב, נחמה און מנוחה דעם גאון'ס טאָכטער צוגעגאנגען צום טייך אולי און זיך אוועקגעשטעלט צווישען די אייזענע זיילען, אויף וועלכע עס הענגט דניאל'ן ארון צו טרעפען דאָ דוד אל־ראי'ן וואָס האָט געוואָלט בעגייען זיין ליעבע מיט מנוחה'ן.

די לבנה האָט געגאָסען א ווייס ליכט אויפ'ן טייך און דאָס וואַסער האָט געגלאַנצט ווי צוגאָסען זילבער. די שטראַהלען האָבען זיך געשפּילט אין דעם קופּערנעם קאַסטען איבער'ן טייך און פערשפּרייט א וואונדערליך ליכט. עס האָט אויסגעזעהן ווי דער קאַסטען וואָלט געשוועבט אין דער לופט איבער'ן טייך, וואָס האָט דעם נביא געזעהן א לעבעדיגען שטעהן אויף זיין ברעג.

דאָס בילד האָט דערוועקט אין זיי היילינע געפיהלען און עס האָט זיך זיי אויסגעוויזען אז זיי זעהן דעם מלאך וואָס האָט זיך בעוויזען צו דניאל'ן. ווער ווייס? אפשר איז שוין טאַקי געקומען די צייט פון דער גאולה? אפשר איז דוד אל־ראי טאַקי משיח?

ווי זיי האָבען אזוי געטראַכט, איז דוד אל־ראָי פּלוצלונג אויסגעוואַקסען פאַר זיי. ער האָט זיך פערנייגט און געזאָגט:

— איך האָב זיך א ביסעל פערשפּעטיגט. די עלטסטע פון די גוזיער האָבען מיך פערהאַלטען. זייט מיר מוחל. און דו, טייערע מנוחה, וועסט דאָך מיר פערגעבען וואָס איך האָב געשאַנקען אנדערע א טייל פון די עטליכע מינוט וואָס איך האָב בעשטימט פאַר דיר. דורך דעם וועט נעהנטער ווערען דער טאָג ווען דער בונד צווישען אונזביידע וועט ווערען געשלאָסען עפענטליך. דיין איינגעשפּאַרטער טאַטע וועט דעמאָלט אויך מסכים זיין, אויב גאָט וועט בעגליקען מיין וועג.

— הלואי זאָלען ווער'ען פערווירקליכט דיינע ריייד —

זאָט מנוחה געזאָגט מיט אַ זיפץ.

— איהר פאָטער גלויבט נישט אין דיר — האָט דוד בן הודיה איהם געזאָגט — ער האָט מורא, אַז דורך דיר וועט נאָך ערגער ווערען אונזער לאַגע.

— איך בעט דיך, האַלט עס נישט פאַר אַ זינד — האָט מנוחה איהם געבעטען — אין זיין גאַנצען גלויבען וואַרט ער אויף נסים ווי אין די צייטען פון אונזערע אבות.

— איך וועל נישט זיין בייז! — האָט דוד אלראי גע־זאָגט — ער איז נישט דער איינציגער. עס וועט אָבער קומען אַ צייט און זיי וועלען זעהן אַז איך בין גערעכט. דיין פאָ־טער וועט דעמאָלט שליסען שלום מיט מיר. ער וועט דאָך זיין גליקליך ווען די ישועה וועט קומען און ער וועט שוין נישט זיין קעגען אונזער חתונה.

— זאָלען נאָר דיינע רייד ווערען מקוים — האָט מנוחה געזאָגט מיט האָפנונג — דו בעגליק און דער טאַטע וועט זיין דיין פאָהן־טרעגער ווי רבי עקיבא ביי בר כוכבא׳ן.

— און איך וועל מיט דיר, מנוחה, טון דאָסזעלבע וואָס רבי עקיבא מיט זיין ווייב רחל — האָט דוד אל־ראי אָנגע־נומען איהר האַנד און מיט גרויס געפיהל פערזיכערט — רבי עקיבא האָט איהר אָנגעטאָן אַ קרוין פון אַ ״גאָלדען ירושלים״. דו וועסט זיין מיין קרוין און איך וועל דיר שענ־קען אַ ירושלים פון שטיין, אַן אויפגעבויט ירושלים, וואָס איז טייערער פון אַלע איידעלשטיינער אויף דער וועלט.

— האָסטו זיך אָבער פערטראַכט, טייערער, אין רבי עקיבא׳ס סוף וואָס האָט זיך פערלאָזט אויף בר־כוכבא׳ן ?— האָט מנוחה געפרעגט פערזאָרגט.

— היינט זענען אַנדערע צייטען — האָט דוד אל־ראי זי בערוהיגט — רוים איז נישטאָ מעהר. און די פעלקער רייַ־סען זיך אַרום צווישען זיך, קענען מיר זיעגען. אודאי, נישט גרינג וועל איך קומען צום ציעל און אפשר וועל איך פאַלען ? אָבער עס איז דאָך אַזאַ הויכער, הייליגער ציעל ! אויסצוליי־זען מיינע ברידער פון גלות און זיי אומצוקערען אין אייגען לאַנד. וועל איך בעגליקען, וועט מיין נאָמען זיין אַן איי־ביגע ברכה ביי אידען און איך וועל דיך, טייערע מנוחה, קריגען פאַר אַ ווייב און לעבען גליקליך, און אויב איך וועל

חלילה, פערלירען, איז דאָך בעסער פאר מיר צו שטארבען יונגערהייט איידער לעבען לאנג א לעבען פון צרות און פיין.. איך קען נישט זעהן ווי מיין פאָלק איז א קנעכט און איך קען נישט לעבען — אָהן דיר.

— האָף צו גאָט, מיין ליעבער פריינד — האָט מנוחה געזאָגט מיט ליעבע — און גאָט וועט רחמנות האָבען אויף זיין פאָלק און בעגליקען דיין וועג!

זיי האָבען זיך געזעגענט און געאיילט צוריק אין שטאָדט נאָך איידער דער נשיא מיט דעם גאון האָבען זיך אומגע־קערט אין הויז פון וועג וואו זיי האָבען ארויסבעגלייט די פיהרער פון די פערשידענע קהלות אויף זייער וועג אין זייערע היימען.

---

דער גאון מיט דעם נשיא זענען אריין אין צימער און דער גאון האָט געזאָגט בייז:

— וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אז איינער וואָס קומט נישט ארויס פון מלכות בית דוד זאָל זיך איינרעדען, אז ער וועט ברענגען די גאולה און אונז אומקערען ארץ ישראל אָהן דער גוג ומגוג מלחמה, וואָס מוז זיין פאר דער גאולה, און אָהן די ניסים, נאָר פשוט מיט מאַכט ווי די פערגרעבטע גוים און זייערע מלחמות?

— אפשר איז ער משיח בן יוסף, וואָס דארף מאַכען א וועג פאר משיח בן דוד?

מנוחה האָט אויפגעציטערט. זי האָט זיך דערמאָנט וואָס פאר א סוף עס דערוואַרט איהם, משיח בן יוסף וועט דאָך ווערען גע'הרג'עט. דוד, דעם נשיא'ס איידים האָט זי פער־שטאַנען און צו בערוהיגען זי האָט ער זיך אָנגערופען:

— אָבער משיח בן יוסף וועט אויך אויפטאָן וואונדער. ער וועט ברענגען די ערשטע גאולה, וועט פיהרען די אידען נאָך ארץ ישראל, זיי ברענגען נאָך ירושלים, אויפבויען דאָס בית המקדש און מקריב זיין קרבנות און א פייער וועט אראָפּנידערן פון הימעל און פערברענען זיינע קרבנות אלס סימן אז גאָט האָט בעוויליגט זיינע מעשים.

— נישט זיינע מעשים וועט גאָט בעוויליגען — האָט דער גאון געשריגען — ער מיינט נאָר אז אידען זאָלען זיך

אומקערען נאָך ארץ ישראל און בעארבייטען דאָס לאַנד ווי די אנדערע פעלקער, די מצוות געהן איהם גאָר נישט אָן.

— וואוינען אין ארץ ישראל איז א קליינע מצוה ? — האָט זיך אָנגערופען דער נשיא — זי איז דאָך אזוי גרויס ווי אלע מצוות צוזאַמען !

באַלד האָבען דעם נשיא׳ס איידים דוד און מנוחה דעם גאון׳ס טאָכטער, זיך ארייגעמישט און אַלע האָבען זיך גע־שפּאַרט וועגען דוד אל־ראי׳ן. דער גאון האָט זיך צוגעהערט אויף זיין טאָכטער:

— וואָס שטעלסטו זיך איין פאַר איהם ? דו האַלסט אפשר אויך מיט איהם ? אפשר ליגען דיר אין זינען אלטע זאַכען ?... זאָג איך דיר, אז דיין פערלאַנג וועט נישט ווערען ערפילט און איך שווער אז דוד אל־ראי׳ס פּלאַן וועט נישט האָבען קיין ערפאָלג.

דער נשיא האָט זיך אָנגענומען פאַר מנוחה׳ן, נאָר דער גאון האָט איהם אָבגעשטעלט און געזאָגט:

— אויך איהר, נשיא, בלאָנדזשעט. דוד אל־ראי האָט פערנומען די פעסטונג פון זיין שטאָדט. דער פערסישער סולטאַן איז בייז אויף איהם. דער כאַליף וועט אויך נישט שווייגען. און אויב ער וועט אָנהויבען א מלחמה וועלען אַלע מאַכמאַדאַנער ערקלערען אונז א "הייליגע קריעג" און איבער דוד אל־ראי׳ן אונז אַלעמען אויסקוילען און פערטיליגען אונ־זער פאָלק.

מנוחה און דער נשיא האָבען אויפגעציטערט דאָס צו הערען. נאָר דוד דעם נשיא׳ס איידים האָט זיי בערוהיגט און גערעטען דערווייל צו שטעהען פונווייטענס און זעהן וואָס דער כאַליף וועט זאָגען.

---

דעם גאון׳ס שרעק איז נישט געווען אומזיסט. די פּער־סישע הערשער זענען געווען אין כעס אויף די אידען וואָס האָבען פערלאָזט זייערע היימען און צוגעשטאַנען צו דוד אל־ראי׳ן. די אידישע אַרמעע איז געוואַקסען פון טאָג־צו־טאָג און זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט אין די שלאַכטען וואָס זיי האָבען געפיהרט מיט די פּערסער. גאַנץ פּערסיען

לעבען בבל איז געווען אין דוד אל־ראי׳ס הענד און ער איז געוואָרען שטארק בעריהמט.

אז די אידען פון באגדאד האָבען דאָס דערהערט האָבען זיי זיך שטארק געפרעהט און געהאָפט אז די גאולה איז נאָהנט. נאָר די געלערנטע און די רבנים זענען געווען צו־טיילט צווישען זיך. די אינגערע האָבען געוואָלט צושטעהן צו דוד אל־ראי׳ס ארמעע. מנוחה איז געווען גרייט צו פערלאָ־זען איהר פאָטער און אריבערגעהן צו דוד אל־ראי׳ן.

דער גאון מיט די ראשי ישיבות זענען אָבער געווען שטארק קעגען איהם. יעדער זיעג האָט זיי געבראכט פרישען צער און שרעק. נאָר דער נשיא האָט זיך נישט געמישט. ער האָט געוואָלט וויסען וואָס דער כאליף האָט צו זאָגען. דער כאליף האָט זיך געהאט איינגעשלאָסען אין פאלאץ און א צייט נישט גערופען קיינעם צו זיך.

עס איז געווען חנוכה, זענען פלוצלינג געקומען עטליכע רייטער פון כאליף און אָנגעזאָגט דעם נשיא, ער זאָל שוין געהן אין פאלאץ וועגען א וויכטיגען ענין. דער נשיא האָט זיך אָנגעטאָן זיינע פראכטפולע קליידער, אויפגעריטען אויפ׳ן פערד און געשיקט זיין אָבטיילונג רייטער פאָראויס.

די אידען האָבען דאָס דערהערט האָבען זיך אלע פערזאַ־מעלט ארום נשיא׳ס הויז. עס איז אויך געקומען דער גאון און די ראשי ישיבות און אומגעדולדיג געוואַרט, דער נשיא זאָל צוריקקומען און דערצעהלען וואָס דער כאליף האָט גע־וואָלט.

א מינוט האָט זיך געצויגען ווי א יאָהר. ענדליך איז דער נשיא געקומען בעגלייט פון א פערסישען הערשער און אן אבטיילונג בעוואפענטע רייטער.

דער נשיא מיט דעם פערסישען הערשער זענען אריין און אריינגערופען דעם גאון, און דער נשיא האָט געזאָגט:

— דאָס איז דער הערשער וואָס דוד אל־ראי האָט צוגע־נומען זיין פעסטונג. ער איז געקומען מיט בריעף פון פערסי־שען סולטאָן צום כאליף און צו מיר. דער סולטאָן וואָרנט מיך איך זאָל אויסנוצען מיין הויכען אמט אָבצוהאַלטען דוד אל־ראי׳ן פון זיין אונטערנעמונג. אויב נישט, וועט ער פערטי־ליגען אלע אידען פון זיינע לענדער. דער כאליף האָט מיר

בעפוילען דאָס צו טאָן. דער הערשער האָט אויך מיטגעבראכט בריעף פון איספאהאנער רב און פון פיעל קהלות. זיי בע־טען אונז מיר זאָלען דוד אל־ראי׳ן אריינלייגען אין חרם, ווייל דאָס איז דאָס איינציגע מיטעל אָבצוקערען דאָס פאָלק פון איהם.

— נאַ, זעהט איהר, אז אַלץ לאָזט זיך אויס ווי איך האָב געזאָגט ! — האָט דער גאון אויסגערופען טריאומפירענדיג — איצט קענען מיר נישט שווייגען ווען דער פאלשער משיח וויל ברענגען אן אומגליק אויף אונזער פאָלק !

ער האָט אריינגערופען די ראשי ישיבות און פאר דעם הערשער אין די אויגען אריינגעלייגט דוד אל־ראי׳ן אין חרם אין נאָמען פון גאָט, דעם נשיא און גאון און דאָס בית־דין פון באגדאד.

דער גאון האָט אויפגעשריבען דעם חרם און ארויפגע־לייגט דעם נשיא׳ס חתימה און איבערגעגעבען צו צוויי מו־טיגע שלוחי בית־דין, זיי זאָלען דעם חרם אוועקטראָגען צו דוד אל־ראי׳ן. דער פערסישער הערשער האָט זיי געוויזען דעם וועג.

---

אז די שטאָדט האָט זיך דערוואוסט פון חרם איז אלעמען בעפאלען א שרעקליכער פחד. אלע וואָס זענען געווען גרייט צוצושטעהן צו דוד אל־ראין, האָבען זיך צוריקגעהאלטען דערפון. זיי האָבען זיך שטארק געשראָקען פאר דעם חרם. גאָר מנוחה, דעם גאון׳ס טאָכטער, האָט געהאלטען מיט איהם און אויסגעגאָסען איהר כעס אויף די חרם־לייגער, וואָס זיצען זיך רוהיג אין זייערע הייזער און שיקען זייער גיפט אזוי וויט. זי האָט גערעדט צו די יונגע לייט :

— וואָס האָבען זיי זיך אזוי דערשראָקען און איהם אריינגעלעגט אין חרם ? ווען דער סולטאן וואָלט נישט מורא געהאט פאר דוד אל־ראי׳ן, וואָלט ער שוין געווען פערטיליגט אלע אידען. וואָס האָבען זיי אזוי מורא פאר׳ן סולטאן, אז דער סולטאן האָט גאָר מורא און האָט זיך געמוזט ווענדען צום כאליף ער זאָל איהם העלפען ! איך קען נישט ארויס־טרעטען קעגען מיין פאָטער, אָבער אויף׳ן נשיא פערדריסט מיך, וואָס האָט ער זיך דערשראָקען פאר מיין טאַטע ? איך

וויס, דער נשיא האלט מיט דוד אל־ראי׳ן נאר ער האט זיך דערשראקען פאר מיין פאטער און מסכים געווען אויפ׳ן חרם.

דעם נשיא׳ס איידימעס האבען איהם פערענטפערט. זיי האבען געזאגט, אז דער גאון איז שולדיג. דער נשיא האט איהם געמוזט פאלגען, ווייל ער רעדט אין נאמען פון דער תורה. און מנוחה האט געזאגט אויפגערעגט:

— דער גאנצער חרם איז גארנישט ווערט! אייך גרויסער זיעג דוד אל־ראי׳ס וועט זיי אלע מאכען אונטערטעניג, זיי וועלען זיך אונטערגעבען און זיך שטארק שעמען וואס זיי האבען זיך געמאכט אזוי נאריש!

---

און דער גרויסער זיעג וואס מנוחה האט דערוואַרט איז געקומען. אין עטליכע וואכען ארום האט דוד אל־ראי געהאט א גרויסע שלאכט מיט דעם סולטאן׳ס ארמעע און זי שטארק צוקלאפט. דער סולטאן איז אנטלאפען אין זיין הויפט־שטאדט און זיך דארט בעפעסטיגט.

מנוחה האט אויפגעלעבט און געוועקט די יונגע לייט צו־צושטעהן צו דוד אל־ראי׳ן. און אלע זענען געווען גרייט זי צו פאלגען. דער נשיא האט שוין אויך געהאט חרטה וואס ער האט געגעבען זיין הסכמה אויפ׳ן חרם און ער האט גע־האפט, אז איהם וועט געלינגען איבערצורעדען דעם כאליף, ער זאל לאזען דוד אל־ראי׳ן צורוה. ער איז געווען זיכער אז דוד אל־ראי איז דער גואל.

אבער די גיפטיגע פיילען פון חרם האבען דערווייל גע־טראפען אין ציעל..

די צוויי שלוחים זענען שטילערהייט אינמיטען נאכט צוגעקומען צו דוד אל־ראי׳ס ארמעע. אלע זענען געשלאפען. נאר די וואך איז געשטאנען ביי די זייטען און געהיט, דער פיינד זאל נישט בעפאלען פלוצלינג.

און די שלוחים האבען געוויזען דעם חרם. די וועכטער האבען זיך שטארק דערשראקען און געווארפען דאס געוועהר. זיי זענען געגאנגען צו די מיליטער־עלטסטע און זיי געוויזען דעם חרם און צושראקענע זענען זיי זיך צולאפען. באלד איז די גאנצע ארמעע געשטאנען אויף די פיס. און גלייך האבען

זיי אראפגענומען די פעהנער, צואווארפען די געצעלטען און זענען זיך צולאפען אויף אלע זייטען.

דאס איז אלץ געשעהן ווען דוד אל־ראי איז געשלאפען רוהיג. זיין לייב־גווארדיע איז אויך אנטלאפען און איהם איבערגעלאזט אליין. דער פחד פון חרם וואס דאס בית־דין אין בבל האט ארויסגעגעבען, האט זיי צוטריבען ווי פלע־ווען אויפ׳ן ווינט.

עס זענען נאר איבערגעבליבען די גוזיער סאלדאטען, די גוים זענען געקומען צו הילף דוד אל־ראי׳ן. ווען זיי האבען זיך אויפגעכאפט האבען זיי געשטוינט. דער גאנצער לאגער איז געווען ליידיג. נישט געווען קיין אידישער סאלדאט. די עלטסטע פון די גוזיער זענען אוועק אין דוד אל־ראי׳ס גע־צעלט געוואהר ווערען וואס דא איז געשעהן, האבען זיי דער־זעהן א שרעקליך בילד.

דוד אל־ראי איז געלעגען טויט מיט א שארפע שפיז אין הארצען. אויפ׳ן טיש איז געלעגען א בויגען פאפיר מיט א שטעמפעל פון א לייב מיט א מענשליכע האנד איבער איהם. זיי האבען זיך צושפרייט אויף אלע זייטען און געפונען עט־ליכע אידען, וואס האבען נאך נישט בעוויזען אבצולויי־פען ווייט און זיי געוויזען דאס פאפיר

אז די גוזיער האבען דערהערט, אז דוד אל־ראי איז אריינגעלייגט געווארען אין חרם פון די אידישע עלטסטע, האבען זיי זיך אויך שטארק דערשראקען. זיי האבען אויך מורא געהאט פאר׳ן חרם פון די רבנים.

דאס איז געווען דער ביטערער סוף פון דעם אידישען העלד דוד אל־ראי וואס האט געוואלט העלפען זיין פאלק !

די אידען פון באגדאד האבען דאס געוואהר געווארען פון די אידען וואס זענען אנגעלאפען אהער פון דוד אל־ראי׳ס ארמעע. זיי האבען מורא געהאט צו בלייבען אין פערסיען. די צוויי שלוחים זענען שוין נישט צוריקגעקומען נאך באג־דאד. זיי האבען מורא געהאט דער נשיא מיט דעם גאון זא־לען זיי נישט בעשטראפען דערפאר, וואס זיי האבען גענומען געלד פון דעם פערסישען הערשער און דערמארדעט דוד אל־ראי׳ן. זיי זענען אוועק צום סולטאן און ער האט זיי גוט

בעלוינט פאר זייער פערברעכען און זיי בעזעצט אין זיין לאַנד.

איצט אז דוד אל־ראָי איז געווען טויט האָט דער סולטאַן ארעסטירט אַלע פיהרער פון די אידישע קהלות, זיי געשלאָגען אין קייטען און אריינגעוואָרפען אין געפענגנים. ער האָט זיי געוואָלט אומברענגען. דער נשיא האָט דאָס געוואָהר געוואָרען, איז ער אוועקגעלאָפען צום כאַליף און געבעטען זיין הילף. דער כאַליף האָט איהם מיטגעגעבען א בריעף צום סולטאַן, ער זאָל דערפילען די בקשה פון נשיא.

דער נשיא איז געפאָהרען צום סולטאַן און איהם געגעבען א מתנה הונדערט צענטער גאָלד און דער סולטאַן האָט די ארעסטירטע בעפרייט און עס איז געוואָרען שטיל.

---

ווי דעם נשיא'ס טאָכטער נחמה און איהר מאַן דוד האָבען דערהערט די טרויעריגע בשורה, האָבען זיי פערשטאַנען, אז דאָס וועט מנוחה'ן צוברעכען און זיי זענען אוועק צום גאון. האָבען זיי געטראָפען דאָס הויז פול מענשען און די הויז־קנעכט זענען געלאָפען ווילד אריין און ארויס.

מנוחה האָט אין אָנפאַנג גע'חלש'ט. די דאָקטוירים האָבען זי דערמינטערט, אָבער זי איז צומישט און זי רעדט אויסענווועג און זי דערקענט קיינעם נישט. אז דער גאון האָט דערזעהן דעם נשיא'ס קינדער, איז ער צוגעגאַנגען צו מנוחה'ן און געזאָגט :

— קוק, טאָכטער, דעם נשיא'ס קינדער נחמה און דוד זענען דאָ !

זי האָט אויסגעשטעלט די אויגען אויף זיי און גערעדט ווי א משוגע'נע. נחמה האָט שטאַרק געוויינט און מנוחה האָט געקוקט אויף איהר מיט ווילדע בליקען און אָנגעהויבען זאָגען א שיעור.

— א שעה צייט האַלט זי אין איין רעדען און מען ווייס נישט וואָס — האָט דער גאון געזאָגט מיט וועהטאָג.

די אומגליקליכע מנוחה איז געזעסען אין בעט, געקוקט אַלעמען גלייך אין פנים און געזאָגט תורה אָהן צוזאמענהאַנג. זי איז געווען שרעקליך בלאַס, איהרע שוואַרצע אויגען האָבען געברענט ווילד און זי האָט געדרעהט מיט'ן פינגער ווי זי

דערקלערט דאָס לערנען. שפּעטער איז זי געוואָרען שטיל. נישט גערעדט קיין וואָרט, נאָר די ליפּען בעוועגט און גע־מאַכט מיט די פינגער.

די מיה פון די דאָקטוירים איז געווען אומזיסט. זיי האָ־בען זי נישט געקענט אויסהיילען. צו איהר גליק, און אפשר אומגליק איז געקומען דער בעריהמטער אידישער דאָקטאָר נתנאל, וואָס איז געווען הויפּט דאָקטאָר אין כאַליף'ס משוגעים שפּיטאָל. די מאַכמאַדאַנער האָבען איהם גערופען וואַחיד־אַל־זמן (דער איינציגער אין זיין צייט) און ער האָט זיך אונטערגענומען זי צו היילען.

דעם נשיא'ס קינדער האָבען איהם דערצעהלט, אַז דוד אַל־ראָי'ס טויט איז די אורזאַך פון איהר קראַנקהייט, און איינציגוויים, איינציגוויים איז איהם געלונגען מיט רייד און מיט מעדיצינען זי מאַכען וויינען. זי האָט זיך שטאַרק אויס־געוויינט און עס איז איהר געוואָרען גרינגער. דער דאָקטאָר איז געגאַנגען מיט איהר שפּאַצירען אין פּאָטער'ס גאַרטען און אין אַ חודש אַרום איז זי געקומען צו זיך און געוואָרען געזונד.

דער גאון איז געווען שטאַרק דאַנקבאַר דעם דאָקטאָר וואָס ער האָט געראַטעוועט זיין איינציג קינד, און דער דאָקטאָר איז געוואָרען אַן איינגעהער אין גאון'ס הויז און אָפט געשמועסט מיט'ן גאון און מיט מנוחה'ן.

דער טרויער האָט מנוחה'ן צוגעגעבען אַ סך חן און דער דאָקטאָר האָט זיך שטאַרק פערליעבט אין איהר. זעקס חדשים האָט ער געשוויגען, ענדליך האָט ער אַנטפּלעקט זיין סוד פאַר דעם נשיא'ס איידים דוד מיט נחמה'ן און זיי געבעטען איבעררעדען מיט'ן גאון ער זאָל מסכים זיין אויפ'ן שדוך.

דוד האָט בעשלאָסען צו רעדען מיט'ן גאון און נחמה — מיט מנוחה'ן. מיט דעם גאון איז עס געגאַנגען גרינג. ער האָט געוואוסט אַז איצט וועט איהם אָנקומען שווער צו קריי־גען אַזאַ שדוך פאַר איהר ווי ער וויל. זי איז דאָך געווען גייסטיג קראַנק. ער איז געווען שטאַרק צופרידען וואָס דער דאָקטאָר, דער איינציגער אין זיין דור וועט ווערען דער איי־דים פון גאון "דער איינציגער אין זיין דור".

מיט מנוחה'ן איז אָבער געגאַנגען זעהר שווער. זי האָט זיך נישט געוואָלט טרייסטען נאָך אל־ראי'ן. ענדליך נאָך אַ סך מיה און רייד איז געלונגען דוד'ן מיט נחמה'ן זי אײַבערצורעדען און זי האָט נאָכגעגעבען.

דער דאָקטאָר נתנאל האָט אויסער זיין דאָקטאָריי נאָך געהאַט אַ סך מעלות, וואָס דער גאון האָט זיי אָבער געהאַלטען פאַר גרויסע חסרונות. אלע למודים חוץ דער תורה האָט דער גאון שטאַרק פיינט געהאַט. און ער איז דאריבער געווען אַ שונא דעם "גרויסען אדלער", דער שטאָלץ פון די אידען, דער רמב"ם, ווייל ער האָט שטודירט און פערטיעפט זיך אין פילאָזאָפיע.

נתנאל איז געווען אַ געלערנטער פילאָזאָף און געקענט גוט העברעאיש און האָט געשריבען אַ פירוש אויף קהלת. די אידישע דיכטער האָבען איהם בעזונגען און שטאַרק געלויבט.

דער דאָקטאָר האָט שטאַרק מקרב געווען דעם אבן־עזרא, ווען ער האָט געוואַנדערט אין די מזרח־לענדער מיט זיין זוהן יצחק. דער אבן־עזרא איז מיט זיין זוהן געקומען נאָך באַגדאַד און די אידישע עשירים האָבען איהם נישט געהאָלפען, נאָר נתנאל האָט איהם שטאַרק מקרב געווען און געשטיצט. ווען דער אבן עזרא איז אוועק פון באַגדאַד איז זיין זוהן יצחק פערבליבען ביים דאָקטאָר און געלערנט ביי איהם מעדיצין.

---

דער דאָקטאָר האָט שטאַרק געהאַלטען פון זיין בוך וואָס ער האָט געמאַכט אויף קהלת. ער איז אויך געווען אַ מאַן מיט פעסטע מיינונגען און זיך נישט געלאָזט אָבשפּאַרען. דער גאון האָט נישט געהאַלטען פון זיין פילאָזאָפיע און מנוחה האָט געוואוסט אז עס וועט אויסברעכען אַ קריעג צווישען איהר פאָטער און דעם דאָקטאָר, האָט זי אכטונג געגעבען זיי זאָלען נישט שמועסען קיינמאָל וועגען גלויבען און פילאָזאָפיע.

דעם נשיא'ס איידים דוד האָט אויך געוואוסט, אז עס איז אַ געפאַהר ווען זיי וועלען זיך אמאָל צושמועסען וועגען

די פראגען. האָט ער שטארק צוגעאיילט די חתונה, מנוחה זאָל ענדליך פערלאָזען איהר פאָטער'ס הויז.

מנוחה האָט זיך אָבער איינגעשפּארט אז עס מוז אריבער א גאנץ יאָהר נאָך דוד אל־ראי'ס טויט. און זי האָט געבעטען איהר פאָטער אָבצולייגען די חתונה ביז דעם טאָג, ווען אלע קומען צוריק פון יחזקאל הנביא'ס קבר, וואו די אידען געהן צו יעדען יאָהרצייט.

די מזרח־אידען האָבען זיך אָבגעלערנט פון די ארומיגע פעלקער צו געהן אויף די קברים פון הייליגע און דערצעהלען פון זיי אזעלכע וואונדער, ו'אָס די הייליגע האָבען קיינמאָל נישט געטאָן בייס לעבען.

אזוי האָבען זיי געפונען עזרא הסופר'ס קבר. און זיי דערצעהלען דערוועגען אזא מעשה:

עזרא הסופר איז געגאנגען פון ירושלים צום פערסישען קעניג און איז געשטאָרבען אויפ'ן וועג. פערצעהן הונדערט יאָהר האָט קיינער נישט געוואוסט פון קבר ביז עס איז ענד־ליך געפונען געוואָרען דורך א בלינדען מאכמאדאנישען פאסטוך.

דער בלינדער פאסטוך האָט געפּאשעט זיין סטאדע און האָט איינגעדרימעלט. איז עמיצער געקומען צו איהם צו חלום און געזאָגט:

— איך בין עזרא הסופר. געה צום סולטאן און זאָג איהם ער זאָל שיקען עטליכע אידען זיי זאָלען ארויסנעמען מיינע ביינער פון דעם קבר און מיך בעגראָבען דאָרט און דאָרט. אויב ער וועט דאָס נישט טאָן, וועט זיין גאנץ פאָלק אויס־שטארבען אין א מגפה.

דער בלינדער פאסטוך האָט זיך אויפגעכאפּט פון שלאָף און א וואונדער איז געשעהן — ער איז געוואָרען זעהענדיג. דער פאסטוך האָט דאָס איבערגעגעבען דעם סולטאן און ער האָט זיך גאָר נישט געמאכט דערפון. איז געוואָרען א מגפה און א סך מענשען זיינען אויסגעשטאָרבען. דעמאָלט האָט דער סולטאן שוין געשיקט אידען, זיי זאָלען איבערטראָגען עזרא הסופר'ס ביינער.

זיי האָבען געגראָבען און געפונען א מארמארנעם ארון מיט אן אויפשריפט: "איך בין עזרא הסופר". האָבען זיי

מיט גרויס עהרע אוועקגעטראָגען דעם ארון צו דעם אָרט, וואָס דער פּאַסטוך האָט זיי געזאָגט און דער סולטאַן האָט דאָרט אויפגעבויט אַ גרויסע געביידע מיט אַ גאָלדענעם קופּאָל. יעדען אבענד זעהט מען אַ פייער-זייל זיך ציהען פון קבר ביז'ן הימעל און עס בעלייכט ארום און ארום אַ צוויי-דריי שעה. דריי־פיער מייל איז ליכטיג.

פון איין זייט פון דער געביידע האָט מען אויפגעבויט אַ שוהל און אויף דער צווייטער זייט — אַ מעטשעט. דאָס אָרט איז הייליג פאַר אידען און מאַכמאַדאַנער. ביידע פעלקער ברענגען אהער גרויסע נדבות און דאָס געהט חתונה צו מאַ־כעז יתומים.

אָבער נאָך הייליגער און בעריהמטער איז יחזקאל הנביא'ס קבר, וואָס איז לעבען דער שטאָדט קופא, נישט ווייט פון טייך פּרת. אויפ'ן קבר שטעהט אַ ריזיגע געביידע מיט אַ וואונדערליכען קופּאָל.

די שוהל זאָל האָבען געבויט יכניה מלך יהודה מיט פינף און דרייסיג טויזענד אידען, ווען אויל מרודך האָט איהם בעפרייט פון תפיסה. אויף די ווענט זענען אויסגעקריצט די נעמען פון די אנגעזעהענע אידען. יכניה'ס נאָמען איז פון אויבען און יחזקאל'ס — אונטען.

די שוהל ווערט פערערבענט פאַר אַ קליין בית־המקדש. אין די צעהן טעג צווישען ראש־השנה־יום־כפור קומען זיך דאָרט צוזאַמען ביז אכציג טויזענד אידען פון גאַנץ ווייט. יום־כפור נעהמט מען ארויס דאָס ספר תורה וואָס יחזקאל האָט געשריבען און מען לייענט אין דעם.

אפילו דער נשיא, דער גאון מיט די ראשי ישיבות געהן דאָרט אהין. דערנאָך פייערן זיי דאָרט סכות מיט גרויס פאַ־ראַד. אויך די אראַבער און די אַנדערע מאַכמאַדאַנער מיט זייערע פירשטען געהן דאָרט אהין.

יענע צייט איז דאָרט אַ גרויסער יריד. די מענשען וואָס פערזאַמלען זיך דאָרט פערנעמען אַ פעלד גרויס צוויי און צוואַנציג מייל. אויף יחזקאל'ס קבר ברענען ליכט שטענדיג. קיין אויל און קנויטען געהן נישט אויס, ווייל דאָס פאָלק ברענגט אַ סך נדבות. מיט דעם געלד פערריכטען זיי די

געביידע און פוצען זי אוים, מאכען חתונה יתומים און שטי־צען לערנער וואָס האָבען נישט קיין פרנסה.

וועגען דעם דאָזיגען קבר דערצעהלען זיי זיך אָן געוואל־דיגע נסים. אויף דעם קבר האָבען זיי אויך דערצעהלט, אז אַ פייער־זייל פלעגט ארויסגעהן דערפון, נאָר שלעכטע מענ־שען האָבען פערשוועכט דאָס קבר און דער פייער־זייל האָט זיך אויפגעהערט צו בעוויזען.

און איבער דעם דאָזיגען פייעריל איז אויסגעבראָכען אַ פייער צווישען גאון און דעם דאָקטאָר נתנאל און האָט זיי דערוויטערט איינעם פון אנדערן אויף אייביג.

דער גאון האָט דערצעהלט דאָס וואונדער פאר אלע פערזאַמעלטע אין נשיא'ס סוכה און געבראַכט אַ בעוויז אז אויף עזרא'ס קבר איז נאָך היינט דאָ דער פייער־זייל. עס זענען דערביי געווען דער דאָקטאָר נתנאל און דעם אבן־עזרא'ס זוהן יצחק. האָט יצחק געפרעגט פארוואָס דאָס פייער לייכט נישט ביינאַכט נאָר אין אווענד ? און פארוואָס איז אַ מאַכמאַדאַנישער פאַסטוך אויסגעקליבען געוואָרען פון הי־מעל צו געפינען עזרא'ס קבר, נישט קיין איד ? און פאר־וואָס האָט מען פערצעהן הונדערט יאָהר נישט געוואוסט פון דעם קבר ביז דער בלינדער פאַסטוך איז געקומען ?

דער גאון האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, איז ער געוואָרען בייז און איהם אויסגעזידעלט.

— איך פרעג, ווייל איך וויל וויסען און איהר זידעלט מיך — האָט יצחק געזאָגט.

— אויף לעגענדעס פרעגט מען נישט קיין קשיות — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, ווילענדיג אָבהאַקען דעם שמועס.

יצחק האָט אָבער געהאַט געטרונקען אַ סך ווייז און האָט אַ זאָג געטאָן צום דאָקטאָר :

— איהר האָט דאָך אַמאָל מיר דאָס אלץ אַזוי גוט ער־קלערט, וואָס שווייגט איהר איצט ?

דער נשיא איז געוואָרען נייגעריג און געפרעגט :

— וואָס האָט ער דערקלערט ?

— דאָס ליכט קומט פון דער זון־היץ. דערפאר אז עס איז פינסטער זעהט מען גאָרנישט.

דאָס האָט דעם גאון שטאַרק פערדראָסען און ער האָט

גערעדט שאַרף קעגען נתנאל'ן וואָס האָט זיך ערלויבט שרייַבען אַ פּירוש אויף קהלת. האָט דער דאָקטאָר געענטפערט שאַרף און דער נשיא האָט זיי איינגעשטילט און געזאָגט אַז דאָ האָט מען גערעדט וועגען דעם ליכט וואָס געהט אַרויס פון די הייליגע קברים, נישט פון קהלת, און ער האָט געבעטען דעם דאָקטאָר ער זאָל איהם דאָס דערקלערען.

— איך בין נאָך נישט געווען אויף עזרא'ס קבר און האָב נישט געזעהן דאָס ליכט. איז ביי מיר אַ ספק צי די גאַנצע געשיכטע איז אמת, אָדער די לייכטגלויביגע זאָגען דאָס גלאַט אין דער וועלט אַריין.

דער גאון איז אויפגעשפּרונגען פאַר כעס און געפרעגט:

— הייסט עס, אַז דאָס וואָס דו זעהסט נישט מיט דיינע אויגען גלויבסטו נישט?

— איך האָב געזאָגט: אויף אַ מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיות. אָבער ווען ס'איז אפילו אמת, קען איך דאָס דערקלערען. דאָרט מוז אודאי זיך געפינען שוועבעל און אונטער דער זון געהען אַרויס פון דער ערד ליכטיגע גאַזען און פאַרנאַכט זעהען זיי אויס ווי אַ פייער־זייל. שפּעטער ווען עס ווערט פינסטער זעהט מען זיי נישט.

עס איז געוואָרען אַ טומעל צווישען די ראשי ישיבות, דער גאון האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט שטרענג:

— און וואָס זאָגסטו אויף דעם בלינדען פּאַסטוך'ס חלום? און אויף דער מגפה? און דעם ארון מיט דער אויפשריפט? דאָס אַלץ איז פאַר דיר, שוואַך־גלויביגער, צו ווייניג צו גלויבען אין די וואונדער פון אונזערע הייליגע?

נתנאל האָט זיך נישט געקענט העלפען און געענטפערט:

— לויט דער אידישער אמונה איז מען נישט מחויב צו גלויבען אין נסים וואָס אַ בלינדער פּאַסטוך האָט געזעהן אין חלום. ווער ווייס צי די גאַנצע מעשה מיט'ן חלום האָט נישט אויסגעטראַכט אַ משוגע'נער אָדער אַ ליגנער?

— אוי, וועה! אפּיקורסות! — האָבען די ראשי ישיבות געשריגען.

— וועה צו די אויערן וואָס הערען דאָס! — האָט דער נשיא געזאָגט דערשראָקען.

דער גאון האָט געגעבען אַ ווינק דעם נשיא און די ראשי־

ישיבות און זיי האָבען זיך אַלע אויפגעשטעלט און דער גאון האָט אויפגעהויבען די הענד. דעם נשיא'ס איידימעם האָבען פערשטאַנען וואָס דער גאון געהט טאָן, זענען זיי צוגע־שפּרונגען צו איהם און איהם געבעטען ער זאָל דאָס נישט טאָן. ער האָט אָבער זיך שטאַרק געביייזערט אויף זיי און אריינגעלייגט נתנאל'ן אין חרם און געזאָגט :

— איצט ביזטו א פערשאָלטענער און קענסט זיך נישט פערבינדען מיט מיין געבענטשט הויז.

נתנאל האָט נישט געקענט אַרויסרעדען קיין וואָרט. און איידער ער האָט זיך אומגעקוקט איז ער געבליבען אַליין. אַלע זענען אַרויס פון סוכה און איהם איבערגעלאָזט. נאָר יצחק דעם אבן עזרא'ס זוהן, איז געבליבען מיט איהם און דער חרם איז געפאַלען אויך אויף זיין קאָפּ.

---

אַז דאָס פאָלק האָט זיך דערוואוסט פון חרם האָבען אַלע זיך דערשראָקען און קיינער האָט נישט געוואָלט געבען נתנאל'ן מיט יצחק'ן אַן אָרט איבערצונעכטיגען. אפילו א טרונק וואַסער פאַר געלד האָבען זיי נישט בעקומען. האָבען זיי געוואַנדערט אַ גאַנצע נאַכט ביז זיי זענען צוגעקומען צו די געצעלטען פון די מאַכמאַדאַנער און זיך א ביסעל אָב־גערוהט.

צומאָרגענס אינדערפריה זענען זיי אוועק נאָך באַגדאַד און פאַר חרפּה וואָס די אידען האָבען זיי אָנגעטאָן האָבען זיי זיך גע'שמד'ט און געוואָרען מאַכמאַדאַנער.

אַז מנוחה האָט דאָס געוואָהר געוואָרען האָט זי שרעקליך געוויינט. איין חתן נאָכ'ן אַנדערען האָט איהר פאָטער אריינ־געלעגט אין חרם און געטויט פאַר איהר אויף אייביג. דער גאון איז אָבער געווען שטאַרק צופרידען און געזאָגט אַז פון הימעל האָט מען זיך דערבארמט אויף איהם, זיין טאָכטער זאָל נישט נעמען קיין שלעכטען מאַן.

מנוחה איז געבליבען עלענט און פערלאָזען אין איהר פאָטער'ס הויז. זי האָט שוין מעהר נישט געוואָלט הערען פון חתונה האָבען. און האָט זיך אָבגעגעבען מיט לערנען. אין לערנען האָט זי געפונען א טרייסט פאַר איהר פערלוי־רען גליק. זי איז געוואָרען א לעהרערין אין דער ישיבה. די

תלמידים האָבען זי נישט געזעהן ביים לערנען, נאָר פון פענסטער געהערט איהר שטימע. זי איז געוואָרען אַלט און פערוועלקט פאר דער צייט.

ווען דער אבן־עזרא האָט דערהערט וואָס זיין זוהן יצחק האָט געטאָן האָט ער איהם בעקלאגט ווי א טויטען און אָנ־געשריבען א ביטער קלאָג־ליעד אויף איהם.

---

שלעכטע צייטען זענען דערנאָך געקומען. דער נשיא איז געשטאָרבען. און לויט דעם ירושה־געזעץ האָט זיין איידים דוד בן הודיה געדארפט ווערען נשיא. אָבער לויט די לאַנד־געזעצען האָבען די אידען געדארפט אויסקלייבען דעם נייעם נשיא. האָט דאָס פאָלק זיך צוטיילט אויף צוויי פארטייען. איינע איז געווען פאר דוד בן הודיה און די צווייטע פאר'ן אנדערן איידים — פאר שמואל'ן. שמואל'ס ווייב האָט מקנא געווען איהר שוועסטער נחמה און אָנגערעדט איהר מאַן, ער זאָל ווערען דעם אמט.

דער כאליף איז געווען מיטביידע אומצופרידען. מען האָט איהם געזאָגט, אז ביידע האָבען געהאלטען מיט דוד אל־ראָי'ן. עס האָט זיך אָבער נישט געלוינט ארומצורייסען פאר דעם אמט, ווייל דער גאון, וואָס האָט שטארק נושא־חן געווען ביים כאליף, ווייל ער האָט ארייננעלייגט אל־ראי'ן אין חרם, האָט זיך צוגענומען די גאנצע מאכט פון נשיא.

ער האָט בעשטימט רבנים, האָט זיך צוגענומען דעם יעהרליכען צינז וואָס די אידען האָבען געצאָהלט דעם נשיא, און ער האָט געדונגען זעכציג קנעכט וואָס האָבען אַלעמען געשלאָגען מיט גראָבע שטעקענס, אויב מען האָט איהם נישט אָבגעטיילט דעם כבוד ווי א נשיא. אַלץ וואָס ער האָט גע־זאָגט האָט דער כאליף בעשטעטיגט.

דוד בן הודיה איז געוואָרען שטארק פערביטערט און פערלאָזען באגדאד און צוריק געפאָהרען אין זיין געבורטס־שטאָדט מאזול. דער דאָרטיגער סולטאן האָט איהם אָבגעגע־בען גרויס כבוד און ער האָט געטראָגען דעם טיטול נשיא, איז באלד זיין שוואָגער שמואל אהינגעגאנגען און די מחלוקה איבער'ן נשיא־טיטול האָט זיך בעניים.

עטליכע יאָהר איז אָנגעגאנגען די פאמיליען מחלוקה ביז

עס זענען פלוצלינג אָנגעקומען שלוחים פון גאון, זיי זאָלען גלייך קומען נאָך באגדאד, ווייל מנוחה האלט ביים שטאַר־בען, זי וויל זיי זעהן פאר'ן טויט.

זיי זענען גלייך אוועק נאָך באַגדאד. זיי האָבען מנוחה'ן קוים דערקענט. זי איז געווען הויט און ביינער. די שווינד־זוכט האָט זי אויפגעפרעסען. עס איז איהר מעהר נישט גע־בליבען ווי איהרע גרויסע שוואַרצע ליכטיגע אויגען. א רויט־קייט האָט זיך געשפילט אין איהרע אויסגעדאַרטע באַקען. דער אַלטער גאון איז געבויגען אין דרייען געשטאַנען איבער איהר צובראָכען און דערשלאָגען, וואָס זיין איינציג קינד שטאַרבט.

מנוחה האָט קוים געאַטעמט. זי האָט זיך שטאַרק דער־פרעהט מיט זיי און פאר'ן טויט האָט זי בעפוילען עס זאָל ווערען שלום. איהר צוליעב האָט שמואל זיך אָבגעזאָגט פון אמט און איהם איבערגעלאָזט פאר דוד בן הודיה. דערפאַר האָט דוד איהם אוועקגעגעבען די גאַנצע ירושה וואָס איז געבליבען פון נשיא. דער גאון האָט אויך נאָכגעגעבען זיין טאָכטער ער זאָל נישט נעמען די צינזען וואָס געהערען דעם נשיא. די צוויי שוועסטערן האָבען אויך זיך איבערגעבעטען. אַלע האָבען געמוזט געבען תקיעת־כף מנוחה'ן אז זיי וועלען האַלטען וואָרט.

אז דער שלום איז געווען געשלאָסען האָט מנוחה זיך צוקושט מיט'ן פאָטער און מיט דעם נשיא'ס טעכטער, זי האָט זיך געזעגענט מיט דוד'ן און מיט שמואל'ן און מיט א שמייכעל איז זי אויסגעגאַנגען.

עס איז אַלץ געוואָרען ווי מנוחה האָט געוואָלט. דער שלום איז געבליבען אין קראַפט. דוד דער נשיא האָט גע־לעבט גוט מיט דעם גאון און זיי האָבען זיך מעהר נישט צוקריגט. עס איז אויסגעבראָכען א שאַרפע מחלוקה צווישען גאון מיט זיינע תלמידים און דעם רמב"ם און זיינע תלמידים, האָט דוד, דער נשיא, זיך איינגעשטעלט און נישט דערלאָזט אז די ביידע גאונים זאָלען ווערען בעליידיגט.

רב דניאל פון דמשק האָט אָנגעשריבען א ספר קעגען רמב"ם מיט שרעקליכע בעליידיגונגען, האָט דוד דער נשיא איהם געלייגט אין חרם ביז ער האָט חרטה געהאַט אויף זיינע

רייד און געבעטען מען זאָל איהם מוחל זיין. צוזאַמען מיט די פראַנצויזישע רבנים, די בעלי התוספות וואָס זענען געווען אין ירושלים, האָט דער נשיא אריינגעלעגט אין חרם די געגנער פון גאון און נישט געלאָזט אראָפּנעמען דעם חרם ביז זיי וועלען איבערבעטען דעם גאון.

אין יענער צייט איז געווען א האָפנונג אז אידען זאָלען זיך אומקערען אין לאַנד פון די אבות, נישט מיט מאַכט, נאָר מיט גאָט'ס הילף און מיט'ן גוטען ווילען פון די הער־שער.

רבי יהודה הלוי, דער הייליגער משורר, האָט, אין זיין גרויסער ליעבע צו ארץ ישראל, פערלאָזט זיין היים אין שפּאַניען און אוועק נאָך ארץ ישראל. אויפ'ן וועג האָט ער געזונגען וואונדערליכע פּייעריגע, הייליגע שירים פון גרויס ליעבע צו ציון און ירושלים.

און אז רבי יהודה הלוי איז צוגעקומען צו די טויערן פון ירושלים, איז ער פערשוואונדען, קיינער האָט איהם מעהר נישט געזעהן. גאָט האָט איהם צוגענומען.

זיינע הייליגע פּייעריגע שירים האָבען זיך צוברענט אין א גרויסען, הייליגען פלאַם און אָנגעצונדען אלע אידישע הערצער מיט א שטאַרקער ליעבע צום הייליגען לאַנד און דער הייליגער שטאָדט.

מאַסען אידען זענען דעמאָלט געגאַנגען נאָך ארץ ישראל, נאָר די קריסטען האָבען זיי נישט אריינגעלאָזט. אין גאַנץ ארץ ישראל זענען דעמאָלט געווען נישט מעהר ווי א טויזענד אידישע פאַמיליעס און האָבען געלעבט אין גרויס אָרימקייט. צוויי הונדערט אידישע פאַמיליעס האָבען געוואוינט אין ירושלים, אין א ווינקעל הינטער מגדל דוד. זיי האָבען דאָרט געהאַט א פאַרבעריי, וואָס זיי האָבען אָבגעדונגען פון דעם קריסטליכען קעניג און בעצאָהלט דערפאַר זעהר טהייער. יעדער איד וואָס זיינע הענד און דאָס פּנים זענען נישט געווען אויסגעשמירט מיט פאַרב איז געוואָרען ארויסגעטרי־בען. א איד האָט זיך נישט געטאָרט ווייזען מיט א לייטיש אויסזעהן.

דעמאָלט איז געווען קעניג אין ירושלים באַלדווין, דער פירטער, א דרייצעהן־יעהריגער פול מיט צרעת פון קאָפּ ביז

די פיס. אז ער האָט דערהערט אז אידען קומען מאַסענווייז נאָך ירושלים, האָט ער פאַר כעס ארויסגעטריבען די צוויי הונדערט פאַמיליעס וואָס האָבען געוואוינט דאָרט פון פריי־הער. נאָר איין איינציגע פאַמיליע האָט ער איבערגעלאָזט און זי האָט געמוזט צאָהלען פאַר דער פארבעריי די זעלבע סומע געלד וואָס די צוויי הונדערט האָבען געצאָהלט.

דער מצורע׳דיגער קעניג איז בלינד געוואָרען און גע־שטאָרבען. איז אויף זיין אָרט געוואָרען קעניג א זעקס־יעה־ריג אינגעל. דעם יונגעל׳ס שטיפפאָטער האָט איהם דער־מאָרדעט און פערנומען דעם טראָהן. דעמאָלט האָט סאלאדין, דער עגיפטישער סולטאן דערקלערט קריעג די קריסטען און אין א גרויסער שלאַכט לעבען טבריה האָבען די קריסטען געהאט א שרעקליכע מפלה. דער קעניג מיט זיינע מינים־טאָרען און ריטער זענען געוואָרען געפאנגען און סאלאדין האָט פערנומען גאנץ ארץ ישראל.

סאלאדין איז געווען אן עהרליכער און גוטער הערשער. ער האָט ערלויבט אַלע אידען צו קומען צוריק נאָך ארץ ישראל און זיך בעזעצען וואו זייער הארץ גלוסט. אלע פערטריבענע האָבען זיך גלייך אומגעקערט. פיעל נייע זענען געקומען פון טוניס, מאראָקא און טריפאלי און זיך בעזעצט אין הייליגען לאַנד און געגרינדעט א קהלה.

דערנאָך זענען געקומען אידען פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך, די אשכנזים. די אשכנזים זענען געשטאַנען הע־כער אין לערנען ווי די פריהעריגע אידען און זיי האָבען איבערגעוואויגען אין אַלע רעליגיעזע פראגען. דעמאָלט האָ־בען זיי איינגעפיהרט אז ראש השנה זאָל זיין צוויי טעג, ביז דעמאָלט איז אין ארץ ישראל געווען ראש השנה נאָר איין טאָג.

באַלד ווי די אידען האָבען אָנגעהויבען זיך בעזעצען אין ארץ ישראל איז געקומען א נייע אומגליק. די אייראָפּעאישע הערשער האָבען דערהערט אז די מאַכמאַדאַנער האָבען פערנומען ירושלים, האָבען זיי גערופען די קריסטען צו א נייען קרייצצוג.

די מעכטיגע הערשער, פרידריך בארבאראסא, קייסער פון דייטשלאַנד; פיליפ אויגוסט, קעניג פון פראַנקרייך און

ריטשאַרד לייבענהאַרץ, קעניג פון ענגלאַנד, זענען געשטאַנען בראש פון דעם קרייצצוג. צו זייערע אַרמעען זענען צוגע־שטאַנען די קריסטען פון מזרח און עס האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע מלחמה אין אַזיע און די אידען האָבען דערווייל געליטען גרויסע פערלוסטען.

דער דייטשער קייסער איז אָבער דערטרונקען געוואָרען לעבען קיליקיא און דער פראַנצויזישער קעניג מיט דעם ענגלישען האָבען זיך צוקריגט, און נאָכדעם ווי זיי האָבען איינגענומען עכו האָט דער פראַנצויזישער קעניג זיך אומ־געקערט נאָך פראַנקרייך און דער ענגלישער קעניג איז אַליין געגאַנגען אויף ירושלים.

ער האָט זי אָבער נישט געקענט איינגעמען און ער האָט ענדליך געשלאָסען פריעדען מיט סאַלאַדינ'ען. די גאַנצע שטרעקע ביים ים פון יפו ביז צור זאָל געהערען צו די קריסטען און ירושלים מיט גאַנץ ארץ ישראל צו די מאַכמאַ־דאַנער. זיי וועלען נישט מעהר שטערן די קריסטען צו געהן צו זייערע הייליגע קברים אין ארץ ישראל. דעמאָלט איז געוואָרען רוהיג אין לאַנד.

---

אויב אין מזרח איז געוואָרען רוהיג איז אָבער אין איי־ראָפּא געוואָרען אומרוהיג. דער פויפסט אינאָצענט האָט אָנגעצונדען אַ פייער פון האַס צו די אידען, די קרייצצוגען האָבען נישט אויפגעהערט און פון יעדען קרייצצוג האָבען די אידען געליטען מורא'דיגע פיין. דאָס לעבען איז געווען אַ גיהנם פאַר אידען. דער פויבסט איז געווען אַזוי פערביסען אַז ער האָט בעשטראָפט אפילו די קריסטען וואָס האָבען גע־לאָזט אידען צורוה.

די דאָמיניקאַנער און פראַנציסקאַנער מאָנאַכען האָבען זיך צושפרייט איבער אַלע לענדער און אָנגעטאָן שרעקליכע צרות צו אידען. דער קעניג, אָדער הערשער וואָס האָט נישט געפּייניגט און אונטערדריקט די אידען פון זיין לאַנד, איז פון זיי דערקלערט געוואָרען אַלס אַ קריסטוס-לעסטערער און אַן אפּיקורס. די הערצאָגען פון דרום פראַנקרייך האָבען נישט געפּייניגט די אידען, האָט דער פויבסט זיי שטאַרק פער־פאָלגט דערפאַר. דער פראַנצויזישער קעניג איז געווען אַ

שרעקליכער שונא־ישראל און ער האָט אָהן רחמנות געפּיי־
ניגט די אידען.

אָבער דער פּויבסט איז נאָך אַלץ נישט געווען צופרידען,
ווייל ער לאָזט די אידען זיין אין זיין קעניגרייך. און ער
האָט געשריבען צו אַלע הערצאָגען די דאָזיגע ווערטער:

די קריסטען טאָרען נישט לאָזען אידען צורוה. אידען מוזען
זיין נע־ונד ווי קין דער ברודער־מערדער און שטענדיג טראָ־
גען אויפ'ן שטערן דעם שאַנד־פלעק. די קריסטען טאָרען
נישט אויס'הרג'ענען די אידען און זיי פערטיליגען, נאָר זיי
לאָזען לעבען און זיי אַזוי מאַטערן ביז זייער לעבען זאָל זיי
ווערען ערגער ווי דער טויט.

די ווילדע אויסגעלאַסענקייט פון די קאַטוילישע גלחים
האָט אין דרום פראַנקרייך אָבגעשטויסען א סך קאַטאָליקען
און זיי האָבען זיך אָבגעריסען פון דער קירכע, זיי האָבען
געלייקענט אין פּויבסט, דאָס זענען געווען די הוגענאָטען.

דער פּויבסט האָט שטאַרק געזידעלט די הערשער פון
לאַנד וואָס זיי האָבען נישט פערטיליגט די אידען און די
אפּיקורסים און ער האָט אַריינגעלייגט אין חרם אַלע איינ־
וואוינער פון טולוז און נאָך א סך שטעדט. ער האָט גערופען
די קאַטאָליקען צו א קרייצצוג אויף טולוז און בעזיע. הונ־
דערט טויזענט פאַנאַטישע קאַטאָליקען זענען געגאַנגען אויף
די שטעדט און אין בעזיע אַליין האָבען זיי אויסגעקוילעט
זיבעציג טויזענט נפשות, אַלטע און יונגע, מענער און
פרויען, מאַמעס מיט זויג־קינדער. זיי האָבען אפילו אויס־
געקוילעט געטרייע קאַטאָליקען, וואָס האָבען געוואוינט אין
שטאָדט. די צוויי גלחים, די שלוחים פון פּויבסט, האָבען
געזאָגט צו זיי אַז זיי זאָלען אַלעמען אויסקוילענען און די
געטרייע וועט גאָט פיהרען אין גן־עדן.

אַז די קאַטאָליקען האָבען געקוילעט קריסטען, האָבען זיי
שוין אויסגעלאָזט זייער צאָרן צו די אידען און די אידען
האָבען געליטען שרעקליכע פערלוסטען. דער פּויבסט איז
אָבער אַלץ נישט געווען צופרידען און ער האָט גערופען א
קאָנקלאַוו צו מאַכען נייע גזירות אויף אידען. דאָס יאָהר האָ־
בען אידען גערופען "דאָס טרויריגע יאָהר".

אידען האָבען איבער דעם פּויבסט געלעבט אין גרויס שרעק. און דריי הונדערט רבנים פון פראנקרייך און ענג־לאנד האָבען בעשלאָסען צו בעזעצען זיך אין ארץ ישראל. זיי האָבען געהערט, אז אונטער "ישמעאל'ס" הערשאפט לע־בען אידען רוהיג. די שרעק פאר דעם פּויבסט און רבי יהודה הלוי'ס הייליגע שירים וועגען ארץ ישראל האָבען זיי גע־פיהרט אין לאנד פון די אבות.

בראש פון די דריי הונדערט רבנים זענען געגאנגען די בעלי התוספות רבי יהונתן כהן פון לונעל, רבי שמשון פון שאנץ, רבי שמואל בן ר' שמשון, רבי סעדיה, רבי טוביה, רבי יוסף בן ר' ברוך, זיין ברודער רבי מאיר, רבי אברהם חזקן און רבי דוד, דער "רב נכבד".

אז דער נשיא דוד האָט דאָס דערהערט איז ער גע־פאָהרען נאָך ארץ ישראל, מקים זיין דעם נדר צו זיין אין הייליגען לאנד און צו זעהן די בעריהמטע "בעלי התוספות". פון כאליף האָט ער מיטגענומען א בריעף צום הערשער פון ארץ ישראל, ער זאל קריגען די ערלויבניש צו זיין אויף די אידישע הייליגע ערטער, וואָס די מאכמאדאנער האָבען פער־נומען און קיינעם נישט צוגעלאָזט צו זיי.

אין חברון האָט דער נשיא זיך בעגעגענט מיט די בעלי התוספות און צוזאמען געווען אין מערת המכפלה און דער־נאָך געגאנגען נאָך ירושלים. ווי זיי האָבען דערזעהן די היי־ליגע שטאָדט פון ווייטענס, האָבען זיי געריסען קריעה און אז זיי זענען צוגעקומען צום אָרט פון בית המקדש האָבען זיי נאָכאמאל געריסען קריעה און שטאַרק געוויינט אויפ'ן חורבן.

זיי זענען געווען אויף די קברים פון די אידישע מלכים, נביאים און תנאים. די קברים זענען דאָס איינציגע וואָס איז איבערגעבליבען פון אמאָליגען רוהם און גרויסקייט. אָבער אפילו דאָס איינציגע איז אויך אין פרעמדע הענד. די מאַכ־מאדאנער האָבע אלע פערנומען. נאָר פאר גרויסע סומען געלד קריגט א איד אן ערלויבניש צו וויינען אויף די הייליגע אידישע קברים.

דער נשיא האָט פאר די רבנים און זייערע פאמיליעס געקויפט וואוינונגען צווישען די חורבות לעבען בארג ציון.

פון מגדל דוד ביז'ן כותל מערבי. ער האָט אויך געלאָזט פער־ריכטען פאר זיי אן אלטען פראכטפולען בנין פאר א שוהל.

דער נשיא איז געווען צוויי יאָהר אין ירושלים ביז ער האָט איינגעאָרדענט אלע רבנים אין שטאָדט און ער האָט פון זיי זיך אָנגעהערט די גרויסע צרות וואָס אידען שטעהען אויס אין אייראָפּא און אלע צוזאמען האָבען פערגאָסען בי־טערע טרערען אויף דעם טרויעריגען מצב פון אידען.

די קריסטען האָבען נישט צוגעלאָזט קיין אידען צו אן אמט און אפילו נישט צו בעשעפטיגען זיך מיט ערד־אר־בייט אָדער א מלאכה. האָבען אידען געמוזט האנדלען מיט אלטווארג און לייהען געלד אויף פראָצענט. די צוויי מיאוס'ע בעשעפטיגונגען האָבען די קריסטען געלאָזען פאר אידען.

דורך די בעשעפטיגונגען האָבען אידען געליטען מורא'־דיגע פיין. דער האנדעל מיט אלטווארג האָט זיי פער־מיאוס'ט אין די גוים'ס אויגען און דאָס לייהען געלד אויף פראָצענט האָט געוועקט האס ביי די גוים וואָס האָבען גע־ליהען דאָס געלד. און אז זיי האָבען געדארפט צאָהלען די חובות, האָבען זיי אויסגעטראכט פאלשע בלבולים אויף אי־דען און מען האָט זיי דערמאָרדעט און זיי האָבען פער־שפּאָרט אָבצוגעבען דאָס געליהענע געלד. פון פריהער איז דאָס לעבען געווען א גיהנם פאר אידען, דער פויבסט אינא־צענט איז געווען דער ערגסטער טייוועל און ער האָט די אלע גוואלדטאטען און פערברעכענס קעגען אידען געלאָזט מאכען פאר שטענדיגע געזעצען.

דערפאר זענען די רבנים אוועק פאראויס און געהאָפט אז דאָס פאָלק וועט נאָכקומען. די צוויי רבנים, איינער פון די פארבער, רב סעדיה איש ימיני, און רב אליהו המערבי פון די אפריקאנער אידען, האָבען אויך דערצעהלט דעם נשיא זייערע צרות וואָס זיי האָבען זיך אָנגעליטען פריהער און אלע צוזאמען האָבען געדאנקט גאָט, וואָס זיי האָבען זוכה געווען צו זיין אין הייליגען לאנד און געזעהן אין דעם אן אָנהויב פון דער גאולה.

---

עס איז אָבער נישט געווען קיין אָנהויב פון דער גאולה.

די דריי הונדערט רבנים זענען געקומען, אָבער דאָס פאָלק איז נישט נאָכגעגאנגען. מענשען וואָס זאָלן בעארבייטען דאָס לאַנד און אויפבויען די חורבות זענען נישט געקומען. עס זענען געקומען פאַסטוכער אָהן אַ סטאַדע, קעפּ אָהן הענד. זיי האָבען מיטגעבראַכט אַ סך תורה, זיי האָבען אָבער נישט געהאַט קיין ברויט פאַר זייערע פרויען און קינדער.

עס זענען יאָ דערנאָך געקומען אַ צוויי טויזענט אידען. זיי זענען אָבער נישט געווען קיין ארבייטער. קיין איינער פון זיי האָט נישט געוואוסט צו האַלטען אַן אַקער אין האַנד. זיי זענען אַלע געווען לערנער, ווער מעהר און ווער ווייניגער. עס זענען געווען עטליכע וואָס האָבען מיטגעבראַכט געלד און געדענקט דאָ צו האַנדלען. עס איז אָבער אין דעם וויסטען לאַנד נישט געווען מיט וואָס צו האַנדלען. די וואָס האָבען געהאַט געלד האָבען עס אויפגעגעסען. די איבריגע האָבען אפילו אויף דער ערשטער צייט נישט געהאַט מיט וואָס צו קויפען ברויט.

דער נשיא האָט אין אָנפאַנג זיי געשטיצט און גרייט געווען דאָס צו טאָן ווייטער ביז יעדער וועט געפינען פּרנסה. זיי האָבען גאָרנישט געזוכט קיין פּרנסה, נאָר האָבען געוואַרט אויף נסים, די פּרנסה זאָל זיי אריינקומען אין הויז אריין.

זיי זענען געווען גאַנץ אַנדערש פון די אידען אין בבל און אין גאַנצען מזרח. די אידען פון מזרח זענען געווען ערד־ארבייטער און בעלי־מלאכות. די אידען פון אייראָפּאַ זענען נישט געקומען לעבען אין ארץ־ישראל, נאָר שטאַרבען און בעגראָבען ווערען אין דער הייליגער ערד.

---

די גרויסע רבנים האָבען זיך אויך צוטיילט אויף פּאַרטייען. אַ טייל האָבען געהאַלטען מיט'ן רמב"ם און אַ טייל איז געווען קעגען איהם. פון דער צוטיילונג פון די רבנים וואָלט אָבער קיין בייז נישט ארויסגעקומען. עס זענען אָבער צווישן די אריבערגעקומענע אידען געווען ארומקריעגער, וואָס זענען געווען גרויסע בעלי־גאוה'ניקעס און זיי האָבען געשפעט פון די פאַרבער און די אפריקאַנער אידען און זיך ארומגעריסען מיט זיי.

זיי האָבען גערופען די רבנים פון די פּאָרבער עמי־הארצים, האָט דער הויפּט רב פון די פאָרבער געזאָגט בייז:

— זייער מינדסטער נאָגעל איז בעסער ביי גאָט ווי איהר אינגאַנצען. זיי זענען עהרליך, טוען ארבייט און איהר זענט בטלנים, ליידיג־געהער. זיי זענען פּארבער און איהר זענט געפּארבטע!

די גרויסע רבנים, די בעלי־התוספות, האָבען פון די קריגערייען געהאט גרויס צער און אוועק פון ירושלים. א טייל איז אוועק נאָך צפת און טבריה און צום בארג כרמל, נאָר עטליכע בעלי־התוספות זענען פערבליבען אין ירושלים און זיך געהאלטען פון ווייטענס פון אלעמען.

---

איידער דער נשיא איז אוועק פון ירושלים האָט ער אי־בערגעלאָזט א גרויסע סומע געלד פאר די דאָרטיגע אידען, ער האָט אויך גע'פּועל'ט ביי די וואָס האָבען מיטגעבראכט געלד זיי זאָלען שטיצען זייערע אָרימע ברידער. א טייל אָרימע האָבען איהם געפאָלגט און אוועק פון שטאָדט. דער נשיא האָט זיי געקויפט לאנד, זיי זאָלען דאָרט פּאשען שאָף. ער האָט געהאָפט אז זייערע קינדער וועלען ווערען צוגעבונ־דען צו דער ערד און זי בעארבייטען און עס וועט ווערען א גרויסער אידישער ישוב.

דער נשיא איז צוריקגעקומען נאָך באגדאד. ער האָט אָבער כסדר געבענקט נאָך ארץ ישראל. בעזונדער האָט ער געוואָלט וויסען וואָס עס איז געוואָרען מיט די אידען וואָס ער האָט זיי געקויפט לאנד אין שאָף. ער האָט שפּעטער גע־הערט גוטע נייעס. גאָט האָט געבענטשט זייערע סטאַדעס און זיי האָבען געהאט א גוטען און א רוהיגען לעבען. א רב האָט זיך אריינגעקליבען צו זיי און לערנט מיט זיי אין מיט זייערע קינדער. דער נשיא האָט געהאט גרויס נחת דערפון. ער האָט אָבער געהאט גרויס צער וואָס די מחלוקת אין ירושלים האָ־בען נישט אויפגעהערט. טאָג און נאכט האָבען די אשכנזים מיט די פּאָרבער און די אפריקאנישע אידען זיך ארומגע־קריגט.

די דאָזיגע מגלה האָט אָנגעשריבען דער זיבעציג יעהד־ריגער נשיא דוד בן הודיה אין יאָהר פיער טויזענט, ניין הונדערט און אכציג, פאר זיין זוהן ישי און ער האָט איהם צוגעשריבען די דאָזיגע ווערטער :

מיין טייערער זוהן ישי ! איך לאָז דיר איבער די מגלה און מיין שטעמפעל. זאָלסט זיי אָבהיטען פאר דיינע קינדער און קינדס־קינדער.

איך בין גרוי און אַלט און האָב זיך שוין מייאש געווען צו זעהן מיט די אויגען די ישועה פון מיין פאָלק. גאָט'ס חסד איז אָבער גרויס און איך האָף צו גאָט, אז ער וועט שיקען זיין הילף. און אויב עס וועט דויערן לאנג, ווארט דו און דיינע קינדער אויף דער ישועה.

געדענקט דאָס הייליגע לאַנד און טראָגט ירושלים אין אייער הארצען. איהר זאָלט תמיד שטיצען די אָרימע לייט פון ארץ ישראל. די זעלבע סומע געלד וואָס איך שיק יעהר־ליך נאָך ארץ ישראל זאָלט איהר אויך שיקען. און אויב גאָט וועט אייך העלפען און איהר וועט זיין רייכער, זאָלט איהר שיקען מעהר.

איהר זאָלט אויך העלפען די אידישע פאָסטוכער אין ארץ ישראל, זיי זאָלען קענען קויפען מעהר לאַנד.

נאַכמעהר זאָלט איהר שטיצען אונזערע אָרימע ברידער פון אייראָפּא, וואָס קומען נאָך ארץ־ישראל. זיי דארף מען נאָכמעהר העלפען. איהר זאָלט זיך אָבער צוזאמענשריי־בען מיט די אייראָפּאישע רבנים און זיי בעטען זיי זאָלען אכטונג געבען, אז די וואָס פאָהרען נאָך ארץ ישראל זאָלען זיין יונגע ענערגישע ארבייטסזאַמע מענשען, נישט קיין שוואַכע און פוילע. די שוואכע און פוילע טוען שאדען מיט זייער קומען.

פאר די ענערגישע און ארבייטזאמע זאָלט איהר געבען געלד און נוצען אייער שטארקען איינפלוס, דעם איינפלוס פון נשיא פון בבל "צו שטיצען יעדען אידישען לאנד־ארבייטער און גערטנער אין הייליגען לאנד". אונזער האָפ־נונג איז אויף זיי און דורך זיי וועט קומען די גאולה און

אונזער פאָלק וועט דערלעבען די אמת'ע ישועה אויסגע־לייזט צו ווערען פון שווער'ען ביטערען גלות.

דאָס זענען די רייד פון דיין פאָטער

דוד בן הודיה בן אברהם
אברבנאל פון מלכות בית דוד.

# דער שאנד־צייכען

דער אידישער ישוב וואָס האָט זיך אָנגעהויבען שאפען אין ארץ ישראל איז ווידער געוואָרען פערוויסט. די ווילדע מאנגאלען זענען ארויס פון מיטעל־אזיע און חרוב געמאַכט א סך לענדער. זיי האָבען אויך פערוויסט פערסיען, בבל און סיריען. זיי האָבען אויסגע׳הרג׳עט אין די לענדער פיער מיליאָן זעקס הונדערט און זיבען און פערציג טויזענט נפשות. אין באגדאד האָבען די מאנגאלען אויסגע׳הרג׳עט צוויי הונדערט טויזענט מאַן.

זיי האָבען זיך פערשפרייט אויף אַלע זייטען און אומע־טום וואו זיי זענען געקומען האָבען זיי מיטגעבראַכט פאַר־וויסטונג און חורבן. א טייל מאנגאלען זענען געגאנגען אויף ארץ ישראל און האָבען פערוויסט ירושלים און אויסגעקוילעט אַלע איינוואוינער. א קליין הייפעלע האָט זיך געראַטעוועט אין די בערג.

זעהר ווייניג אידען האָבען זיך געראַטעוועט און אנט־לאָפען נאָך שכם און זיי האָבען מיטגענומען מיט זיך נאָר די ספר תורה׳ס.

ווען די מאנגאלען זענען אוועק זענען צוויי טויזענד מאכ־מאדאנער און דריי הונדערט קריסטען צוריקגעקומען נאָך ירושלים, נאָר די אידען האָבען זיך נישט געאיילט צוריק צוקומען.

ווען רבנו משה גירונדי, דער רמב״ן, איז אין זיבען יאָהר ארום געקומען נאָך ירושלים, האָט ער דאָרט נאָר געפונען צוויי אידען, צוויי ברידער פאַרבער. איבער דעם רמב״ן האָ־בען די אנטלאָפענע אידען זיך איינציגווייז אומגעקערט און דער רמב״ן האָט צווישען די חורבות געפונען א הויז מיט מאַרמאָרנע זייל׳ען און ער האָט דערפון געמאַכט א שוהל. עס האָט זיך דאָרט באַלד געגרינדעט א קהלה וואָס איז שפּעטער

שטארק אויסגעוואקסען איבער דער גרויסער ישיבה וואָס דער רמב"ן האָט דאָרט געגרינדעט.

דער רמב"ן האָט נישט לאַנג געלעבט אין ירושלים. אויפ'ן דריטען יאָהר איז ער געשטאָרבען. זיינע גרויסע מעשים זע־נען אָבער געבליבען געבענטשט אויף אייביג.

נאכדעם ווי די מעכטיגע מאנגאלישע הערשער האָבען איינגענומען די וועלט האָבען זיי געלעבט רוהיג אין זייערע פּאַלאַצען און זייערע קינדער האָבען זיך צוטיילט מיט די לענ־דער. אראגאן האָט געקראָגען פּערסיען, בבל און סיריען און ער האָט געהאַט צוויי הויפּט־שטעדט, טאווריז און באגדאד. האָט ער אַמאָל געוואוינט אין איין הויפּט־שטאָדט און אַמאָל אין דער צווייטער.

ווען די מאנגאלען האָבען פערנומען באַגדאַד איז דעמאלט געווען נשיא יוסף אברבנאל בן ישי, דוד הנשיא'ס אייניקעל. דער נשיא יוסף מיט זיין ווייב זענען אומגעקומען אין דער־שלאכט און זיי האָבען איבערגעלאָזט דריי יתומים, קליינע אינגלעך. דער יונגסטער יהודה איז געווען אַ צוויי־יעהריג קינד.

זייערע קרובים האָבען צוגענומען די יתומים און זיי גע־לאָזט לערנען תורה און וויסענשאַפט און זיי זענען געוואָרען בערי־המטע דאָקטוירים. דער בערימטסטער איז געווען דער עלטסטער מרדכי. ער איז געוואָרען דעם קעניג'ס לייב־דאָקטאָר און דער קעניג האָט איהם שטארק ליעב געהאַט.

מרדכי איז אַזוי געפעלען דעם קעניג, אַז ער האָט איהם געמאכט פאַר פינאַנץ־מיניסטער. ער האָט איהם נגעגעבען דעם העכסטען טיטול און ער איז געוואָרען דער פיהרער פון דער רעגירונג. מען האָט איהם גערופען "דער זייל פון קע־ניגרייך". מרדכי האָט געגעבען הויכע שטעלעס זיינע ברידער, קרובים און גוטע פריינד און ער האָט אַ סך גוטס אויפגעטאָן פאַר אידען.

ער איז אויך געווען גוט צו די קריסטען און פיעל פון זיי בעשטימט פאַר הויכע בעאמטע. ער איז געווען בעליעבט ביי אַלעמען און די דיכטער האָבען איהם געזונגען לויב־ליעדער. די אידען פון דייטשלאַנד האָבען דאָס געוואָהר געוואָרען און אַ סך האָבען איהם געהאַלטען פאַר משיח. פיעל אידען

האָבען פערלאָזט זייערע היימען און מיט זייער הויז־געזינד געפאָהרען צו איהם. דער מהר"ם פון רוטענבורג האָט זיך געוועקגעלאָזט מיט זיין פאמיליע און געוואָלט פאָהרען נאָך ירושלים.

אָבער ווען ער איז צוגעקומען צום ים אין איטאַליען האָט מען איהם אַרעסטירט. דער קייסער רודאָלף איז געווען אין כעס וואָס א סך אידען פערלאָזען דייטשלאַנד און נעמען מיט זיך זייערע פערמעגענס, האָט ער דערפאר איינגעשפּאַרט דעם גרויסען גאון אין געפענגניש, אין פעסטונג ענזעסהיים. דאָרט איז דער גאון געזעסען ביז זיין טויט.

מרדכי האָט געוואוסט אז די אידען אין איראָפּא שטעהן אויס געברענטע צרות און ער האָט בעשלאָסען צו שיקען א פערטרעטער צו די איראָפּעאישע הערשער אין נאָמען פון מעכטיגען קעניג אראגאן און שליסען מיט זיי א בונד, וועט ער דערנאָך קענען פועל'ן זיי זאָלען גוט בעהאנדלען זייערע אידען.

ער האָט דערצו אויסגעקליבען זיין יונגסטען ברודער יהודה וואָס האָט גוט געקענט די איראָפּעאישע שפראַכען, און ער האָט איהם מיטגעגעבען אַ רעקאָמענדאַציע־בריעף צום פּויבסט און יהודה אברבנאל האָט זיך תיכף געלאָזט אין וועג אריין.

און אזוי ווי ער האָט געוואוסט אז דער פויבסט איז דער בעפעהלגעבער צו אלע קעניגען און זיי פאָלגען איהם, איז ער דאָס ערשטע געפאָהרען נאָך רוים זיך זעהן מיט'ן פויבסט.

---

די אַמאָליגע וועלט־הערשערין רוים, וואָס האָט חרוב גע־מאַכט ארץ ישראל, איז איצט אַליין געווען האַלב פערוויסט. די פרעמדע פעלקער וואָס זענען זי בעפאלען האָבען א סך טייערע געביידעס צושטערט. פיעל גרויסע פראַכטפולע פּאַ־לאַצען זענען פערניכטעט געוואָרען אין די אינערליכע מלחמות. נאָר איין פאלאַץ איז געבליעבען אין זיין גאַנצער פּראַכט. דער וואַטיקאַן, וואו עס וואוינט דער פויבסט מיט זיינע גלחים.

אָפט זענען די רוימער אויך בעפאלען דעם וואַטיקאן און געשטורמט דעם פויבסטליכען הויף, ווייל ער האָט זיך געגר־

מען צופיעל מאכט אין לעבען. די הערשער פון אנדערע לענ־
דער האָבען געציטערט פאר'ן פויבסט. אָבער די איטאַליעני־
שע פירשטען, קענענדיג דעם פויבסט'ס הויף פון דערנאָהנט,
האָבען אָפט געפיהרט מלחמות מיט דעם פויבסט. נאָר מיט
דער הילף פון זיינע געדונגענע פרעמדע סאָלדטען האָט דער
פויבסט געקענט ביישטעהן קעגען זיינע געגנער.

אמאָליגע יאָהרען איז רוים געווען די וועלט־הערשערין
מיט דער מאכט פון דער שווערד. איצט איז זי ווידער געוואָ־
רען די וועלט־הערשערין אָבער מיט'ן כח פון קאטאָליציזם.
אָנשטאָט דער שווערד האָט איצט דער וועלט־הערשער, דער
פויבסט, גענוצט דעם "חרם" אויף די אומגלויביגע און
אפיקורסים און די זינד פערגעבונג פאר די טרייע אנהענגער.

די אידען פון רוים איז געווען א ביסעל בעסער ווי די אי־
דען אין אַנדערע קריסטליכע לענדער. זיי האָבען אָבער אויך
געמוזט טראָגען א שאנד־צייכען, מען זאָל דערקענען אז זיי זע־
נען אידען. די גזרה פון שאנד־צייכען האָט געמאכט דער
פויבסט אינאצענט דער דריטער אויף דעם פערטען גלחים־
קאָנגרעס אין רוים, דער שאנד־צייכען איז געווען א צייכען
פאר'ן ווילדען פעבעל אז דאָס זענען קינדער פון פאָלק וואָס
גאָט'ס צאָרן איז אויסגעגאָסען אויף זייערע קעפ אויף אייביג.

יהודה אברבנאל האָט מיט זיך מיטגענומען נאָר איין
שווארצען דינער, וואָס איז איהם געווען זעהר געטריי, און
איידער ער איז אָנגעקומען אין רוים, האָט ער געשיקט אָנ־
זאָגען דעם פויבסט, אַז ער קומט.

דער פויבסט האָט געוואוסט, אַז אראגאָן איז זעהר גוט
צו די קריסטען און ער האָט געהאָפט אז דורך איהם וועט
איהם געלינגען צו פערטרייבען די מאכמאדאַנער פון ארץ
ישראל און דאָרט קרוינען א קריסטליכען קעניג.

איז ער געווען שטארק צופרידען מיט אראגאָן'ס פער־
טרעטער און ער האָט ארויסגעשיקט אנטקעגען דעם וויקאר
קאלאדע אורבינא, זיין פאָליטישען פערטרעטער, ער זאָל
אויפנעמען דעם שליח פון מאנגאלישען קעניג.

דע אורבינא האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס עהרע
און אוועקגעפיהרט אין איינעם פון פויבסט'ס פאַלאַצען, אין
דעם זעלבען פאלאץ וואו פויבסט אינאצענט דער דריטער

האָט ארויסגעגעבען די גזרה, אז אלע אידען מוזען טראָגען א שאנד־צייכען.

יהודה אברבנאל האָט דאָרט געקראָגען א קעניגליכע וואוינונג און דאָס אָנגענומען פאר א צייכען פון הימעל, אז אזוי ווי פון דעם פּאַלאַץ זענען ארויסגעקומען בייזע גזרות אויף אידען, וועלען איצט פון דעם זעלבען פּאַלאַץ דורך איהם ארויסקומען ישועות אויף אידען.

צומאָרגענס אינדערפריה איז דע אורבינא געקומען צו איהם און איהם בעגריסט אין פּויבסט'ס נאָמען און איהם איינגעלאַדען צו געהן זעהן דעם פּויבסט. יהודה האָט זיך אָנגעטאָן זיינע שענסטע קליידער און זיין געוועהר אזוי ווי א הויכער ריטער, צוויי טייערע פערד האָבען געוואַרט אין דרויסען, זיי האָבען זיך אויפגעזעצט און אוועקגעריטען צום וואַטיקאַן.

---

אויפ'ן וועג האָט דע אורבינא געוויזען יהודה'ן די וואונ־דער פון רוים. ווען זיי זענען פערבייגעפאָהרען די סאנט לאַ־רענצא קירכע האָט יהודה אברבנאל אויפגעציטערט און איינ־געהאַלטען דאָס פערד. ער האָט דערזעהן אן אלט הויך טויער, אין דער הויך זענען אויסגעמאָלט ריזיגע מענער מיט בלומען־קראַנצען און זיי טראָגען פערשידענע כלים אויף שטאַנגען אויף זייערע פּלייצעס.

— דאָס איז טיטוס'עס טריאומף־טויער ! — האָט איהם דער וויקאַר דערקלערט — דאָס איז געבויט געוואָרען צום אָנדענקען פון חורבן בית המקדש. דאָס בילד איז פון די בית־המקדש כלים, וואָס ער האָט צוגערויבט. אָט איז דער שולחן, די מנורה, די טרומפּייטען און די איבריגע כלים.

די כלים זענען געווען פון ריין גאָלד און וואונדערליכע קינסטלערישע ארבייט. די כלים האָט טיטוס אוועקגעלייגט אין פרידענס־טעמפּעל פון יאַנוס.

— זענען נאָך דאָ דאָרט די כלים ? — האָט יהודה גע־פרעגט.

— ניין. דאָס טעמפּעל האָבען ווילדע פעלקער צושטערט און די כלים זענען ארומגעשלעפּט געוואָרען פון לאנד צו

לאנד — האָט דער וויקאר געזאָגט און האָט איהם דערצעהלט ווי אַזוי עס איז געשעהן:

— א דריי־הונדערט און פופציג יאָהר זענען די כלים פון בית המקדש געווען אין יאַנוס טעמפעל. ווען די וואנדא־לען האָבען איינגענומען רוים האָבען זיי צוגענומען די כלים און אוועקגעפיהרט נאָך קארטאגא. אין הונדערט יאָהר שפּע־טער האָט א ביצאנטישער גענעראל אוועקגענומען די כלים פון קארטאגא און זיי געבראכט נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

און ווי מען האָט געפיהרט די כלים איבער דער גאַס האָט א איד דאָס דערזעהן און עס האָט איהם באַנג געטאָן, וואָס די הייליגע כלים ווערען פערשוועכט און ער האָט געזאָגט צו א מיניסטער, אַז עס איז א סכנה פאר ביצאנץ אריינצונעמען די כלים אין קעניגליכען הויף. זי וועט האָבען אַזאַ סוף ווי רוים און קארטאגא. זאָל מען בעסער די הייליגע כלים צור־ריקפיהרען נאָך ירושלים.

דער קייסער יוסטיניוס האָט דאָס געוואָהר געוואָרען און זיך שטאַרק דערשראָקען. און ער האָט געהייסען זיי אוועק־פיהרען נאָך ירושלים און אוועקלעגען אין א קריסטליכער קירכע. מען האָט די כלים ארויפגעלייגט אויף א שיף און אוועקגעשיקט נאָך ארץ ישראל. די שיף איז אָבער פערלוירען געגאַנגען און מען ווייס נישט וואו זי איז אהינגעקומען.

— דאָס איז א סימן, אַז גאָט וואַכט איבער די אידען און זייערע הייליגקייטען —

— נאָר ווען זיי וועלען זיך שמד'ען — האָט דער וויקאר בעמערקט — איצט זענען זיי דאָך אומגלויביגע.

— אידען זענען די גרעסטע גלויביגע — האָט יהודה געזאָגט.

דער וויקאר האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט אין יהודה'ן און געפרעגט:

— וואָס נעמט זיך אָן דעם מאַנגאָלישען קעניג'ס פער־טרעטער פאר די אידען, וואָס גאָט האַסט זיי?

יהודה האָט נישט געוואָלט באלד אין אָנפאַנג זיך אויס־געבען פאר א איד און ער האָט געזאָגט:

— אונזער קעניג איז גוט צו אַלעמען. ער איז גוט צו

אידען און צו קריסטען. איך קען די אידען און איך וואונדער זיך וואס עס איז זיי אזוי שלעכט ביי אייך.

---

אין איין טייל פון שטאדט האבען אלע זיך געבוקט צום וויקאר און אין א צווייטען טייל האט מען געמאכט חוזק פון איהם. דער וויקאר האט איהם דערקלערט, אז די וואס מאכען חוזק זענען דעם פויבסט'ס געגנער. זיי וואוינען אין א בעזונדערען קווארטאל, זיי זענען די גיבעלינען, דעם פויבסט'ס פיינד, און זיי פיהרען אפטע מלחמות מיט די גילפען, דעם פויבסט'ס אנהענגער און דעם קייסער'ס געגנער.

זיי זענען אריבער די בריק וואס פיהרט צום וואטיקאן. אויפ'ן פלאץ האבען זיך ארומגעדרעהט מאסען גלחים און מאנאכען. א טייל אין ווייסען, א טייל אין שווארצען געקליידט. אנדערע אין גרויע, רויטע, גרינע און רעגענבויגענקאלירטע מאנטלען. געווען אזעלכע אין מאנטלען מיט ברייטע פאלעס און אזעלכע אין פעלצען אדער קאלדרעס אויפ'ן הוילען לייב. א סך זענען געגאנגען מיט די בלויסע קעפ, באָרוועס. אנדערע מיט אבגעגאלטע קעפ און לאנגע בערד און אנדערע מיט קעפ האר און אבגעגאלטע באקען. א טייל אין ווייסע העמדלעך איבער די קליידער און אנדערע אין פאנצערס ווי קריגס-לייט. איינער האט געטראגען אויפ'ן הארצען א צלם פון צוויי שווערדען און אן אנדערער א צלם פון צוויי שליסלען. יעדער האט געהאט אן זיין גארטעל אדער שטריק אויף די לענדען פאטשערקעס אנגעהאנגען.

דאס זענען אלץ געווען מאנאכען פון פערשידענע אָרדערס און מאנאסטירען פון אלע לענדער. מען האט געזעהן ווי שטארק דעם פויבסט'ס מאכט איז און ווי ער הערשט איבער א סך פעלקער.

ווען יהודה איז צוגעקומען צום וואטיקאן האט ער זיך דערשראקען פאר זיין פראכט און גלאנץ. די זיילען, קאלאנען, זאלען און צימערען האבען איהם געבלענדט די אויגען. עס האט אויסגעזעהן ווי אין א געדיכטען וואלד.

ער האט זיך ערשט בערוהיגט ווען ער איז אריין אין פויבסט'ס אויפנאמס-צימער. דא איז אלץ געווען איינפאך. א פראסט צימער מיט א פראסטען טיש און שטולען. אויפ'ן

טיש איז געשטאַנען אַ קליין זילבערן לעמפּעל און אַ שוואַר־צער צלם. לעבען צלם איז געשטאַנען אַ מענשליכער שאַרבען. דער פּויבסט ניקאָליי דער פּערטער, אַן אַלטער מאַן, קליין, דאַר און שוואַך איז געזעסען ביים טיש. ער איז ערשט געווען איין יאָהר פּויבסט.

יהודה האָט געקושט דעם פּויבסט'ס האַנד און איהם בע־גריסט אין נאָמען פון מאַנגאַלישען קעניג, וואָס איז אַ גוטער קעניג צו די קריסטען. דער פּויבסט האָט אויסגעדריקט זיין האָפנונג, אַז דער קעניג מיט זיינע מיניסטאָרען וועלען דער־קענען דאָס קאַטאָלישע גלויבען און זיי וועלען זיך שמד'ען, ווייל נאָר אין איהר וועלען זיי געפינען אייביגע הילף. דאָס איבעריגע לאָזט ער איבער זיין וויקאַר צו פערהאַנדלען. איי־דער ער וועט פערלאָזען רוים זאָל ער ווידער קומען צו איהם און ער וועט איהם מיטגעבען אַ ברכה פאַר זיין הערשער וואָס איז איהם טייער ווי אַ זוהן, ווייל אַלע קעניגען וואָס זענען איהם געטריי זענען ביי איהם פערערכענט פאַר קינ־דער.

דער פּויבסט האָט איהם דערלאַנגט די האַנד. יהודה האָט זי ווידער געקושט און דער וויקאַר האָט איהם געגעבען אַ ווינק, אַז די אודיענץ האָט זיך געענדיגט און זיי זענען אַרויס.

אין דרויסען האָט יהודה געבעטען דע אורבינאַ'ן ער זאָל איהם פיהרען אין אידישען קוואַרטאַל. דע אורבינאַ האָט איהם שאַרף אָנגעקוקט, ער האָט אָבער גאָר נישט געזאָגט און האָט איהם אַוועקגעפיהרט אין אידישען קוואַרטאַל.

יהודה האָט דערזעהן אַ סך שמאָלע קרומע גאַסען פול מיט אַלטע פיער און פינף־שטאָקיגע געביידעס. מען זעהט דאָרט נישט קיין גראָז און נישט קיין בוים. עס איז ענג, אָהן לופט. אַזוי אַנדערש אַקעגען די אַנדערע קוואַרטאַלען וואָס זענען ברייט און גרוים, פול בוימער און גראָז.

אַ סך זענען פערנומען מיט האַנדעל. אַנדערע געהען אַרום ליידיג. עס שפּאַצירען שמאָלץ די רייכע אידען. די חכמים געהען שנעל אין בית המדרש אריין און די אידישע מעכטער געהן אויסגעפּוצט אין זייד און אַטלאַס מיט לאַנגע שלעפּעס און בעהאַנגען מיט צירונג ווי יאַוועלען־געשעפטען.

יהודה האָט דאָ דערזעהן דאָס ערשטע מאָל דעם שאַנד־צייכען. אַ גרין־געל שטיקעל סחורה, די מאָס און קאָליר פון אַ פּאָמעראַנץ. די מענער טראָגען דעם שאַנד־צייכען אויף די היט און די פרויען — אויפ'ן שלייער.

ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטען פון וויינען זעהענדיג דעם שאַנד־צייכען. די אידען זענען שוין אָבער געווען צוגע־וועהנט און זייענדיג צווישען זיך האָבען זיי גאָרנישט גע־פיהלט די שאַנד. נאָר ווען זיי זענען געגאַנגען אין די גוי'שע קוואַרטאַלען זעהן זיך מיט די גרויסע לייט און די בעאַמטע האָבען זיי דערפיהלט די גרויסע שאַנד. זיי זענען אויסגע־שטאַנען גרויסע צרות און ווילדע פּעבעל האָט געשפּעט פון זיי און זיי געפּייניגט.

---

ווי יהודה און דער וויקאַר זענען פערבייגעגאַנגען פאַר די רואינען פון וועספּאַסיאַנוס פּאַלאַץ האָבען זיי דערהערט אַ טומעל. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט און דערזעהן פיער בע־וואַפּענטע מענער זענען בעפאַלען איין מאַן, וואָס שטופּט זיך צו דער חורבה ווילענדיג זיך בעשיצען און ער ציהט אַ שווערד און בעט זיך ביי די אַנפאַלער זיי זאָלען איהם לאָזען צורוה.

— לאָמיר צוגעהן, מיר'ן ראַטעווען אַ מענשענס לעבען! — האָט יהודה געזאָגט.

— איהר זענט גערעכט — האָט דער וויקאַר מסכים געווען — אונזער גלויבען הייסט אונז זיך דערבאַרמען אויף הילפלאָזע — די אַנפאַלער זענען דעם פּויבסט'ס אַנהענ־גער. איך וועל זיי זאָגען איין וואָרט ועלען זיי איהם אָב־לאָזען.

— ראַטעוועט איהם ! — האָט יהודה געשריגען.

אין דער רגע איז אַראָפּגעפאַלען דער ברייטראַנדיגער הוט פון דעם בעפאַלענעם'ס קאָפּ און מען האָט דערזעהן דעם שאַנד־צייכען.

— אַ, ס'איז אַ איד ! — האָט דער וויקאַר געזאָגט צו־פרידען — וואָס אַרט אונז אַז עס וועט זיין חייניגער מיט אַ איד ?

יהודה איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד און מיט דער

בלויסער שווערד איז ער צוגעלאָפּען און זיך אוועקגעשטעלט לעבען בעפאלענעם און געזאָגט :

— ס'איז אַ שאַנד פיער זאָלען בעפאלען איינעם !

— זעהסט דאָך, סיניאָר, ער איז א איד, פאר איהם זויען נישטאָ קיין געזעצען.

— וואָס איז זיין זינד ?

— ער איז הויז־דאָקטאָר ביים פּויבסט'ס געגנער, ער קומט איצט פון זיי.

— א דאקטאר מוז היילען אלע קראנקע.

— דו מינטישער קאָפּ !—האָט אן אנפאלער געשריגען— וואס מישסטו דיך? וואס שטערסטו אונז?

— אוועק, מערדער!—האט יהודה געשריגען—איהר זעהט מיין שווערד?

— דו פרעמדער, וואָס נעמסטו זיך אָן פאר דעם איד?— האָט אַ צווייטער אָנפאלער געשריגען—העלף איהם יועט מען דיך אויך טויטען.

א מחנה מענשען איז אנגעלאָפען צוקוקען און איינער, א בעטלער, האט זיך אנגערופען:

— איהר זעהט נישט אָן זיין נאָז אז ער איז אויך א איד?

— העפּ! העפּ!—האט דאס פּעבעל זיך צוהירזשעט מיט דעם זידעל געשריי אויף אידען.

די אנפאלער האבען געפּאַכעט מיט זייערע שווערדען אי־בערביידע אידישע קעפּ. יהודה און דער דאקטאר האבען מיט זייערע שווערדען צוריקגעקלאפּט און זיך באַשיצט. דער דאק־טאָר איז אבער געוואָרען מיעד און ארויסעגלאָזט די שווערד און איינער פון די אנפאלער האט אין דער רגע איהם אריינ־געשטאָכען די שווערד אין זייט אריין. ער איז געפאלען שווער פערוואונדעט.

דאס פּעבעל האט געשטורעמט פאר פרייד און די אנפא־לער האבען זיך איצט גענומען צו יהודה'ן. זיין שווארצער די־נער איז איהם געקומען צו הילף און העלדיש געקעמפּט. ער האט אבער געקראָגען מיט א שווערד אין הארצען און געפא־לען טויט אויפ'ן אָרט.

פּלוצלונג איז אנגעקומען אן אבטיילונג רייטער פון פּויבסט'ס געגנער. די אָנפאלער האָבען זיי דערזעהן האָבען זיי

איבערגעלאָזט יהודה׳ן און אין גרויס שרעק אנטלאָפען און מיט זיי דער וויקאר.

— ווייסט איהר פון א פּלאַץ וואו מען זאָל דעם דאָקטאָר אריינגעמען צו ראַטעווען זיין לעבען ? — האָט יהודה אברבנאל געפרעגט די רייטער.

— דאָ נישט ווייט ביי סיניאָר דע מאנזי, — האָבען זיי איהם געזאָגט.

יהודה האט פערבונדען דעם דאקטאר׳ס וואונד און אבגעשטעלט דאס בלוט און צוזאמען מיט די רייטער אוועקגעטראָגען דעם פערוואונדעטען אין אידישען קווארטאל. די אידען זענען דערשראָקען זיך צוזאמענגעלאָפען און באלד האט אויסגעבראכען א געוויין און א געשריי:

— אוי וועה, דאס איז דאָך דער דאקטאר רב יחיאל!

א מיטעליעהריגער חשוב׳ער מאן איז צוגעלאָפען און אנגעכאפּט דעם פערוואונדעטען און געשריגען:

— וועה! וועה! מיין ברודער! מיין אידים!

מען האָט איהם אריינגעטראָגען אין דע מאנזי׳ס הויז, עס איז געוואָרען א מהומה אין שטוב. א יונגע פרוי האט געחלש׳ט און מען האָט זי נישט געקענט דערמינטערען.

— ראַטעוועט אייער טאָכטער!—האט יהודה געזאָגט דעם חשוב׳ען מאן—איך בין א דאקטאר און וועל ראטעווען אייער אידים.

מען האָט דעם פערוואונדעטען דאָקטאָר און זיין פערחלש׳טע פרוי געלייגט אין בעטען אין צוויי בעזונדערע צימערן. יהודה האָט אויסגעטאָן דעם דאָקטאָר און געזעהן אז די וואונד איז אין די ריפּען. א יאָמערליך געשריי האט זיך דערהערט פון צווייטען צימער, די יונגע פרוי איז געקומען צו זיך דער פערוואונדעטער האָט געעפענט די אויגען און געוואָלט עפּעס זאָגען, ער האָט אָבער באלד צוריק פערמאכט די אויגען.

יהודה און דער בעל הבית פון הויז, רב אברהם דע מאנזי, וואס איז אויך געוועזן א דאקטאר, האבען ארומגעוואשען די וואונד און פארשמירט און פעסט פערבונדען. זיי האָבען אָנגעזאָגט, עס זאָל זיין שטיל אין הויז, ווייל יחיאל איז געפעהרליך קראנק.

יהודה האט געשיקט עטליכע מענשען זיי זאלען בעזאָרגען א קבר פאר זיין שווארצען קנעכט און ער האָט זיך בעזעצט אין רב אברהם'ס הויז.

אזוי האט יהודה אברבנאל זיך בעקענט מיט דער חשוב־סטער אידישער משפחה אין רוים, מיט די דע מאנזי'ס. ער האט בעסער געוואָלט וואוינען ביי זיי איידער אין דעם פויבסט'ס פאלאץ.

רב אברהם האט איהם געגעבען דעם אויבערשטען שטאק און זיין יונגסטע טאָכטער יאָסטא האט אויפגעפוצט די צי־מערן. יהודה האט ביי זיי געגעסען און ער האט גערונגען עט־ליכע אידען פאר בעדיענטע.

די אידישע קהלה האט זיך שטארק דערפרעהט מיט איהם ווען זיי האבען געוואָהר געוואָרען אז ער שטאמט פון מלכות בית דוד. ער האט זיי נישט אויסגעזאָגט וועגען זיין שליחות צום פויבסט צו פערבעסערען זייער לאגע, טאָמער וועט איהם נישט געלינגען זיין שליחות זאלען זיי נישט ווערען ענטוישט.

א גאנצע וואָך איז יהודה נישט ארויס פון הויז און גע־האָלפען רב אברהם'ן אומגעהן ארום קראנקען, וואס איז געלע־גען אין גרוים פיבער און שיער פערברענט געוואָרען. דעם קראנקען'ס ווייב פאלא און איהר שוועסטער יאסטא האָבען נישט אָבגעטרעטען קיין מינוט פון זיין בעט.

יהודה האט נעהנטער דערקענט רב אברהם'ס טעכטער און זיי שטארק בעוואונדערט. זיי האבען זיך נישט געפוצט אזוי ווי די אידישע טעכטער פון רוים. זיי האבען אויך נישט ווי די אנדערע געזונגען ליעבע ליעדער און געטאנצט מיט מענער אויף די עפענטליכע טענץ. זיי זיינען געווען שטילע, צניעות־דיגע אידישע טעכטער און געקענט לערנען. פאלא האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר וואונדער־שעהנער האנדשריפט און האָט נאָר וואָס געהאט פערענדיגט איבערשרייבען א פירוש אויף נביאים.

אין א וואָך ארום זענען אלע אידען געוואָרען איבערראשט ווען זיי האָבען פלוצלונג דערזעהן דעם וויקאר דע אורבינא קו־מען זיך זעהן מיט דעם איד פון באגדאד. יהודה האט איהם ארויפגעפיהרט צו זיך אין וואוינונג און די בעדיענטע געהיי־

סען ארויסגעהן. דער וויקאר האט זיך ענטשולדיגט פאר איהם פאר זיינע רייד און פיהרונג יענעם טאָג און געזאָגט:

— ווען איך וויים אז איהר זענט א איד וואָלט איך נישט אזוי גערעדט וועגען אידען און וואָלט אייך נישט גע־לאָזט אליין אין גאס נאָך דעם געשלעג. איך האב געמיינט אז איהר מישט זיך אין א פרעמדע מחלוקה. איך האב אייך שוין געוואָלט העלפען, זענען אָנגעקומען די רייטער וואס זענען דעם פויבסט'ס געגנער, האָב איך געמוזט אַנטלויפען.

יהודה האט גערעדט מיט וועהטאָג וואס די פיהרער פון דער קאטאָלישער קירכע טוען אזוי פיעל שלעכטס צו אידען און איהם אויפגעוויזען ווי מענשליך עס פיהרט זיך דער מאָנ־גאָלישער קעניג.

— ער האט געמאכט א איד, מיין עלטערן ברודער, פאר זיין ערשטען מיניסטער—האט יהודה דערקלערט דעם וויקאר —און דאס גאנצע לאנד ווערט אָנגעפיהרט פון מיין ברודער, און דער אידישער מיניסטער מאַכט נישט קיין אונטערשיד צווישען אידען און קריסטען. יעדען פעהיגען און עהרליכען מענשען איז ער מקרב. אויב די קריסטליכע הערשער פון איי־ראָפּאַ וועלען ווייטער אונטערדריקען זייערע אידישע אונ־טערטאַנען, וועט מיין ברודער, דער הויפּט מיניסטער און דער קעניג אראגאן ענדערן די בעציהונג צו זייערע קריסטליכע אונ־טערטאנען. און אפשר וועט נאָך דער מאָנגאָלישער קעניג געהן מיט זיין מעכטיגע ארמעע אויף אייראפּא. ער וועט זיך אברעכענען מיט זיי ווי זיין עלטער־זיידע גאנגעז כאַן, וואס האָט פערוויסטעט א סך לענדער.

דער וויקאר איז געוואָרען בלאס און געזאָגט :

— מיין פריינד, איהר זענט גערעכט. איך וועל איבערגע־בען אייערע ריכטיגע רייד דעם "הייליגען פאטער", אז ער וועט ארויסגעבען א בעפעהל די קעניגען וועלען זיי איהם פאָל־גען. דאס קען אבער נישט געמאָן ווערען מיט א מאָל. די גע־זעצען געגען אידען זענען אַלט הונדערטער יאָהר, פיעל פון זיי זענען געוואָרען פערהייליגט פון אונזער גלויבען. עס וועט זיין שווער זיי צו ענדערן מיט א מאָל. איך וועל איבעררעדען מיט'ן פויבסט. מיר'ן דאָס בעטראַכטען און רופען אַלע בישאָ־פען אויף א קאָנסיליע, עס וועלען אויך קומען אַלע קעניגען און

פירשטען און דעמאָלט ווערט מען קענען דערפילען דעם פער־לאנג פון אייער קעניג.

יהודה האט שארף אנגעקוקט דעם וויקאר און דערקענט אז ער וויל איהם אבנארען און ער האט געפרעגט:

— מיט וואָסערע רעכט האלטען די קעניגע זייערע אי־דען ווי שקלאפען?

— דאס שטאמט נאָך פון די אימפעראַטאָרס וועספאס־יאַנוס און טיטוס — האָט דער וויקאר איהם דערקלערט — זיי האבען דאָך גענומען די אידען געפאנגען אין קריעג און יעדער קריעגס־געפאנגענער איז דערקלערט געוואָרען פאר אן אייביגען שקלאף.

— אין אונזערע לענדער—האט יהודה געזאָגט—האבען די מאכמעדאנער און דער מאנגאלישער קעניג געפאנגען א סך קריסטען אין קריעג, און די קריסטען זענען נישט פער־רעכענט אלס שקלאפען, מען האלט זיי ווי בירגער. אַט די "בארבארישע" פעלקער בעהאנדלען בעסער זייערע אונטער־טאַנען ווי איהר די געבילדעטע. די אידען זענען אמאָליגע צייטען געווען בירגער אין רוים, נאָר ביי די קרייצצוגען ווען די קרייצפאהרער האבען געוואָלט פערטיליגען די אידען האבען די קעניגען געוואָלט ווי עס איז בעשיצען די אידען און געזאָגט אז די אידען זענען זייערע קנעכט און מען טאָר זיי נישט הרג'ענען. דער תרוץ וואס איז אויסגעטראכט גע־וואָרען צו טאָן אידען א טובה איז איצט געוואָרען די ערג־סטע רעה פאר מיינע ברידער.

דער וויקאר האט זיך אויפגעשטעלט, אויפגעהויבען די הענד און איהם געבענטשט און געזאגט:

— איהר זענט גערעכט. איך האלט מיט אייך. וואויל איז אייער קעניג וואָס האָט אייך דעם קלוגען מאן אויסגעקליבען פאר א ראטגעבער! מיט מיין גאנצען הארצען וועל איך זיך בעמיהען אויספיהרען אייער פערלאנג. נאָך היינט וועל איך רעדען מיט'ן פויבסט, איך וועל איהם אויפווייזען אויפ'ן אונ־רעכט וואס מען טוט צו אידען און אז עס דראָהט אן אונגליק די קריסטען פון אייער לאנד, אויב מיר וועלען נישט ענדערן אונזערע בעציהונגען צו אידען. ווען איך וועל האבען עפּעס אייך איבערצוגעבען וועל איך אייך איינלאדען אין פאלאץ

אדער איך וועל קומען צו אייך אהער. זאל אבער אייער מיסיע בלייבען א סוד, אויך דאס וואס מיר האבען גערעדט טאר קיינער נישט וויסען. עס קען שטערען אונזערע פלענער.

דער וויקאר האט איהם נאכאמאל געבענטשט און געגאנגען צו דער טיר. יהודה אברבנאל האט גענומען עפענען די טיר, האט דער וויקאר געזאגט צו איהם שטיל:

— וועמען האט איהר דא אויסגעקליבען?

— איך וויים נישט וואס איהר מיינט?—האט יהודה געזאגט.

דער וויקאר האט געפינטעלט מיט די אויגען און גע־ענטפערט:

— די עלטסטע איז וואונדערשעהן... אבער די יונגערע איז נאך בעסער. זי איז נאך א מיידעל און זעהט אוים ווי א צייטיגע טייטעל...

יהודה'ן האט זיך שטארק געגלוסט אנצונעמען דעם אל־טען גלח פאר'ן גנניק און אראפוואדפען פון אלע שטיגען, נאר ער האט זיך בעהערשט און געזאגט:

— דאס איז אויך א זאך וואס איז בעסער צו בלייבען א סוד איידער צו רעדען דערפון....

— איהר האט דאך גענוג צייט—האט דער אלטער וויקאר צוגעגעבען—איהר וועט דאך קענען קריגען ביידע...

יהודה האט איהם גארנישט געענטפערט, געעפענט די טיר און איהם צוגעפיהרט צו זיין קארעטע און זיך געזעגנט. עס האט איהם שטארק פערדראסען אויף דעם וויקאר פאר זיינע שענדליכע ווערטער וועגען רב אברהם'ס טעכטער. ער איז אבער עטליכע מאל געווען ביי איהם אין פאלאץ און איהם צוגעאיילט אויסצופיהרען זיין פאדערונג. ער האט געזעהן אז דער כיטרער פאלשער גלח נארט איהם און פערציהט אלץ אין דער לאנגער באנק.

ער וואלט שוין געווען פערלאזט רוים. ער האט דאס אבער נישט געקענט טאן ווייל ער איז געווארען צוגעבונדען צום ארט מיט א פעסטען בונד. די שטריק וואס האבען איהם צו־געבונדען צו רוים זענען איהם געווען זעהר אנגענעם און ליעב.

יאסטא איז געווען זעהר א געשיקטע בעל־הבית'טע און זי האט אכטונג געגעבען, יהודה'ן זאל גאר נישט פעהלען און

האט געזעהן אז זיינע בעדיענער זאלען בעזאָרגען פאר איהם אלץ וואס ער האט ליעב נאָך איידער ער פאָדערט דאס.

יהודה האָט געהאט גרויס הנאה פון זיין וואוינען ביי רב אברהם'ן. און יאסטא איז געווען פאר איהם ווי א שעהנער גוטער מלאך. נאָר ווען ער האָט איהר געוואָלט דאנקען פאר איהר גוטסקייט און רעדען מיט איהר אונטער פיער אויגען, האָט איהר פנים זיך אָנגעצונדען, זי האָט צניעות'דיג אראָפּ־געלאָזט די אויגען און גלייך פערשוואונדען.

דעם פערוואונדעטענס קראַנקייט האָט זיך געשלעפּט האָפּנונגסלאָז. די היץ איז פערשוואונדען, די וואונד איז גע־וואָרען פערהיילט, ער איז אָבער נישט געוואָרען געזונד. זיי־נע לונגען זענען געוואָרען אָנגעגריפען און ער האָט בעקומען שווינדזוכט.

דאָס אומגליק האָט אַלעמען דערשלאָגען, זיי האָבען זיך ארומגעדרעהט ווי שאטענס און פאר צער זיך געהיט פאר א הויך וואָרט. יהודה איז אָנגענומען געוואָרען פון זייער צער און אז די רייכע אידען האָבען איהם איינגעלאדען צו א באָל האָט ער נישט געוואָלט געהן.

די ליעבע־ליעדער פון בעריהמטען איטאליענישען דיכטער דאנטע האָבען קינד און קייט געזונגען. די אידען האָבען גע־האט זייער בעריהמטען דיכטער, דאנטעס חבר עמנואל בן שלמה, א לעבעדיגער, פרעהליכער טאלאַנטפולער מאן וואָס האָט געשריעבען וואונדערליכע העברעאישע ליעבע־ליעדער, פול בליציגע געדאַנקען און גליהענדע ליידענשאַפט.

די אידישע יוגענד האָט איהם שטארק ליעב געהאט און איהם געקרוינט אלס דאָס "וואונדער פון דער צייט" און ער אליין האָט אויך געהאַלטען זעהר פיעל פון זיך, אז ביי אי־דען איז שוין עפּיס גרעסערס פון איהם נישט געווען. די יו־גענד איז אויסגעגאַנגען צו פערברענגען מיט איהם, ווייל ער איז געווען אַ שארפזיניגער וויצלער און זיינע ווערטלעך האָ־בען פערטריבען דעם אומעט פון יעדען שווער געמיט.

אזוי ווי עמנואל איז אויך געווען א בעריהמטער דאָק־טאָר האָט מען איהם אָפט גערופען צום קראַנקען יחיאל, וואָס איז פון טאָג צו טאָג געוואָרען ערגער. די ערשטע צייט האָט

ער אריינגעבראכט א ביסעל פרייד אין דער אומעטיגער פאַ־מיליע. אפילו פאלא וואָס איז געווען טרויעריגער פון אלעמען, איהר מאן יחיאל איז געווען מסוכן, האָט זיך איינמאָל שטאַרק צולאכט פון עמנואל׳ס אַ יוויציגע געשיכטע.

עמאנואל האָט זיך פארליעבט אין יאסטאַ׳ן און ווען מען האָט איהם שוין נישט גערופען צום קראנקען, איז ער אליין געקומען. איינמאָל האָט ער פאר׳ן אוועקגעהן דערלאנגט א קליין בריוועל יאסטאַ׳ן. זי האָט עס איבערגעלייענט און פער־רויטעלט זיך. יהודה אברבנאל האָט דאָס בעמערקט און ער האָט זי געבעטען זי זאָל איהם ווייזען דאָס בריוועל.

— וואָס ווערט איהר דאָ געפינען? — האָט זי געשמייר־בעלט — דאָס איז דאָך דער שטייגער פון די מענער צו מאַ־כען קאָמפּלימענטען און זאָגען ליגענס די מיידלעך וואָס זיי ווילען געווינען...

זי האָט איהם געגעבען דאָס בריוועל און ער האָט דאָרט געפונען אויסערגעוועהנליכע קאָמפּלימענטען פאר איהר. ער איז געוואָרען אויפגעקאָכט און געפרעגט:

— וואָס וועט איהר איהם ענטפערן?

— גאָר נישט — האָט זי געזאָגט נאאיוו.

ער האָט זיך בערוהיגט.

צומאָרגענס איז עמנואל ווידער געקומען. אלע האָבען זיך ווי תמיד דערפרעהט מיט איהם, נאָר יהודה האָט איהם נישט געקענט אָנקוקען. ווי עמנואל האָט דערזעהן יאסטאַ׳ן איז ער האסטיג צו צו איהר און זי ווארים בעגריסט. זי האָט איהם געענטפערט מיט אַ האלב מויל און גלייך ארויסגעגאַנ־גען.

עמנואל האָט לאַנג געווארט אויף איהר און איז אוועק ענטוישט. יהודה האָט דערפון שטאַרק אָנגעקוואָלען. אין אָוונד האָט מען יאסטאַ׳ן געבראכט א גרויסען בריעף פון עמנואל׳ן און ווי זי האָט איבערגעלייענט עטליכע שורות, האָט זי דאָס צוקנייטשט און צוריסען.

באַלד האָבען די צוויי שוועסטער זיך צוקריגט דאָס ערש־טע מאָל פאר דער גאַנצער צייט וואָס יהודא אברבנאל איז דאָ געווען. ביידע האָבען זיך בעקלאָגט פאר׳ן פאָטער אין יהודי׳ס און דעם קראַנקען׳ס געגענוואַרט.

יאסטא האָט זיך בעקלאָגט פאַר׳ן פאָטער אז עמנואל איז פאַלש. עס איז איהם וויניג וואָס אלע מאָל נעמט ער זי דורך מיט די אויגען, שרייבט ער איהר ליעבע־בריוועלעך און וויל זי פערנאַרען אין ליעבע.

פאלא וואָס האָט געהאָפּט אז דורך עמנואל׳ן וועט איהר מאַן ווערען געזונד, האָט נישט געזעהן אין איהם קיין בייז און זיך אָנגענומען פאַר איהם. זי האָט זיך געבייזערט אויף יאסטא׳ן:

— עס מעג זיין פאַר דיר א גרויסער כבוד וואָס עמנואל וויל דיך! די בעריהמטסטע אידישע מיידלאך וואָלטען זיך געפיהלט גליקליך ווען ער וויל קוקען אויף זיי!

— מיט וואָס ביזטו זיכער, אז ער מיינט מיט מיר ערנסט? — האָט יאסטא גע׳טענה׳ט — מיט זיין געשליפען מויל האָט ער שוין פערדרעהט די קעפּ פון א סך מיידלעך...

אין יהודה׳ן האָט זיך אָנגעצונדען א העליש פייער. ער איז געוואָרען בלאַס. יאסטא האָט זיך בעגעגענט מיט זיינע בליקען און פערשטאַנען וואָס אין זיין הארץ טוט זיך און זי האָט צוגעגעבען:

— ווען אפילו ער מיינט ערנסט, וויל איך אויך נישט. איך האָב איהם פיינט!

פון די ווערטער איז יהודה׳ן געוואָרען גרינגער אויפ׳ן הארצען.

— נאַר אזא אומבערעכענט מיידעל ווי דו קען פיינט האָבען עמנואל׳ן, וועמען אלע האָבען אזוי ליעב! — האָט פאלא געזאָגט אויפגערעגט — ווען דו וואָלסט געוואוסט זיין ווערט וואָלסטו גערעדט אנדערש. ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי געלערנט ער איז! ער איז בקי אין תלמוד און אין מדרש, איז קלאָהר אין קבלה און זיינע פירושים אויף די הייליגע ספרים זענען פון גרעסטען ווערט.

— מיט די אלע חכמות קומט ער דאָך נישט צו מיר! — האָט יאסטא געזאָגט בייז — צו מיר קומט ער מיט ליעבע־ליעדער. דערפאַר האס איך איהם.

יהודה׳ן איז געוואָרען אזוי ווארים און ליעב אויפ׳ן הארצען.

— יאסטא איז גערעכט — האָט דער קראַנקער געזאָגט פון פערדרוס וואָס זיין פאַלא נעמט זיך אָן פאַר עמנואל דעם דאַמען העלד — ער זוכט נישט איהר נשמה, איהר גייסט, נאָר די פרוי אין איהר, ער איז נישט פאַר איהר.

פאַלא האָט געשוויגען פערשעמט.

— וואָס ווילסטו, טאָכטער, זאָל איך דאָ טאָן ? — האָט רב אברהם געפרעגט.

— ער זאָל נישט קומען אהער.

— גוט. אָבער איך קען דאָך אזא בעריהמטען מאַן נישט פערטרייבען מיט אמאָל. ער קען אונז טאָן בייז. איינציג־ווייס וועל איך איהם דערווייטערן פון אונז.

יהודה האָט איצט געוואָלט עפענען זיין הארץ פאַר זיי און דערצעהלען ווי ליעב ער האָט יאסטאַ'ן. ער האָט דאָס אָבער נישט געקענט טאָן, ווייל דער קראַנקער האָט געקראָגען א שווערע אטאַקע און דערשראָקענע זענען אַלע צוגעלאָפען צו איהם. יהודה האָט דאָס אָבגעלייגט אויף צומאָרגענס.

באַלד אינדערפריה האָט דער וויקאַר דע אורבינא איהם גערופען אין פויבסט'ס פאַלאַץ און אז ער איז צוריקגעקומען האָט ער צו זיין שרעק געמערקט, אז אַלע האַלטען זיך פרעמד צו איהם. ער האָט געוואָלט פרעגען וואָס דאָ איז געשעהן, איז דער קראַנקער פלוצלינג געשטאָרבען.

דער טרויער איז געווען גרוים. די גאַנצע קהלה האָט יחיאל'ן שטאַרק בעווויינט. יהודה האָט אויך געטרויערט נאָך איהם. ער האָט דערפאַר ניט געפרעגט קיין וואָרט און גע־וואָלט איבערוואַרטען די "שבעה". האָט זיך אָבער דאָס רע־דיל איבערגעדרעהט און זיין גאַנצער פּלאַן איז געוואָרען צו־שטערט.

---

די גאַנצע צייט איז יהודה אברבנאל געווען א רעטעניש פאַר די רוימישע אידען. א יונגער געלערנטער, א רייכער מאַן, א שפּראַכען־קענער פון בבל, וואו די אידען איז גוט, איז גע־קומען נאָך איטאַליען דאָס פינסטערע לאַנד פאַר אידען. ער האָט זיך בעזעצט אין רוים, די שטאָדט וואָס האָט חרוב גע־מאַכט ארץ ישראל און פערטריבען די אידען און זיי געמאַכט פאַר קנעכט.

ער געהט אַרום ליידיג, טוט גאָרנישט. האַנדעלט נישט. זאָרגט נישט פאר'ן מאָרגען און דאָס געלד וואָס ער האָט מיטגעבראַכט צעטיילט ער לייכטזיניג צווישען ארימע אידען. וואָס טוט ער ביי די מאנזי'ס ? און וואָס געהט ער אזוי אָפט אין וואַטיקאַן ? וואָס פאר א בעראַטונגען האלט ער מיט די קארדינאַלען ? און פארוואָס שיקט ער אוועק די בעדינער ווען דער וויקאר קומט צו איהם ?

אידען האָבען דאָך ליעב צו גרונטעווען זיך אין זאכען וואָס זענען זיי אומפארשטענדליך, האָבען זיי אזוי לאנג גע־טראַכט ביז זיי זענען געפאַלען אויף דעם דאָזיגען געדאַנק :

אנדערש נישט נאָר ער וויל זיך שמד'ען און אָבשמד'ען די אידען פון בבל ! ווייל צוליעב איהם אליין וועט דאָך דער פויבסט זיך נישט דערנידריגען און האָבען מיט איהם אָפטע בעראַטונגען ! דערפאַר ערלויבט מען איהם געהן געקליידט ווי א בירגער אָהן דעם שאַנד־צייכען.

יהודא אברבנאל האָט ערשט שפּעטער געוואָהר געוואָרען אין וואָס זיי זענען איהם חושד. שפּעטער האָבען די אידען איהם דאָס דערצעהלט. די ערשטע צייט האָט ער דאָס נישט געוואוסט און זיי האָבען אָהן אויספאָרשונג איהם בעשולדיגט אין דעם שווערסטען פערברעכען.

זיי האָבען פערגעסען, אז ער האָט איינגעשטעלט דאָס לעבען פאר יחיאל'ן, זיי האָבען נישט געדענקט מעהר די צדקה וואָס ער האָט געגעבען און האָבען אויסגערעדט אויף איהם דאָס ערגסטע אויף דער וועלט.

עמנואל האָט איהם שרעקליך פיינט געהאַט איבער יאָס־טא'ן. ער האָט געפיהלט אז איבער איהם וויל איהם נישט יאסטא. האָט ער אויפגעהעצט די עלטערע אידען, זיי זאָלען ווארנען רב אברהם'ן, ער זאָל איהם ארויסטרייבען פון הויז.

ווען יהודה איז געווען אין פויבסט'ס פּאַלאַץ זענען די אידען געקומען צו רב אברהם'ען און איהם געזאָגט וואָס דער גאַסט וויל דאָ טאָן און געפאָדערט פון איהם, ער זאָל איהם ניט ארויפלאָזען אויף דער שוועל.

רב אברהם האָט אויפגעציטערט. ער האָט נישט געוואָלט גלויבען די שרעקליכע בעשולדיגונג אויף יהודה'ן, ווייל ער

האָט געוואוסט אַז ער איז אַן עהרליכער איד. ער האָט אָבער נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן אויף זייערע טענות. פאַר איהם איז יהודה אויך געווען אַ רעטעניש און ער האָט נישט געקענט פערשטעהן וואָס ער האָט צו טאָן ביים פּויבסט.

ער האָט דערפאַר בעשלאָסען איבערצורעדען מיט יהודה'ן און געוואָהר ווערען וואָס ער טוט דאָ. ער האָט דאָס אָבער נישט געטאָן, ווייל יחיאל'ס קראנקהייט האָט זיך אַזוי פערערגערט, אַז ער האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען. עס קען זיין אַז די בעשולדיגונג אויף יהודה'ן האָט דערנעהנטערט יחיאל'ס טויט. ס'האָט איהם וועה געטהאָן וואָס מען בערעדט אַזוי דעם וואָס האָט איינגעשטעלט דאָס לעבען פאַר איהם, דאָס האָט איהם אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט געקראָגען אַ טויטליכען בלוט-שטורץ און איז געשטאָרבען.

---

ווי אַלע זענען שוין געווען צוגעוועהנט מיט דעם געדאַנק אַז יחיאל וועט שטאַרבען, האָבען זיי זיך נישט געקענט בערוהיגען ווען דאָס אומגליק איז געשעהן. פאַלא האָט ביטער געיאָמערט אויף איהר יונגען געליעבטען מאַן. רב אברהם האָט זיך נישט געקענט פאַסען. ער האָט פערלוירען זיין ברודער און איידים. נאָר יאַסטאַ האָט געוויינט מעהר פון אַלעמען. ווען אַלע זענען שוין געווען שטיל האָט זי נאָך אַלץ געקלאָגט. יהודה האָט נישט געוואוסט, אַז ער איז אַ טייל פון איהר טרויער.

זי האָט זיך געטראַכט אַז באַלד וועט דער פאָטער איהם נעמען אויף אַ פערהער. ער וועט ווערען אין כעס און פערלאָזען דאָס הויז. און זי איז געוואָרען צו איהם אַזוי שטאַרק צוגעבונדען. טאָג און נאַכט האָט זי געטראַכט פון איהם. זי האָט געפיהלט אַז אָהן איהם וועט זי נישט קענען לעבען.

אָבער ווער ווייס? אפשר איז, חלילה, אמת דאָס וואָס מען זאָגט אויף איהם, האָט זי מיט שרעק געטראַכט, ווי קען איך דענקען פון איהם? ניין! עס איז נישט אמת! עס איז אַ בלבול! ער איז דאָך אַזוי גוט, אַזוי פרום און אַזוי עהרליך! אָבער פאַרוואָס האָט ער סודות פאַר זיינע אידישע ברידער?

זי האָט אַ סך געטראַכט פון איהם און געקומען צום גע-

דאנק, אז ווי עס זאָל נישט זיין, איז ער נישט פאר איהר. איז ער עהרליך, פרום און געטריי זיין פאָלק, ווי קען זי גאָר טרוימען פון איהם ? ער שטאַמט פון מלכות בית דוד, איז אונגעהייער רייך, א הערשער אין זיין לאנד, ווי קען זי זיך פערגלייכען מיט איהם ? ווען אפילו ער זאָל וועלען, איז ער אָבער צו הויך פאר איהר. זי טאָר נישט וועלען.

איז ער ווידער אזוי ווי מען זאָגט אויף איהם, טאָ וואָס איז ער ווערט מיט זיין יחוס און פערמעגען ? און אפשר איז אַלץ וואָס ער זאָגט ליגען, וואָס ער האָט דערצעהלט, כדי צו פערפיהרען די אידען ?

די ביטערע געדאנקען האָבען איהר שטארק וועה געטהאָן און זי האָט א סך געוויינט איבער זיי. נאָך שבעה איז רב אברהם ארויס פון הויז אויף א ווייל֫ע און אז ער איז צוריק־געקומען, איז ער אריינגעגאנגען צו יהודה'ן, ארויסגעשיקט די בעדינטע און פערשלאָסען די טיר. יאסטא האָט דאָס בע־מערקט און איהר הארץ האָט געקלאפט ווי מיט האמערס.

רב אברהם האָט גערעדט מיט איהם אָפען. האָט איהם דערצעהלט די שווערע בעשולדיגונג וואָס הענגט אויף איהם. יהודה האָט אויפגעציטערט און אום צו בעווייזען זיין אומ־שולדיגקייט האָט ער איהם אויסגעזאָגט דעם סוד פון זיין מיסיע און איהם בעוויזען די דאָקומענטען וואָס ער האָט געהאט מיט זיך. ער האָט איהם אויך געזאָגט, אז ער האָט ליעב יאסטא'ן.

א שעה צייט האָבען זיי פערבראכט. אז רב אברהם האָט זיך איבערצייגט אין אמת פון זיינע רייד, איז ער גיך ארויס־געגאנגען און צוגערופען יאסטא'ן און מיט פרייד איהר גע־זאָגט :

— גאָט שלאָגט און היילט ! ער האָט מיר צוגענומען מיין ברודער און איידים און האָט מיר צוגעשיקט א טרייסט. אונ־זער גאסט איז ריין פון דער בעשולדיגונג. ער איז עהרליך און פרום. ער איז ביי מיר אזוי גרויס ווי משיח, מיט וועמען ער איז פון איין משפחה. איך בין איבערצייגט אז ער איז געקו־מען אין א הייליג שליחות. און דו, מיין טאָכטער, האָסט דאָס גרעסטע גליק. באלד וועט ער קומען צו דיר און בעטען דיין האנד. ער וועט דיך פרעגען צי דו וועסט מסכים זיין ווערען

זיין פרוי און פאָהרען מיט איהם נאָך בבל ? די השגחה האָט אזוי געפיהרט ער זאָל קומען צו אונז, מיר זאָלען זיך משדך זיין מיט דעם נשיא פון בבל. מיט דער משפחה פון מלכות בית דוד, וואָס וועט עקזיסטירען אייביג.

פאר שמחה האָט דער פאָטער נישט בעמערקט ווי יאסטא איז צוטומעלט און נישט געהערט וואָס זי זאָגט און גלייך אריין צוריק צו יהודה'ן און איהם געשיקט צו איהר אין צימער.

אין יאסטא'ס הארץ האָט זיך אויפגעהויבען א מורא'דיגער קאמף. אָט איז יהודה ריין און עהרליך. ער איז איצט נאָך גרעסער ווי פריהער. דער כבוד איז אָבער צו גרויס פאר איהר. צו שווער. זי האָט מורא געהאט אז אין זיין היים וועט ער זי, דאָס פרעמדע מיידעל, נישט אזוי ליעבען ווי דאָ. אפשר וועט ער שפּעטער זאָגען אז זי האָט מיט איהם חתונה געהאט נישט ווייל זי האָט איהם ליעב, נאָר צוליעב זיין גרויסקייט און רייכקייט ?

יאסטא האָט געהאט א שווערען קאמף. זי האָט דאָך איהם אזוי שטארק ליעב. זי איז געוואָרען בלאס, די אויגען פינסטער און אז יהודה איז אריינגעקומען האָט ער געקוקט אויף איהר מיט שרעק. אזוי פערענדערט איז זי געווען.

אז ער האָט זי געפרעגט, אויב זי וועט מיט איהם חתונה האָבען ? האָט זי פעסט געענטפערט :

— דאָס קען נישט געשעהן ! קיינמאָל נישט ! איך בעשווער אייך איהר זאָלט דאָס נישט דערצעהלען מיין פאָטער. ער וועט האָבען גרויס צער. איך וועל איהם אליין איינציגווייס צוגרייטען דערצו און איהם דערקלערען די אורזאך פון מיין אפזאָג.

צומישט און צוטומעלט איז יהודה ארויסגעגאנגען. רב אברהם האָט געוואַרט אויף איהם מיט גרויס פרייד. יהודה האָט זיך בעהערשט און איהם געזאָגט, אז ער האָט געטאָן א פעהלער, וואָס ער האָט דאָס איהר געזאָגט פלוצלינג. זי איז אזוי אויפגערעגט, אז זי ווייס נישט וואָס צו זאָגען. איצט איז בעסער זי צו לאָזען צורוה. אלץ וואָס זיי האָבען גערעדט זאָל בלייבען א סוד ביז ער וועט איהם זאָגען אז ער מעג דאָס אלעמען דערצעהלען.

רב אברהם איז געוואָרען צוטומעלט. יהודה האָט איהם געלאָזט שטעהן און געהייסען זיינע בעדינטע איינשפאַנען די קאַרעטע. ער האָט זיך איבערגעטאָן און איז אוועקגע־פאָהרען אין פּויבסט׳ס פּאַלאַץ, זיך זעהן דאָס לעצטע מאָל מיט דעם וויקאר און הערען וואָס ער האָט איהם צו זאָגען. ער האָט בעשלאָסען דעם זעלבען טאָג צו פערלאָזען רוים און זיך אומקערען אהיים.

---

יהודה אברבנאל איז אוועק אין פּאַלאַץ און דער וויקאר איז נישט אַרויסגעגאַנגען איהם אויפנעמען און בעגריסען ווי תמיד. אויפגערעגט איז ער געשטאַנען אין פאָדער־צימער און געוואָרען מיעד פון וואַרטען. האָט ער אריינגעשיקט א פּויבסטליכען דינער אָנזאָגען דעם וויקאר אז ער האָט עפּיס וויכטיגעס איהם צו זאָגען. דער דינער איז אָבער אויך נישט אַרויסגעקומען.

יהודה איז געגאַנגען אויף און אָפּ אומגעדולדיג ווי אויף הייסע קויהלען און נישט פערשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך, וואָס דער וויקאר לאָזט איהם אזוי לאַנג וואַרטען. ענדליך איז דער דינער אַרויסגעקומען און איהם אַריינגערופען, אָבער נישט אין וויקאַר׳ס פּריוואַט־צימער, נאָר אין אַלגע־מיינעם שרייבצימער.

ווען יהודה איז אריין האָט דער וויקאר זיך נישט גע־ריהרט פון אָרט, נאָר שטאָלץ געזעסען אויף זיין אויסגעבעטען שטוהל און עפּיס געצייכענט. צוויי מאַנאַכען זענען געזעסען לעבען טיש און פערשריבען דאָס וואָס דער וויקאר האָט זיי דיקטירט. די מאַנאַכען האָבען געקוקט אויף יהודה׳ן מיט אָפענע פעראַכטונג און ער האָט געברענט פאַר כעס.

— דאָס ביזטו, מיין פריינד — האָט דער וויקאר געזאָגט — גוט וואָס דו ביזט געקומען. איך האָב געוואָלט שיקען נאָך דיר. איך האָב פאַר דיר א וויכטיגע נייעס.

— אויב עס איז אזוי וויכטיג, האָט איהר מיך נישט גע־דאַרפט לאָזען אזוי לאַנג וואַרטען.

— עס איז נישט וויכטיג פאַר מיר. נאָר פאַר דיר. האָב איך מיך נישט געאיילט.

יהודה׳ן האָט פערדראָסען וואָס ער נעמט איהם אויף

אין אנוועזענהייט פון נאָך מענשען און ער בעט איהם נישט זיצען, האָט ער מיט פערבאָרגענעם צאָרן געזאָגט:

— מיר דאכט זיך, אז דאָס איז וויכטיגער פאר אייך און אייערע ברידער, די קריסטען, ווי פאר מיר. אויב איהר ווילט דאָס נישט אנערקענען וועט איהר שפּעטער האָבען חרטה...

— איך ציטער שטארק פאר דיר — האָט דער וויקאר געזאָגט מיט שפּאָט, און צו די מאָנאכען האָט ער בעמערקט:

— דער איד איז זעהר שטאָלץ. פאר א איד פּאסט צו זיין שטאָלץ ווי הערנער פאר אן אייזעל...

ער האָט זיך שטארק צולאכט און די מאָנאכען מיט איהם. יהודה האָט גערעדט מיט אָפענעם כעס:

— איך קום צו אייך דאָס לעצטע מאָל אין נאָמען פון מיין קעניג אייך דאנקען פאר אלדאָסגוטס וואָס איהר טוט מיט מיר און מיט מיינע אידישע ברידער. היינט זענט איהר גאָר גנעדיג צו מיר... זייט אָבער זיכער, אז אינגיכען וועט איהר שטעהן פאָר מיר ווי איך שטעה איצט פאר אייך. דער־מאלט וועט איהר וויסען אז איך האָב די מאכט אָבצוצאָהלען צו מענשען דעם לוין וואָס זיי פערדינען...

— דענקסטו צו פאָהרען נאָך היינט? — האָט דער וויקאר איהם געפרעגט רוהיג.

— יא.

— און די שעהנע אידישקע נעמסטו אויך מיט? טוסט זעהר גוט וואָס דו נעמסט דיר מיט דעם מלאך, ער זאָל דיך בעשיצען. דיין וועג איז זעהר געפעהרליך. ווער וויים צו דו וועסט זיך אומקערען לעבעדיג?

יהודה האָט אויפגעציטערט און געלייגט זיין האנד אויף דער שווערד.

— נאָר היץ זיך נישט, איד! — האָט דער וויקאר בע־מערקט רוהיג — איך קען דיך גרינג אריינוואָרפען אין גע־פענגניש. ס'איז אָבער געגוג די בשורה פאר דיר פון דיין לאַנד. נא דיר דעם בריעף און האָב פערגעניגען!

ער האָט איהם דערלאַנגט א פערמאכטען בריעף מיט דעם שטעמפּעל פון דעם באגדאדער ערצדיאקאן אמבראזיוס. מיט

ציטערדיגע הענד האָט ער איהם געעפענט און איבערגעלייענט די דאָזיגע טרויעריגע נייעס:

"באגדאד, דאָס יאָהר 1291.

"גאָט זאָל שיקען זיין פרידען צו דיר, מיין ליעבער, טייערער פריינד יהודה.

"זאָל אונזער שטארקער גאָט דיך קרעפטיגען צו איבערטראָגען די שרעקליכע בשורה וואָס איך לאָז דיר וויסען פון דיין טובה־וועגען, צו בעשיצען דיך פון אן אומגליק.

"אין אונזער לאנד איז פאָרגעקומען א גרויסע איבערקערעניש. זייט דיין ברודער איז געוואָרען הויפּט־מיניסטער איז געווען אָרדנונג אין לאנד און אלע איינוואוינער זענען געווען גלייך פאר'ן געזעץ. די פערדאָרבענע מאנגאלישע גענעראלען, וואָס זענען געוועהנט צו רויבען דאָס רעכט פון די פרעמדע פעלקער זענען אָבער דערפון געווען אומצופרידען. די מאכמאדאנער האָט אויך פערדראָסען וואָס א איד איז דער פיהרער פון לאנד און זיינע נישט־פערגינער האָבען ארויסגעלאָזט א קלאנג, אז ער וויל צווינגען די מאכמאדאנער אָנצונעמען זיין ניי גלויבען, וואָס ער האָט אויסגעטראכט, כדי אלע איינוואוינער זאָלען האָבען איין גלויבען. דער קעניג אראגאָן וועט זיין דער הויפּט פון דער נייער רעליגיע און דיין ברודער — זיין נביא.

"עטליכע מאָל זענען זיי בעפאלען דיין ברודער און איהם געוואָלט דערמאָרדען, נאָר אזוי לאנג ווי דער קעניג האָט גע־לעבט האָט דיין ברודער אונטערדריקט יעדען אויפשטאנד. איז אָבער דער קעניג געוואָרען געפעהרליך קראנק. די גאנצע מיה וואָס דיין ברודער האָט אָנגעווענדעט איהם אויסצוהיילען איז געווען אומזיסט.

"אז ער האָט געזעהן אז דער קעניג איז האָפנונגסלאָז, האָט ער געשיקט נאָך'ן קרוינפּרינץ וואָס איז געווען אין פערסיען, ער זאָל שנעל קומען אהיים און פערנעמען דעם טראָהן און ראטעווען דאָס לאנד פון אומגליקליכע אומרוהען.

"די גענעראלען האָבען אָבער נישט געווארט און זענען בעפאלען דיין ברודער און אָפּגעהאקט זיין קאָפּ. דערנאָך האָבען זיי אריינגעוואָרפען זיין גאנצע פאמיליע און אנהענ־

גער אין געפענגניש. זייערע פערמעגענס האבען זיי צוגענומען און זייערע פרויען און קליינע קינדער פערקויפט פאר שקלאפען.

"אויך די מאכמאדאנער זענען בעפאלען די אידען און זיי אנגעטאן שרעקליכע צרות. איצט זענען מיר, קריסטען, אין א גרויס אומגליק. די מאנגאלען און די מאכמאדאנער זענען שטארק בייז אויף אונז, ווייל אונז האט זיך גוט געלעבט אונטער דעם קעניג און דעם אידישען הויפט־מיניסטער מרדכי, אונזער בעשיצער. ביינאכט ציטערן מיר פאר שרעק און בייטאג גלויבען מיר נישט אין לעבען.

"איצט, ווען איך האב געלאזט וויסען דעם פויבסט אלץ וואס עס האט פאסירט מיט אונז, שרייב איך דיר וואס עס האט געטראפען מיט דיין ברודער און דיינע פריינד. זאלסט איצט נישט קומען אהיים, ווייל דיינע פיינד ווארטען אויף דיר, זיי ווילען דיך הרג'ענען. עס וועט זיין בעסער פאר דיר זאלסט בלייבען אין רוים און נישט טרעטען מעהר אויף דער פערפלוכטער ערד וואס האט זיך אנגעזעטיגט מיט דעם בלוט פון דיין ברודער און דיין פאלק.

"דיין פריינד אין דיין טרויער

אמבראזיוס".

דער בריעף האט געציטערט אין זיינע הענד. עס האט איהם געשווינדעלט אין די אויגען און די בוכשטאבען האבען ווי בייזע טייוואלים געטאנצט. דער קאפ האט איהם אנגעהויבען שטארק וועה טאן און ער איז שיער געפאלען פון די פיס. ער האט אבער ווי דורך א נעפעל געזעהן ווי דער וויסאר מיט די מאנאכען שמייכלען און זענען צופרידען פון זיין אומגליק, האט ער זיך אנגעטאן אן איבערמענשליכען כח און געזאגט דעם וויקאר:

— ווען איהר וואלט געווען אזא מאן ווי דער פרומער אמבראזיוס, וואלט איהר בעסער זיך געזארגט פאר די קריסטען אין באגדאד און נישט געפרעהט זיך אויף דעם אומגליק פון די אידען, וואס האבען גוט געלעבט מיט די קריסטען, און דאס אידישע אומגליק איז אויך אן אומגליק פאר די קריסטען.

— די קריסטען האָבען זיך פערלאָזט אויף די אידען, דערפאר זענען זיי אומגליקליך. גאָט האָט זיי געשטראָפט, ווייל זיי האָבען געלעבט פריינדליך מיט די אידען. איצט, איד, געה ארויס פון דאנען, האָסט דאָ גאָר נישט וואָס צו טאָן! — האָט דער וויקאר געזאָגט בייז.

יהודה האָט גאָר נישט געענטפערט און געגאַנגען צו דער טיר.

— וואַרט א ווײלע — האָט דער וויקאר זיך אָנגערופען — ועסט נישט אוועקגעהן אָהן א מתנה...

ער האָט געגעבען א ווינק און צוויי בעוואָפענטע סאָל־דאַטען פון פויבסט'ס ארמעע האָבען זיך אוועקגעשטעלט ביי דער טיר.

— נעמט צו זיין שווערד און הוט! — האָט דער וויקאר בעפוילען.

יהודה האָט זיך נישט געשפּאַרט און זיי געגעבען די שווערד און הוט. א ווײלע האָט דער וויקאר איהם אָנגעקוקט פערטראַכט, זיך אויפגעהויבען, צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט:

— דו געחסט דאָך יעצט צו דיינע ברידער אין זייער אָרימקייט און אונטערדריקט לעבען. פאָלג מיין עצה, שמד זיך, פערגעס דיין פאָלק, וועלען מיר דיך גוט בעהאַנדלען.

— איך פערשאַכער נישט מיין גלויבען! — האָט יהודה געענטפערט שארף.

— בעטראַכט דיך, דו האַסטיגער איד, וואָס וועסטו גע־ווינען פון דיין נידריגקייט? דו וועסט דאָך מיטליידען מיט דיינע ברידער און געפייניגט ווערען אין זייערע יסורים. בע־העפט זיך מיט אונז, וועסט ווערען א בירגער, אן אדעלמאַן, וועסט ווערען בעריהמט און זיין גליקליך.

יהודה האָט ביטער געשמייכעלט, געוואָלט איהם ענט־פערן שארף, ער האָט זיך אָבער בעהערשט און געשוויגען.

דער וויקאר האָט געשמייכעלט גיפטיג און געזאָגט:

— די אידען זענען פון אייביג־אָן א האַרטנעקיג פאָלק. זאָלסט וויסען, דו איינגעשפּאַרטער איד, אז דו וועסט בלייי־בענדיג דאָ אין לאַנד זיין צו־שאַנד און שפּאָט ווי אלע דיינע ברידער. דו טאָרסט נישט טראָגען קיין שווערד און נישט

קיין הוט מיט א פעדער, ווי אן אדעלמאן. דיין שווערד נעם איך צו און אנשטאט די שטאלצע פעדער וועסטו קריגען א טאפעלע חרפה.

ער איז צוגעגאנגען צום טיש און ארויסגענומען א גרויס שטיק גרינע לייוועגט און געהייסען די מאנאכען זיי זאלען ארויסרייסען די פעדער פון יהודה'ס הוט און אנקלעפען דעם שאנד־צייכען, וואס איז צוויי מאל אזוי גרויס ווי עס איז נויטיג לויט דעם געזעץ.

די מאנאכען האבען עס גלייך געטאן. די סאלדאטען האבען יהודה'ן אנגעטאן דעם הוט מיט'ן שאנד־צייכען און אראפגעצויגען ביז איבער די אויגען. דערנאך האבען זיי איהם אנגענומען פאר'ן געניק און אזוי געפיהרט איבער אלע צימערן ביז צו די שטיגען און איהם אראפגעשליידערט פון דער הויך.

יהודה איז צומישט געווארען פון די פלוצלינגע צרות און ער האט זיך נישט געקענט אויפהויבען פון דער ערד. ער האט שרעקליך געציטערט און געווארפען פאר שרעק מיט די הענד און פיס.

זיין בעדינער וואס איז געשטאנען פון וויטענס מיט דער קארעטע האט געזעהן אז א איד פאלט פון די שטיגען איז ער צוגעלאפען זעהן ווער דאס איז. ער האט איהם נישט דערקענט. אזוי איז ער געווען פערענדערט. ווען ער האט זיך גוט איינגעקוקט האט ער איהם דערקענט און געוואלט אויפ־שטעלען. יהודה האט אבער נישט געקענט זיך האלטען אויף די פיס. האט דער בעדינער איהם גענומען אויף די הענד און צוגעטראגען צו דער קארעטע און גיך געפאהרען אחיים.

---

ווי זיי זענען אנגעקומען אין דער אידישער גאס האבען זיך אלע דערשראקען און רב אברהם'ס הויז איז פול געווארען מיט מענשען. רב אברהם מיט זיין הויזגעזינד זענען ארויס־געלאפען זעהן וואס דא איז געשעהן. זיי האבען יהודה'ן ווי א טויטען אריינגעטראגען אין הויז און געלעגט אין ערש־טען בעט אריין. יאסטא האט ארויסגעלאזט א שרעקליך גע־שריי און געפאלען פער'חלש'ט לעבען בעט.

פון מינוט צו מינוט זענען נייע מענשען צוגעקומען. די

גאָס איז שוואַרץ געוואָרען פון נייגעריגע. מיט גרויס מיה איז געלונגען די פרעמדע צו דערוויטערן פון הויז און דער־מינטערן די פער׳חלש׳טע.

יאסטא׳ן האָבען זיי די ערשטע דערמינטערט. זי האָט ניט־וואָלט צוגעהן ראַטעווען יהודה׳ן, האָט זי אָבער נישט געהאַט קיין כח צו ריהרען זיך פון אָרט. איז זי געזעסען אומעטיג אין ווינקעל און געוואַרט דער פאָטער מיט פּאלא׳ן זאָלען איהם דערמינטערן.

זיי האָבען בעמערקט אַ צוקנייטשטען בויגען פּאַפּיר אין זיין האנד. רב אברהם האָט אַרויסגענומען דעם בריעף און אַז יהודה האָט געעפענט די אויגען האָט ער איהם איבער־געלאָזט אויף׳ן פּאלא׳ן. און אריינגעגאנגען אין אנדערן צימער זעהן דעם בריעף און געוואָהר געוואָרען וואָס דאָ איז געשעהן.

יהודה האָט זיך אַרומגעקוקט און געזאָגט פערוואונדערט:

— אוי, איך האָב געזעהן א שרעקליכען חלום!

— זאָל איהם גאָט מאַכען צו גוטען — האָבען פּאלא און יאסטא געזאָגט — וואָס פאר א חלום?

— אז איך פאָהר אין פּויבסט׳ס פּאלאַץ...

— איהר זענט דאָך געפאָהרען וואכענדיג! — האָט פּאלא זיך אריינגעמישט, נאָר יאסטא האָט איהר געגעבען א ווינק צו שווייגען. און ער האָט ווייטער גערעדט:

— איך האָב געוואָלט וויסען דעם סוף פון מיין שליחות... פון מיין זיצען דאָ, האָב איך געהאַט עגמת־נפש... דער וויקאַר האט געמאַכט חוזק פון מיר... איך האָב גערעדט צו איהם שטרענג... ער האָט מיר דערלאַנגט אַ בריעף מיט אַ שרעק־ליכע בשורה... אוי, אַ שרעקליכער חלום!... אָבער וואָס טו איך דאָ? וואָס בין איך נישט אין מיין צימער?

ער האָט זיך אַרומגעקוקט פערוואונדערט און פּלוצלינג האָט ער דערזעהן זיין הוט מיט׳ן שאַנד־צייכען אויף׳ן טיש, האָט ער געשריגען ביטער:

— אוי, וועה! איך בין אומגליקליך!

פּאלא און יאסטא האָבען זיך אויך דערשראָקען קוקענדיג אויפ׳ן הוט און זיך אָנגעקוקט פארוואונדערט.

— אוי, וועה, מיין אומגליקליכער פריינד! וועה, מיין האָפנונג איז פערלאָרען! — האָט רב אברהם געזאָגט מיט

וועהטאָג אריינקומענדיג — עס איז נישט קיין חלום. עס איז אמת. דער בריעף איז א בעוויז.

יהודה איז אראָפּגעשפּרונגען פון בעט און מיט א צו־בראָכען הארץ נאָכאמאָל איבערגעלייענט דעם בריעף. רב אברהם מיט די טעכטער זענען ארויס פון צימער און איהם געלאָזט אליין, ער זאָל בעוויינען זיין אומגליק.

— אוי, וועה, מיין ברודער און שוועסטערן ! — האָט יהודה ביטער געוויינט און צוריסען די קליידער — ווי גרויס איז דאָס אומגליק ! אין איין רגע האָב איך אלץ פערלוירען. איך בין איצט עלענט, ווי א פערלוירענער בלאַט אין הערבסט! איך בין געפאַלען פון הויכען הימעל אין טיפען תהום ! איך האָב געהאַפּט אויף גוטס און עס איז געקומען שלעכטס ! איך האָב געוואַרט אויף ליכטיגקייט און בין איינגעהילט גע־וואָרען אין פינסטערניס.

יהודה האָט שטארק געוויינט און דאָס גאַנצע הויז־געזינד האָט מיטגעוויינט. די מענשען אין דרויסען האָבען דערהערט די קולות, האָבען זיי זיך אריינגעריסען אינוויניג. האָט רב אברהם זיי דערצעהלט פון אומגליק. די אנגעזעהענע אידען זענען באַלד אריין צו יהודה'ן און איהם אוועקגעזעצט אויף דער ערד אלס אבל. אין א שעה ארום האָבען זיי איהם אויפגעהויבען און זיך געשטעלט דאווענען מנחה און ער האָט מיט ביטערע טרערען געזאָגט קדיש.

זיי האָבען זיך געזעצט צום טיש עסען מיט'ן אבל איי־איינעם. יאסטא האָט דערלאַנגט יהודה'ן א קאַפּעל און צו־גענומען זיין הוט מיט'ן גרויסען שאנד־צייכען.

ביים עסען האָבען אלע איהם מנחם אבל געווען. נאָר יאסטא איז נישט געווען דערביי. ווען זיי האָבען געוואָלט בענטשען איז יאסטא אריינגעקומען און האָט איהם דער־לאַנגט דעם הוט. דאָס גרויסע שטיק גרינע לייווענט איז שוין נישט געווען, אנשטאָט דעם איז אויפ'ן הוט געווען אנגענייט א קליין רונדיג שטיקעל גרין זיידענס. יהודה האָט איהר צו־געוואָרפען א דאַנקבארען בליק און זיינע אויגען זענען פער־גאָסען געוואָרען מיט טרערען.

רב אברהם האָט געקוקט אויף ביידען און געזיפצט שווער.

יהודה האָט ביטער געטראַכט, אַז איצט האָט ער אויך זי פערלוירען.

— טאַטע ! — האָט יאַסטאַ זיך פּלוצלינג אנגערופען אין געוואָרען רויט — האָסט מיך פריהער עפּיס געפרעגט און איך האָב דיר נישט געגעבען קיין ענטפער...

דער פאָטער איז געוואָרען צוטומעלט, געוואונקען צו איהר און געשטאַמעלט :

— איך האָב פערגעסען... איך געדענק נישט... מיר האָבען היינט אזויפיעל איבערגעלעבט... האָב איך פערגעסען...

— איך געדענק אָבער יא, טאַטע, דוקא צוליעב די איבערלעבונגען... איך גיב דיר איצט מיין ענטפער... איך וועל ערפילען דיין פערלאַנג... האָסט מיך געפרעגט, צי איך וויל ווערען זיין פרוי, געהן מיט איהם אין זיין לאַנד ? איך האָב מורא געהאַט, ער איז געווען צו הויך פאַר מיר. איצט איז ער גלייך מיט מיר... איצט בעשטעה איך... דאָס איז אַ גאָט'ס זאַך. צוליעב מיר איז ער אהער געקומען פון בבל. טאַטע, גיב אונז דיין ברכה !

די פערזאַמעלטע האָבען געקוקט אויף איהר מיט בעווונדערונג. יהודה האָט פאַר פרייד נישט געקענט רעדען קיין וואָרט. רב אברהם איז אַלץ געזעסען צוטומעלט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

יאַסטאַ איז צוגעגאַנגען צו יהודה'ן, איהם אָנגעטאָן דעם חוט מיט'ן שאנד־צייכען און געזאָגט פרום :

— דאָס איז דער צייכען וואָס פערבינדט אונז ביידע אויף אייביג. דורך דעם גרינעם צייכען ביזטו געוואָרען גלייך מיט אונז און איך וועל מיט דיר טיילען דעם גורל פון לעבען. איך קען דיר נישט אומקערען דאָס וואָס גאָט האָט צוגענומען ביי דיר. איך וועל דיר אָבער קענען צוהעלפען אין לעבען. דו ביזט אַ גוטער דאָקטאָר און אַ געלערנטער מאַן און וועסט מיט גאָט'ס הילף מפרנס זיין דיין הויזגעזינד. איך קען שרייבען, וועל איך קריגען ארבייט איבערצושרייבען ספרים און מיר וועלען דורכקומען. טאַטע, זאָרג נישט, גאָט וועט אונז העלפען !

יהודה האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט :

— זאָל דיך גאָט בענטשען, טייערע נשמה, וואָס דו פערד־

לאָזט מיך נישט אין טאָג פון מיין אומגליק! דו ביזט מיין מלאך. מיין גאַנץ לעבען וועל איך אָבגעבען פאַר דיר. און דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט, אַז דו קענסט אויך ארבייטען, וואַרט אַ רגע, פאַר אַלעמען וויל איך דאָ עפּעס ווייזען...

ער איז ארויס און אוועק אין זיינע צימערן. אין אַ ווייל־עדום איז ער צוריקגעקומען און געהאַלטען אין האַנד אַ גרוי־סען גאָלדענעם האַלזבאַנד בעזעצט מיט איידעל־שטיינער און אין מיטען אַ גרויסער דימאַנט וואָס האָט פערפלייצט די שטוב מיט ליכט. און ער האָט געזאָגט:

— גאָט האָט מיך געשטראָפט. מיינע אייגענע זענען אומ־געקומען. אונזער פערמעגען האָט דער פיינד אוועקגערויבט. דאָס איז מיר נאָר געבליבען. אָבער עס וועט זיין גענוג אונז צו שפּייזען און נאָך אויף הילף פאַר אַנדערע נויטבעדערפ־טיגע.

דאָס זעלטענע שטיק צירונג איז געגאַנגען פון האַנד צו האַנד. אַלע האָבען זיך געוואונדערט און געזאָגט:

— דאָס איז דאָך קעניגליך צירונג. מען קען דאָך דער־פאַר אָפּקויפען אַ גאַנצע מדינה!

— איהם פּאַסט דאָס! — האָט זיך אָנגערופען ר׳ אברהם, ער שטאַמט דאָך פון נשיא פון בבל, פון מלכות בית דוד!

—איך האָב נאָך אַ סך אַזעלכע טייערע זאַכען — האָט יהודה געזאָגט — זיי זענען ביי מיר אַן אייביג אַנדענקען פון מיין מאַמע די נשיאה, אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל זי האָבען! זייט זיכער, רב אברהם, מיר וועלען זיי נישט דאַרפען פער־קויפען אויף ברויט. אַ דאַנק גאָט, איך בין נישט אָרים.

פּאַלא האָט אָנגעטאָן דעם האַלזבאַנד יאַסטאַ׳ן און צו־קושט זיך מיט איהר און געזאָגט:

— דעם האַלזבאַנד טו איך אָן אויף מיין שעהנער שוועס־טער׳ס האַלז. ווי דער האַלזבאַנד איז בעהאַפטען אַן דיין האַלז, אַזוי זאָל אייער לעבען זיין פערבונדען און באַהאַפ־טען ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

ווי זי האָט דאָס געזאָגט האָט אַ שטראָם טרערען ארויס־געזעצט פון איהרע אויגען. זי איז אוועק אין אַ ווינקעל און

שטיל געוויינט. יאסטא האָט אויסגעטאָן דעם האַלזבאַנד און איהם דערלאַנגט איהר פאָטער.

— איך טאָר זיך איצט נישט אָנטאָן קיין צירונג. מיר זענען איצט אין גרויס טרויער נאָך פּאַלאָ׳ס מאַן יחיאל און נאָך יהודה׳ס ברידער.

— שליסען א שדוך מעג מען אָבער יא. — האָט ר׳ב אברהם געזאָגט, אָנגענומען יאסטאַ׳ן און יהודה׳ן פאַר די הענד און זיי געגעבען זיין פאָטערליכע ברכה צום שדוך.

---

דעם זעלבען אבענד איז געווען די תנאים, אין א מאָנאט אַרום איז געווען די חתונה. אין א יאָהר אַרום דאָט יאסטא געהאט א יונגעל און יהודה האָט איהם א נאָמען געגעבען יוסף נאָך זיין פאָטער. אין דריי יאָהר אַרום האָט יאסטא געהאט נאָך א יונגעל שמואל. די צוויי קינדער זענען געווען זייער טרייסט אין לעבען.

יהודה איז בעריהמט געוואָרען אַלס גוטער דאָקטאָר און די אדעליגע פאַמיליעס וואָס פּאַלאָ׳ס טראַגי׳ש אומגעקומענער מאַן יחיאל איז געווען זייער דאָקטאָר, האָבען אָנגעשטעלט יהודה׳ן אַלס זייער הויפּט־דאָקטאָר. ער האָט פערדינט א סך געלד און געטאָן א סך צדקה אין דער אידישער קהלה און געהיילט זיינע אָרימע ברידער אומזיסט.

יהודה אברבנאל האָט געהאָפּט צו לעבען רוהיג. איז איהם בעפאַלען א נייע צרה. דער נייער פּויבסט האָט דערקלערט א קרייץ־צוג אויף דער אדעליגער פאַמיליע, וואָס יהודה איז געווען זייער הויפּ־דאָקטאָר. דאָס פעבעל איז בעפאַלען זייערע פּאַלאַצען און פערניכטעט. די אדעליגע זענען אנטלאָפען נאָך פראַנקרייך צום קעניג וואָס איז געווען צוקריגט מיט דעם פּויבסט.

דעם פּויבסט׳ס מענשען האָבען אָבער געוואָלט אויסהרג׳ענען אַלעמען וואָס האָבען געהאט צו טאָן מיט די אדעליגע. יהודה אברבנאל איז געווען געצוואונגען צו נעמען יאסטאַ׳ן מיט די קינדער און אנטלויפען פון רוים. נאָך פראַנקרייך האָט ער מורא געהאט צו לויפען, ווייל דער קעניג פיליפּ דער שעהנער האָט שרעקליך געפּייניגט די אידען. איז ער אַוועק נאָך סעוויל, שפּאַניען, וואו דער קעניג פער-

דינאַנד דער פערמעגער האָט שטאַרק מקרב געווען אידען.

יהודה האָט אין שפּאַניען געראַטעוועט זיין לעבען און דאָס לעבען פון זיין הויזגעזינד. זיין פערמעגען איז אויך געבליבען גאַנץ. אינגיכען איז ער בעקאַנט געוואָרען אין סעוויל און בעפריינדעט מיט די אדעלליים פון לאַנד און בעקומען א גרויסען נאָמען.

---

די מגלה האָט געשריבען יהודה אברבנאל אין יאָהר פינף טויזענט פינף הונדערט און זעכציג לויט דעם אידישען רעכ־נונג. ער האָט די מגלה צוזאַמען מיט די פריהעריגע מגלות און דאָס שטיק גרינע לייוועגט, וואָס די מאַנאַכען האָבען אנ־געגייט אויף זיין הוט אלס שאנד־צייכען איבערגעלאָזט אלס אנדענקען פאר זיין זוהן יוסף און צוגעשריבען די פאָלגענדע ווערטער:

יוסף, מיין טייער קינד!

אונזער עלטער־פאָטער דוד הנשיא האָט געשריבען זיין מגלה אין בבל און איך שרייב מיין מגלה אין סעוויל. בבל און שפּאַניען טרעפען זיך אָפּט אין אונזערע זכרונות. דער מזרח מיט'ן מערב זענען ביי אונז פערבונדען. אונזער גורל איז ווי דער גורל פון אונזער פאָלק וואָס וואַנגעלט צווישען פעלקער און לענדער אין גלות שוין איבער צוועלף הונדערט יאָהר. פארוואהר עס איז גאָט'ס ווילען, אז אונזער פאַמיליע, די קינדער פון מלכות בית־דוד, זאָל מיטגעהן מיט אונזער פאָלק אין אלע לענדער פון זיין גלות און טיילען זיך מיט איהם זיינע ליידען.

איך לאָז דיר איבער א סך טייערע זאַכען. אָבער אמ־טייערסטען איז ביי מיר דאָס גרין שטיק לייוועגט וואָס די מאַנאַכען האָבען אָנגעגייט אויף מיין הוט אלס שאנד־צייכען און דאָס איז געוואָרען דער צייכען פון בונד צווישען מיר און דיין געטרייע מאַמע יאַסטא. דאָ אין סעוויל, האָף איך צו גאָט, וועל איך שוין לעבען רוהיג.

איך בעט דיך, טייער קינד, היט אָב מיין ירושה, בעזונ־דער דעם שאנד־צייכען אזוי גוט ווי איך היט זיי. זאָל עס זיין הייליג פאר דיר און דיינע קינדער און קינדס־קינדער. גאָט זאָל דיך אָבהיטען פון אלדאָסבייז און בעשערען א רוהיג

לעבען דיר און אונזער גאנצע משפחה צוזאמען מיט אונזער פאָלק אויף אייביג.

דאָס זענען די רייד פון דיין פאָטער

יהודה בן יוסף אברבנאל פון בבל,
דוד הנשיא׳ס אן אור־אייניקעל, פון
**מלכות בית דוד.**

# די פערגיפטעטע ברונימער

א דור געהט אוועק און א דור קומט. קעניגרייכען בייטען זיך און פערשווינדען. פיעל פעלקער זענען ווי די שאטענס אפגעווישט געגוואָרען. נאָר דאָס אידישע פאָלק איז געבליבען אויף זיין דערנידריגטען שטאנד. געשטויסען און געטריבען פון אלע פעלקער, פערשעמט און בעליידיגט אין יעדען דור: אלע פעלקער האָבען געמאכט איין האנד צו פערטיליגען גאָט׳ס פאָלק. אידען טרינקען זיך אין זייער בלוט און טרערען. און גאָט זעהט דאָס און שווייגט! ווי לאנג, וועסטו שווייגען, גאָט?

---

יוסף בן יהודה אברבנאל האָט געלעבט אין סעוויל און געווען זעהר רייך. ווען זיין פרוי האָט געהאט א יונגעל האָט ער איהם א נאָמען געגעבען יהודה נאָך זיין פאָטער. ווי יהודה האָט נאָר אָנגעהויבען רעדען האָבען זיי איהם דערצויגען אין פרייען אידישען גייסט. ביז דרייצעהן יאָהר האָבען זיי איהם געלאָזט לערנען תורה און שפּראכען. יוסף האָט איהם אויך געלערנט מעדיצין און יהודה האָט זיך שטארק אויסגעצייכענט אין לערנען.

ווען ער איז געוואָרען בר־מצוה האָט יוסף איהם אוועקגעפיהרט נאָך טאלעדא צום רב רבי יהודה, דער זוהן פון רא״ש. יוסף האָט געוואָלט אריבערנעמען דעם רב נאָך סעוויל. די טאלעדאָ׳ר אידישע קהלה האָט איהם אָבער נישט געוואָלט אוועקלאָזען און געטאָפּעלט זיין שכירות, ער זאָל פערבלייבען אין שטאָדט.

יהודה איז פערבליבען אין רב׳ס הויז און געלערנט ביי איהם פיער יאָהר. ווען יהודה איז געוואָרען זיבעצעהן יאָהר האָט דער רב געראטען זיינע עלטערן זיי זאָלען איהם שיקען

נאָך דייטשלאַנד אין א ישיבה. די ישיבות אין דייטשלאַנד ווענען דעמאָלט געווען די גרעסטע. און דער רא״ש האָט געזאָגט, אז די רבנים פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבען גע׳ירש׳נט די תורה פון דור צו דור פון ערשטען קוואַל.

דער רב, דעם רא״ש׳ס זוהן, האָט אויך געהייסען זיינע פינף זיהן זיי זאָלען פערלאָזען שפאַניען און פאָהרען נאָך דייטשלאַנד לערנען. דער יונגער יהודה אברבנאל האָט שטאַרק געוואָלט פאָהרען. זיינע עלטערן האָבען אָבער מורא געהאַט איהם צו שיקען, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אז די אידען אין דייטשלאַנד שטעהן אויס געברענטע צרות. יהודה האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט, דער רב האָט זיי אויך שטאַרק צוגע־רעדט און זיי האָבען איהם מיטגעגעבען א גרויסע סומע געלד און אוועקגעשיקט אין ווייטען וועג אריין.

אַלע האָבען שטאַרק געוויינט ביים געזעגענען, די מוטער האָט מען ערשט געקענט אָפּרייסען פון איהר געליעבט קינד ווען די שיף האָט שוין אָנגעהויבען ריהרען פון אָרט.

אויף דער שיף האָט יהודה זיך בעקענט מיט א יונגען דייטש און געוואָרען מיט איהם בעפריינדעט. דער דייטש קאָנראד ווינטערטור האָט געשטאַמט פון אן אנגעזעהענע קריסטליכע פאַמיליע אין שטראסבורג. ער האָט געלערנט אין פּאריז און אז ער האָט געענדיגט אַלס אדוואָקאַט איז ער געגנפאָהרען אהיים.

יהודה און קאָנראד האָבען זיך בעקענט אויף דער רייזע און גוט פערבראכט. דאָס וואָס זיי האָבען געהערט צו פער־שידענע אמונות האָט זיי נישט געשטערט צו ווערען גוטע פריינד.

פּלוצלונג איז קאָנראד געוואָרען זעהר קראַנק. דער שיפס־קאַפּיטאַן האָט מורא געהאַט ער זאָל נישט שטאַרבען און געוואָלט איהם אראָפּלאָזען אין א פראנצויזישע פּאָרט־שטאָדט. האָט זיך יהודה איינגעשטעלט פאר איהם. ער האָט זיך אונטערגענומען איהם אויסצוהיילען. צעהן טעג האָט יהודה נישט אָפּגעטרעטען פון זיין בעט. ווי א געטרייער ברודער האָט ער איהם געהיט און בעדינט ביז קאָנראד איז געוואָרען געזונד.

קאָנראד האָט נישט געהאַט גענוג ווערטער איהם צו

דאַנקען פאר דעם חסד וואָס ער האָט געטאָן מיט איהם. און ער האָט איחם געבעטען ער זאָל מיטפאָהרען מיט איהם צו זיינע עלטערן, זיי זאָלען קענען דעם מענשען, וואָס האָט זייער קינד געראַטעוועט פון טויט.

יהודה האָט אָבער געוואָלט פאָהרען גלייך אין ישיבה און ער האָט נישט געוואָלט אָראָפּגעהן אינמיטען וועג. ווען די שיף איז צוגעקומען צו קעלן האָבען זיי זיך געזעגענט האַרציג און קאָנראַד האָט געזאָגט:

— מיין פריינד, דו ווילסט נישט פאָהרען איצט מיט מיר כדי מיינע עלטערן זאָלען דיך קענען, וויל איך דיר עפּיס באַרלייגען. דו פאָהרסט דאָך צו דיינע ברידער. זייער לעבען איז דאָך שטענדיג אין סכנה. זאָלסטו וויסען, אַז אין שטראַס־בורג האָסטו א פריינד, וואָס איז תמיד גרייט דיר צו העלפען.

יהודה איז געפאָהרען נאָך ווערמייזא (וואָרמס) אין דער גרויסער ישיבה פון רב שמואל בן אשר הלוי.

ווערמייזא איז א חיבשע שטאָדט לינקס ביים רהיין. זי איז געבענטשט מיט איהרע תבואות און טייערן וויין. אין דעם גוטס האָבען אָבער אידען נישט געהאַט קיין חלק. די אידען זענען נישט געווען קיין בירגער און האָבען נישט געהאַט קיין שום רעכט. פון די טויזענט מאָס שנאה וואָס די גוים האָבען צו אידען האָבען די דייטשען געהאַט ניין הונדערט חלקים. און די איינוואוינער פון רהיין האָבען גע־האָט די גאַנצע טויזענט מאָס האַס צו אידען.

וואָס עס האָט נישט געטראָפען, א גליק צי אַן אומגליק, האָבען נאָר די ווילדע מאַסען זיך פערזאַמעלט, האָבען זיי געטרעטען די אידען און זיי גע׳הרג׳עט און געמאָרדעט. די אידען זענען געווען שטאַרק דערשלאָגען און אונטערדריקט, זיי זענען קיינמאָל נישט געווען זיכער מיט׳ן לעבען.

אָבער ווי שלעכט די גוים זענען געווען צו די אידען, אזוי גוט האָבען די אידען געלעבט צווישען זיך. זיי האָבען געלעבט צוזאַמען אין גרויס איבערגעבענהייט. געהיט די פאַמיליע און גרויס געמאַכט די קהלה און לערנען תורה איז געווען זייער איינציגע פרייד אין לעבען.

אויף דער גאַס איז דער איד געווען א פערפאָלגטער קנעכט. אין זיין הויז און אין שוהל איז ער געווען א מלך.

אין דרויסען איז זיין וועלט געווען פינסטער. אין שטוב מיט זיין פאמיליע און אין שוהל האט גאט'ס ליכט געשיינט אויף זיין קאפ.

---

וואס מעהר דער איד האט געליטען פאר זיין אמונה און וואס שרעקליכער ער איז פערפאָלגט געוואָרען פאר דער תורה, אלץ טייערער און ליעבער איז די אמונה און די תורה איהם געוואָרען. די גרעסטע זאך אויף דער וועלט איז געווען צו זיצען און לערנען.

דער רב האט געקראָגען גרויס כבוד. און וואס מעהר תלמידים דער רב האט געהאט אלץ מעהר כבוד האט מען איהם אָפּגעגעבען. די תלמידים זענען געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט, פון איין ישיבה אין דער אַנדערער און געלערנט. אַלע מאָל ביי גרעסערע רבנים און פערשריבען זייערע אויפ־טוען.

אַ תלמיד האט זיך אויסגעצייכענט און געוואָרען אנגע־זעהן, ווען ער האט גאַנצע נעכט געאַרבייט צו פערשרייבען די תורה פון זיין רבי. פון די פערשריבענע תורות איז גע־וואָרען "תוספות". דער תלמיד האט דאס מיטגעבראַכט אין דער נייער ישיבה און דאָ האָבען די תלמידים דאס אָפּגעשרי־בען און אויסגעלערנט.

אזוי פלעגען די לערנער וואַנדערן פון ישיבה צו ישיבה. געווען צווישען זיי אזעלכע וואס האָבען שוין געהאט אַ ווייב מיט קינדער, געווען אַליין שוין רבנים אין זייערע קהלות, האָבען זיי איבערגעלאָזט די ערטער און דאס הויזגעזינד און געוואָרען פּרושים צו פערטיפען און פערפולקאָמען זיך אין לערנען.

אין די ישיבות זענען געווען יונגע בחורים און פּרושים. יעדע ישיבה האט געהאט אַ בית המדרש לעבען דער שוהל. דאָרט זענען זיי געזעסען אַ גאַנצע וואָך, טאָג און נאַכט מיט די ראשי ישיבות. נאָר אויף שבת און יום־טוב איז דער ראש ישיבה געגאַנגען אַהיים.

די שטאָדט־לייט און אויך די אידען פון די אָרומיגע קהלות האָבען געצאָהלט אַ חדש־אָבצאָהל פאר דער ישיבה,

די תלמידים זאָלען נישט דארפען זאָרגען וועגען עסען און מיט אַ רוהיג געמיט זיצען און לערנען.

די ווייבער פון די פּרושים און רבנים האָבען געהאַנדעלט און געפיהרט געשעפטען, די מענער זאָלען רוהיג לערנען און נישט האָבען אויף זיך דעם עול פון פּרנסה. און אויב די פרויען זענען געווען פערמעגליך האָבען זיי געדונגען אַ סופר ער זאָל איבערשרייבען גמרות און אַנדערע ספרים פאַר דער ישיבה. געלד, עשירות, האָבען נישט געבראַכט קיין כבוד, נאָר די תורה האָט געבראַכט כבוד.

---

אַז יהודה איז געקומען נאָך ווערמייזא איז ער אַוועק אין ישיבה און אָפּגעגעבען דעם בריעף פון זיין רבי דעם ראש ישיבה. דער ראש ישיבה האָט איהם תיכף שטאַרק מקרב געווען, האָט איהם געגעבען אַן אָרט אין ישיבה צום לערנען און אויף צו וואוינען. אויף שבת און יום־טוב האָט ער איהם בעשטעלט צו קומען צו זיין טיש.

אין ישיבה האָבען דעמאָלט געלערנט איבער הונדערט מאַן, פּרושים און יונגע בחורים. ווען זיי האָבען געוואָהר גע־וואָרען אַז ער קומט אַרויס פון מלכות בית־דוד און אַז דער ראש ישיבה איז איהם אַזוי מקרב, האָבען זיי איהם גאַנץ ליעב אויפגענומען און זיך דערפרייט מיט איהם.

ער האָט אָנגעקוואָלען פון זיינע נייע חברים. עס האָט גערוהט אויף זיי די לויטערקייט פון דער תורה. זייערע ברייטע, טיפע שטערנס האָבען זיך געקנייטשט פון פערטראַכט־קייט און שאַרפען זיך אין לערנען. יעדער האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ דענקער און אַ טרוימער. נאָר יעדער האָט גע־טראָגען אַ הוט אַנדערש פון צווייטען.

ער האָט זיך געוואונדערט און געפרעגט, פאַרוואָס זיי טראָגען פערשידענע היט? זיי האָבען איהם דערקלערט, אַז דאָס איז אַ גזרה, פונאַנדערצושיידען די אידען נישט נאָר פון די גוים, נאָר די אידען פון איין שטאָדט זאָלען טראָגען אַן אַנדער מין הוט ווי די אידען פון אַ צווייטער שטאָדט.

די אידען אין דייטשלאַנד האָבען נישט געמוזט טראָגען דעם שאַנד־צייכען, אַ גרין אָדער אַ רויט שטיקעל לייווענט. זיי האָבען געמוזט טראָגען הויכע היט מיט אַ שפּיץ ווי אַ

האָרן. די פאָרם פון די היט איז אומעטום גלייך, נאָר די קאָליר איז פערשידען.

אין עסטרייך און שוואָבען מוז דער הוט זיין רויט. אין שלעזיען, די רהיין־געגענד און נידערלאַנד — גרין. אין איין געגענד בלוי, אין אַ צווייטע געל. יעדע געגענד אַ הוט פון אַן אנדערע פאַרב. ווען אַ איד פון איין געגענד איז אוועקגעפאָה־רען אין אַן אנדער געגענד, האָט ער געמוזט טראָגען זיין היי־מישען הוט, מען זאָל וויסען פון וואַנען ער קומט. זיי האָבען אויך נישט געטאָרט טראָגען אַ יארמעלקע אָדער אַ קאַפּוז, זיי זאָלען שטענדיג מוזען געהן אין הוט, מען זאָל זיי דער־קענען. נאָר אַ איד וואָס קומט פון אַ פרעמד־לאַנד, מוז טראָ־גען אַ קאַפּוז, צו אונטערשיידען זיך פון די דייטשע אידען. דער קאַפּוז איז עהנליך צום קאַפּוז פון די מאָנאַכען.

אין ישיבה האָט מען קיינעם נישט גערופען ביים נאָמען. איינער וואָס איז געווען פון דרום־פראַנקרייך, האָט געהייסען דער "פּראָווינצער". איינער האָט געהייסען דער נירנבער־גער, ער איז געווען פון נירנבערג. זלמן "ראַנקעל", וואָס האָט אַזוי געהייסען, ווייל ער איז געווען פון דער שטאָדט ראַנקעל, איז געווען איינער פון די בעסטע בחורים אין ישיבה, און דער רב האָט איהם גענומען פאַר זיין עלטסטער טאָכטער'ס חתן.

דער ראש־ישיבה רב שמואל חלוי איז אריינגעקומען פון זיין חדר. עס איז געוואָרען שטיל. דער רב איז ארויף אויפ'ן בעלעמער. די תלמידים האָבען זיך געזעצט אויף זייערע ער־טער. יהודה'ן האָט דער ראש־ישיבה געזעצט לעבען זיין זוהן און מען האָט אָנגעהויבען לערנען.

דער רב האָט געזאָגט די גמרא מיט רש"י. האָט גוט דער־קלערט דעם ענין יעדער זאָל וויסען קלאָר. דערנאָך האָט ער געזאָגט תוספות און ערשט שפּעטער זיינע אייגענע אויפ־טוען. און דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען דער "פּלפּול". די וואָס האָבען שוין געלערנט אין אנדערע ישיבות האָבען נאָכגעזאָגט וואָס זיי האָבען געהערט און אנדערע האָבען געזאָגט אַן איי־גענעם אויפטו.

מען האָט זיך אָנגעהויבען שפּאַרען, אַפּשפּאַרען, עס איז געוואָרען אַ שטורם, אַ "מלחמה". אָט האָט מען איינעם יע־כאַפּט. ער האָט געזאָגט אַן אויפטו און זיך געגרויסט, אַז עס

איז זיין איינגענער. האָט זיך ארויסגעוויזען, אז ער האָט דאָס גע׳גנב׳עט ביי עמיצען. ער האָט זיך שטארק פערשעמט. איינער וואָס האָט געפריוועט עפיס זאָגען, און עס האָט זיך נישט געקלעבט א וואָרט צו א וואָרט, האָט אויך געהאַט בזיון. וואויל איז געווען דעם וואָס האָט געזאָגט א גוטען אויפטו. דער רב האָט איהם געלויבט און די חברים האָבען איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד. א הייליגער שיין האָט גע־רוהט אויף זיין פנים. די אויגען האָבען אויפגעלויכטען מיט דער פרייד פון דער תורה.

די פיהרער פון דער קהלה, די צוועלף פרנסים, וואָס זענען געווען גוי די צאָהל פון די אידישע נשיאים אין דער מדבר, זענען אריינגעקומען אין דער ישיבה. זיי זענען געווען זעהר רייך און גרויסע לערנער. האָבען זיי זיך אָפט אריינגע־מישט אין לערנען און אז א בחור איז שטארק געפעלען גע־וואָרען, האָבען די רייכע אידען געוואָרפען אן אויג אויף איהם, נעגעבען א גרויסען נדן און גענומען פאר אן איידים.

יהודה איז אָנגעקומען דאָנערשטאָג. צומאָרגענס, פריי־טאָג, איז דער רב נישט געקומען אין ישיבה. די בחורים זענען מיעד פון דאָנערשטאג א גאנצען טאָג. זיי לערנען דאָנערשטאג א טאָפעלטען שיעור און זיצען־אויף א גאנצע נאכט און איבער׳חזר׳ן דאָס לערנען פון דער וואָך.

פרייטאָג זענען די ישיבה־לייט פריי. זיי באָדען זיך אין פעררינכטען די קליידער אויף שבת. אנדערע געהן אין שטאָדט זעהן זיך מיט פריינד און בעקאנטע, ביי וועמען זיי עסען שבת און יום־טוב. א טייל שרייבט בריעף צו עלטערן און קרובים. נאָר די מתמידים זענען געזעסען און פערשריבען די אויפטוען פון דער וואָך.

יהודה איז געבליבען אין ישיבה. ער האָט נאָך נישט גע־האַט צו וועמען צו געהן. די חברים האָבען איהם אויך געראַ־טען נישט ארויסצוגעהן אין זיינע שפאַנישע קליידער אין גאַס, ווייל די שטאָדט־וועכטער קענען איהם כאַפּען און בע־שטראָפען, וואָס ער געהט אָהן א קאַפּוז.

ער איז געזעסען ביים פענסטער און ארויסגעקוקט. ער האָט דערזעהן מחנות אידען מיט זעק אויף די פּלייצעס קומען אין שטאָדט אריין. דאָס זענען די שטאָדט־אידען,

וואָס זענען אַ גאַנצע וואָך געגאַנגען איבער די דערפער אויפ־צוקויפען אַלטוואַרג, אהיימגעגאַנגען אויף שבת.

---

יהודה איז געזעסען אין ישיבה און אַ מינוט האָט ביי איהם אויסגעוויזען ווי אַ יאָהר. ער האָט שוין געוואָלט דער־לעבען אוועגד און זיין אין רב׳ס הויז. ווי ער זיצט אַזוי אומ־געדולדיג, האָט ער דערהערט מען קלאַפט אין די פענסטער צוויי גיכע קליינע קלעפ און דעם דריטען לענגער און שטאַר־קער.

עס איז געווען גלייך ווי דער זייגער האָט געשלאָגען צוועלף. יהודה האָט ארויסגעקוקט און דערזעהן דעם אונטער־שמש ווי ער געהט מיט אַ הילצענעם האמער און "קלאַפט אין שוהל אריין". דער אונטער־שמש איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אַלטע זיידענע זשופּעצע, וואָס איז ערטערווייז געווען אויסגעקראָכען, אָבער זעהר ריין.

דער אונטער־שמש איז געגאַנגען פון הויז־צו־הויז און "געקלאַפט אין שוהל אריין". און פון די הייזער האָבען זיך ארויסגעלאָזט אידען מיט זייערע קליינע און גרויסע זיהן, פרישע, ליכטיגע אין זיידענע קליידער און געגאַנגען אין שוהל, וואָס איז געווען לעבען דער ישיבה.

יהודה האָט זיך אָנגעטאָן זיין קורץ רעקיל און אויך געגאַנגען אין שוהל אריין. שטיל איז געווען אין שוהל. די קינדער זענען געזעסען אויף די קינדער־בענק. זייערע חדר־בעהעלפערס האָבען אכטונג געגעבען אויף זיי. און די טאַ־טעס זענען אויך נישט געשטאַנען ליידיג. אַ טייל האָט גע־האָלפען דעם שמש ר׳ אליקום אָנצינדען די ליכט אין די קופּערנע הענגלייכטער, וואָס האָבען געבלאַנקט ווי גאָלד. אַ טייל האָט מעביר געווען די סדרה, אַנדערע האָבען געזאָגט שיר השירים מיט אַ זיסען ניגון.

באַלד זענען אריינגעקומען די חזנים מיט די שוחטים און זיך געזעצט אויפ׳ן בעלעמער. דערנאָך זענען געקומען די פרנסים און זיך געשטעלט ביי דער מזרח־וואַנט. דערנאָך איז געקומען דער רב מיט זיין זוהן משה און זיך געשטעלט לעבען ארון־קודש רעכטס. נאָך׳ן רב זענען אריינגעקומען די תלמידים פון ישיבה און די שוהל איז געוואָרען פול. דער רב

האָט צוגערופען יהודה׳ן און איהם געגעבען אן אָרט לעבען זיין זוהן. און משה דעם רב׳ס האָט איהם געזאָגט :

— דער שניידער האָט שוין אָפּגעבראַכט דעם מאַנטעל מיט דעם קאַפּוז פאַר דיר. וועסט היינט קענען מאַכען איבער זיי א שהחיינו...

דאָס דאַווענען און די ניגונים האָבען געמאַכט א שטאַר־קען איינדרוק אויף יהודה׳ן. נאָך מעריב האָט דער שמש ארויסגענומען א פלאַש וויין מיט א זילבערנעם בעכער פון בעלעמער און דערלאַנגט דעם רב א בעכער וויין. די בעהעל־פערס האָבען ארויפגעפיהרט די חדר־יונגלעך און זיי אויס־געשטעלט לעבען רב. דער רב האָט געמאַכט קידוש און א בעהעלפער האָט געגעבען דעם קידוש־וויין די קינדערלעך צו טרינקען. און דער רב האָט אויפגעהויבען די הענד און זיי געבענטשט.

דעמאָלט זענען די קינדער ערשט צוגעגאַנגען צו זייערע טאַטעס. יעדער פאָטער האָט געבענטשט זיין קינד ארויפ־לייגענדיג די הענד אויף זיין קעפּיל. דערנאָך זענען די פּרנסים מיט אַלע דאַווענער צוגעגאַנגען צום רב און געזאָגט הויך :

— גוט שבת, רבי !

— גוט שבת ! גוט יאָהר ! — האָט דער רב יעדען גע־ענטפערט.

יעדער האָט מיטגענומען אן אָרימאַן אויף שבת צום טיש. דער רב איז ארויס מיט זיין זוהן און דער טאָכטער׳ס חתן און יהודה׳ן. עס זענען אויך מיטגעגאַנגען מיט׳ן רב א סך תלמידים, אזעלכע וואָס האָבען נישט געהאַט קיין פריינד אין שטאָדט. זיי האָבען געגעסען שבת ביים רב.

---

זיי זענען אריין אין רב׳ס הויז. די שטוב האָט געשיינט שבת׳דיג. פון דער שבת־שיין האָבען ארויסגעלויכטען דאָס פרומע ליכטיגע פּנים פון דער רבי׳צין גיטעל׳ן און די וואונ־דער־שעהנע דריי טעכטער דעם רב׳ס. מיכלא, די עלטסטע, די כלה. זי איז געווען בעריהמט אין לערנען. האָט געקענט בעסער פון א סך בחורים. די צווייטע ליבע, א זעכצעהן־יעהריג מיידעל, וואָס האָט געגלענצט מיט איהר שעהנקייט

און חן. און די יונגסטע ראָזאליין, צעהן יאָהר אלט און ווי צוויי טראָפּענס וואסער ווי ליבע.

אלע האָבען געזאָגט הויך : גוט שבת. און די פרויען האָבען געענטפערט הויך : גוט יאָהר. די מיידלעך האָבען זיך געשטעלט אין א רייה. מיכלא איז צוגעגאנגען צום פאָ־טער און אראָפּגעבויגען דעם קאָפּ. און דער רב האָט זי גע־בענטשט. ווי זי איז ארויסגעגאנגען פון אונטער זיינע הענד האָט ליבע אראָפּגעבויגען דעם קאָפּ און זיך געשטעלט אונטער דעם פאָטער׳ס הענד.

יהודה האָט געקוקט אויף איהרע לאנגע שווארצע צעפּ וואָס האָבען געגרייכט ביז איהר בלויען גארטעל, וואָס האָט פעסט איינגעצויגען איהר לאנג ווייס קלייד און דער טאליע וואָס איז געווען אזוי דין און איידעל. יהודה איז פערכאַפּט געוואָרען פון די וואונדערליכע צעפּ און געשטאנען פערטראכט ביז דער רב האָט איהם איבערגעשלאָגען, ווען ער האָט איהם פאָרגעשטעלט פאר דער רביצין מיט די טעכטער. דער רב האָט דערצעהלט ווי זיין פריינד דער רב פון טאלעדא לויבט איהם שטארק פאר זיין פעהיגקייט צום לערנען און, אז ער בע־זיצט אלגעמיינע בילדונג און קען א סך שפּראכען.

— איך בין נישט ווערטה די לויב — האָט יהודה געזאָגט בעשיידען. און ער איז ווידער צוטומעלט געוואָרען. ער האָט זיך געטראָפען מיט ליבע׳ס ליכטיגע בליקען, וואָס האָבען ארויסגעשטראהלט פון איהרע ראב־שווארצע וויהעס און איה־רע ברענענדיגע שווארצאַפּלען האָבען איהם בעגאָסען מיט א פייער־כוואליע.

ליבע האָט דערלאנגט צום טיש. איינציגווייס האָט יהודא זיך צוגעוועהנט צו קענען בייזעהן איהרע שווארץ־פייעריגע אויגען. ביים עסען האָט דער רב געבעטען יהודה׳ן ער זאָל דערצעהלען ווי עס לעבט זיך די אידען אין שפּאניען. ער האָט דערצעהלט און זיי האָבען שטארק הנאה געהאט, וואָס די אידען איז גוט אין שפּאניען און זיך געטרייסט פאר די צרות וואָס אידען ליידען אין דייטשלאנד שוין א פּאָר הונדערט יאָהר.

אין צווייטען צימער האָבען געגעסען די תלמידים פון ישיבה. דאָרט איז אויך געווען דער "נירנבערגער", וואָס איז

געוועזן א גרויסער וויצלינג. האָט ער געזאָגט וויצען און די תלמידים האָבען געלאַכט. דער רב האָט זיי דאָס ערלויבט. זיי אַרבייטען שווער ביים לערנען א גאַנצע וואָך.

נאָך׳ן עסען האָבען די תלמידים אריינגערופען יהודה׳ן צו זייער טיש, ער זאָל שטעלען וויין, ווי יעדער פרישער בחור.

— לייגט דאָס אָפּ אויף מאָרגען, אויף שבת־צו־נאַכטס — האָט דער רב געזאָגט — עס איז שבת הגדול. איך מוז צו־גרייטען מיין דרשה. אז איהר וועט טרינקען וויין, וועט איהר חוליען א גאַנצע נאַכט און מיר שטערען.

האָבען זיי דאָס אָפּגעלייגט אויף שבתצונאַכטס.

---

די בחורים זענען צוריק געגאַנגען אין ישיבה, שלאָפען אין זייערע צימערן, וואָס זיי האָבען דאָרט געהאַט. נאָר מיכלא׳ס חתן זלמן ראַנקעל און יהודה אברבנאל זענען גע־בליבען נעכטיגען אין רב׳ס הויז.

דער רב איז אוועק אין זיין חדר צוגרייטען די דרשה און די רביצין האָט זיך געלייגט שלאָפען. משה, מיכלא און ליבע זענען געבליבען זיצען מיט זלמנ׳ען און יהודה׳ן. דער חתן האָט אָנגעהויבען שמועסען אין לערנען מיט מיכלא׳ן, האָט איהר איבערגעגעבען די אויפטועז פון דער וואָך און איהר גענעבען צו פערשטעהן. אָפט איז מיכלא רויט געוואָרען, ווייל זלמן האָט זיך שטאַרק געבייזערט אויף איהר און אָפט געשריגען אז זי האָט א פערשטאָפּטען קאָפּ, זי פערשטעהט נים. יהודה האָט זיי שטאַרק בעוואונדערט. זייער תמימות, צניעות, הייליגקייט און ריינקייט, וואָס ער האָט דאָ דער־זעהן. די דייטשע רבנים האָבען טאַקי געמאַכט פון די אידען א הייליג פאָלק, האָט ער געטראַכט.

אזוי ווי משה איז אריינגעצויגען געוואָרען אין תורה־שמועס פון זיין שוועסטער מיט׳ן חתן, איז יהודה מיט ליבע׳ן געבליבען אין א בעזונדערע גרופּע. יהודה האָט נישט געשמועסט מיט איהר אין לערנען. אין שפּאַניען האָבען די בעסטע בחורים נישט גערעדט פון לערנען מיט שעהנע מייד־לעך. זיי האָבען געקוקט אויף זיי מיט אויגען פון מענער אויף פרויען.

האָט יהודה געקוקט אויף איהרע בליהענדע באַקען, גע־טאַקטע ליפּען, אין איהרע וואונדערליכע אויגען און ער האָט געפיהלט ווי זיין נשמה וואָלט זיך געטובל׳ט אין א רויזען־טייך. די וואונדערשעהנע ליבע האָט איהם געפאַנגען. ער האָט גערעדט א סך. ער האָט אָבער נישט געוואוסט וואָס ער רעדט ביז דער לערנערישער שמועס האָט אויפגעהערט און משה האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— ס׳איז שפּעט! צייט צו געהן שלאָפען!

ווען יהודה איז געזעסען מיט ליבע׳ן האָט ער גע׳חלום׳ט וואכעדיג. און אז ער איז איינגעשלאָפען האָט ער ווידער גע־טרוימט פון איהר.

עס איז געקומען א מלאך צו איהם. האָט איהם גענומען אויף די פליגעל און אוועקגעטראָגען אין הימעל אריין. ער האָט איהם געבראכט אין היכל פון די נשמות. יהודה איז געשטאַנען און געקוקט און ער האָט דערזעהן ליבע׳ן. ווי א פייגעלע איז זי צוגעפלויגען צו איהם און זיך געזעצט אויף זיינע הענד. ער האָט איהר געקוקט אין די אויגען און זיין הארץ האָט געצאַפּעלט פאר גרויס פרייד.

פּלוצלינג האָט א האנד זיך בעוויזען און דערנעהענטערט צו איהם. און ליבע איז אוועקגעפלויגען. ער האָט זיך אויפ־געכאַפּט דערשראָקען און דערזעהן מיכלא׳ן. זי האָט גע־זאָגט:

— בחור! שטעה אויף, זלמן איז שוין אויפגעשטאַנען. צייט צו געהן דאַווענען!

ער האָט זיך אויפגעהויבען אָהן חשק און מיט פערדרוס זיך אנגעטאָן די נייע קליידער, דעם לאַנגען מאַנטעל מיט׳ן קאַפּוז און דעם הוט מיט׳ן האָרן. ער האָט זיך אָנגעשפּיגעלט און זיך נישט דערקענט. אזוי שרעקליך פערענדערט האָט ער אויסגעזעהן אין די קליידער. און דוקא האָט ער היינט זיך געוואָלט אויספּוצען ווי אמשענסטען. ער איז געווען צופרידען וואָס ליבע איז נאָך געשלאָפען און האָט איהם נישט געזעהן אין די מאָדנע קליידער.

ווען זיי זענען אהיימגעקומען פון דאַווענען האָט יהודה גלייך אראָפּגעוואָרפען די משונה׳דיגע קליידער פון זיך. זיי האָבען געמאכט קידוש און פערביסען מיט געשמאַקע קיכ־

לעך. די דינסט האָט אריינגעטראָגען אַן עמער וואסער, א שעפ און א שאַף, זיי זאָלען זיך וואשען. דער רב איז געשטאַנען פערטראַכט, געקלערט מסתמא פון דער דרשה, האָט די רעביצין איהם צוגעאיילט:

— וואשט זיך שוין! מען האָט שוין ארויסגענומען ס'טשאָלענט, ס'וועט ווערען קאַלט!

פלוצלינג האָט זיך געעפענט די טיר און עמיצער האָט געפרעגט אויף דייטש:

— וואו איז דער בישאָף פון די אידען? (די דייטשען האָבען יעדען רב גערופען: „יודען בישאָף").

אַלע האָבען זיך דערשראָקען. ווער ווייס, אפשר עפיס א נייער בלבול אָדער א פרישע גזרה? עס איז אריין קאָנראַד וויינטערטור. יהודה האָט איהם דערזעהן און געבליבען גע־פלעפט. אין א רגע האָבען זיי זיך ארומגעכאַפּט און קאָנראַד האָט איהם בעדעקט מיט הארציגע קושען. דעם רב'ס הויז־געזינד זענען נישט געוועהנט געווען צו זעהן אז א גוי זאָל קושען א איד, האָבען נישט פערשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך.

קאָנראַד האָט זיי אָבער באַלד אויפגעקלערט דאָס רעטע־ניש. ער האָט זיי דערצעהלט וואָס פאַר א גוטס יהודה האָט איהם געטאָן. ער האָט דערצעהלט יהודה'ן אז ער איז געוואָ־רען וויצע־בירגערמייסטער פון שטראַסבורג און ער האָט גענומען אורלויב אויף עטליכע טעג צו זעהן זיין פעטער דעם בישאָף פון ווערמייזא. ער האָט זיך היינט אינדערפריה גע־זעגענט מיט'ן פעטער און געוואָלט פאָהרען אהיים, איז ער צופעליג דורכגעגאַנגען אין אידישען קווארטאַל און האָט גע־זעהן די אידען ארויסגעהן פון שוהל.

ער האָט בעמערקט אַן אַלטען עהרווירדיגען מאַן געהן מיט דריי יונגע לייט. איינער איז איהם געווען שטארק בע־קאַנט. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט דערמאָנען וואו ער האָט איהם געזעהן.

— טייערער פריינד, איבער דער ווילדער קליידונג האָב איך דיך נישט דערקענט — האָט קאָנראַד געזאָגט יהודה'ן — איהר זענט אָבער באַלד פערשוואונדען אין דעם הויז. איך האָב געפרעגט די פערבייגעהער, ווער עס וואוינט דאָ? און זיי האָבען מיר געזאָגט, אז דאָ וואוינט דער „בישאָף פון די

אידען״, האָב איך מיך דערמאָנט, אז דו האָסט געוואָלט פאָהרען לערנען דאָ, בין איך אריינגעגאַנגען. איך בין אזוי גליקליך וואָס איך האָב דיך געטראָפען!

קאָנראַד האָט איהם שטארק געבעטען ער זאָל מיטפאָהרען מיט איהם אויף עטליכע טעג נאָך שטראַסבורג. ער האָט גע־בעטען דעם רב, ער זאָל איהם הייסען פאָהרען.

— איך וויל מיין פאַמיליע זאָל קענען דעם גוטען מלאך וואָס האָט גערעטעוועט מיין לעבען! — האָט ער זיך געבעטען.

יהודה האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט. ער וויל נישט פאָהרען. ער האָט געפיהלט אז עס וועט איהם זיין שווער אפילו איין טאָג צו זיין אוועק פון דאַנען און נישט זעהן ליבע׳ן...

— גוט. ביזט אַן עקשן. איך זעה — האָט קאָנראַד גע־זאָגט — זאָג, וואָס קען איך איצט פאַר דיר טאָן, כאָטש א קליינע בעלוינונג פאַר דיין גרויסע טובה?

— קענסט טאָן, אויב דיר איז מעגליך, — האָט יהודה געזאָגט — פּועל ביים בישאָף, דער הערשער פון שטאָדט, איך זאָל מעגען טראָגען מיינע שפּאַנישע קליידער.

קאָנראַד האָט איהם דאָס צוגעזאָגט, זיך צוקושט מיט איהם, פערנוייגט זיך פאַר אַלעמען און ארויסגעגאַנגען.

---

דער רב האָט שווער געאַרבייט אויף זיין דרשה. די מיה איז אָבער נישט געווען אומזיסט. ער האָט געהאַלטען א טיעפע וואונדערליכע דרשה. צוויי א זייגער נאָכמיטאָג האָט ער זיך געשטעלט זאָגען און געענדיגט אום פינף. די גרעסטע לומדים פון שטאָדט האָבען געשטוינט פון איהר שאַרפקייט און טיעפקייט.

אז דער רב האָט אויסגעטאָן דעם טלית זענען צוגעגאַנ־גען צו איהם די פּרנסים און אַלע בעריהמטע לומדים און איהם שטארק געדאַנקט פאַר דער דרשה און געהויבען צום הימעל זיין חכמה און גאונות.

נאָך מנחה זענען אַלע מיטגעגאַנגען צום רב אין הויז עסען שלש סעודות. דער טיש איז געווען געדעקט פון אַלעם גוטען.

די פרנסים האָבען געלאָזט ברענגען וויין. מען האָט געגעסען און געטרונקען און געזונגען זמירות ביז נאכט.

מיט אמאָל האָט זיך אריינגעטראָגען די שטימע פון דער רביצין, וואָס האָט פרום ווי דאָס קול פון א טויב געזאָגט אויף אידיש־דייטש:

גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב!
היט דיין פאָלק ישראל אין דיינעם לאָב!
דער ליעבער שבת קודש געהט אַוועק,
און די פולע וואָך קומט אָן צו מזל
און צו ברכה
און צו הצלחה
און צו א גוט געזונד
און אַ גוטע פרנסה
און צו גוטע זכיות
פאר אונז און פאר כל ישראל
אמן ואמן!

האָט דער עולם געבענטשט און זיך געשטעלט דאַווענען מעריב. דעם רב'ס טעכטער האָבען אָנגעצונדען ליכט. משה דעם רב'ס זוהן, האָט אָנגעצונדען די "חבדלה", וואָס איז געווען געפלאָכטען פון אכט וואקסענע ליכט, און אָנגעגאָסען דעם בעכער ביז איבער די ברעגען און פערגאָסען דעם טיש.

דער רב האָט געמאכט הבדלה און געגעבען אַלעמען צו טרינקען פון כוס. ער האָט אויך אריינגעשיקט פון הבדלה־וויין פאר דער אידישער דינסט. דערנאָך האָט ער פערלאָשען די הבדלה און וויין פון טיש. דער רב האָט אראָפּגענומען דעם הוט און ארויפגעלייגט ביידע הענד אויף זיין אייגענעם קאָפּ און געזאָגט דריי מאָל:

— א ברכה און א הצלחה זאָלען רוהען אויף מיין קאָפּ!

דערנאָך האָט ער געבענטשט זיין זוהן, די טעכטער, דעם חתן און יהודה'ן. דאָס איז געווען אַ גוטער סימן פאר יהודה'ן אז דער רב האַלט איהם ווי אַן אייגענעם קינד.

— אַ גוטע וואָך! א גוטע וואָך! — האָבען די געסט געזאָגט און געגאַנגען אהיים.

— א גוט יאָהר ! א גוט יאָהר ! — האָבען דער רב מיט זיין הויז־געזינד זיי נאָכגעוואונשען צו דער פולער וואָך.

די ישיבה־בחורים האָבען אָנגעהויבען צוזאַמענקומען. היינט אויפדערנאַכט דאַרף דאָך דער "שפּאַנישער" שטעלען וויין. זיי האָבען געוואוסט אַז ער איז רייך און עס וועט זיין אַ סך צו טרינקען. דאָס גאַנצע הויז איז געוואָרען פול. דער רב האָט געהייסען דעם שמש עפענען די קהל'שע מאַגיך־שטוב. אַלע תלמידים זענען אַהין געגאַנגען. די רביצין מיט איהרע טעכטער און די פּרנסים'ס פרויען און טעכטער זענען אויך געקומען און זיך געזעצט ביי אַ בעזונדערן טיש. צווי־שען די מיידלעך זענען געווען עטליכע כלה־מיידלעך, וואָס האָבען דאָ געהאַט זייערע חתנים, וואָס דער רב האָט פאַר זיי אויסגעקליבען פון דער ישיבה.

---

יהודה האָט אָנגעזאָגט ר' אליקים שמש, ער זאָל געבען אַזויפיעל וויין וויפיעל מען וועט ווילען. די רביצין און די עטליכע מחותנות'טעס האָבען געבראַכט טייער געבעקס און מען האָט גענומען טרינקען איין גלאָז וויין נאָכ'ן אנדערן.

די אויסגעבליכטע באַקען האָבען בעקומען פאַרב, די צוקנייטשטע שטערענס האָבען זיך אויסגעגלייכט און די אומעטיגע אויגען האָבען אויפגעלעבט און געוואָרען פול פרייד. די בחורים האָבען אָנגעהויבען שפּילען פערשידענע שפּילערייען. איינער האָט אָנגעהויבען זאָגען אַ פּסוק. דער צווייטער האָט געמוזט אָנהויבען אַן אנדער פּסוק וואָס הויבט זיך אָן מיט'ן זעלבען אות, וואָס דעם פריהערינענס פּסוק האָט זיך געענדיגט.

יהודה האָט זיך שטאַרק געוואונדערט וואָס דער גרעסטער טייל האָבען געקענט זעהר ווייניג תנ"ך. געווען אַנדערע וואָס האָבען אין זייער לעבען קיין קאַפּיטעל תנ"ך נישט געלערנט. דאָך האָבען זיי גיך געפונען אַ פּסוק צו זאָגען. און אַז מען האָט זיי געפרעגט פונוואַנען זיי ווייסען? האָבען זיי געענט־פערט, אַז דער פּסוק איז אין דער און דער גמרא, אויף דעם און דעם בלאַט.

געקענט גוט תנ"ך האָבען נאָר דער "פּיטן"; דער נאָרד־הויזענער" פּרוש ; דער "מיינצער" בחור ; דער "ווינער"

עלוי און זלמן, דעם רב׳ס חתן. יהודה האָט זיך שטאַרק אויס־געצייכענט. ער האָט געקענט תנ״ך פון אויסווייניג. יהודה איז איבערראַשט געוואָרען, ווען ער האָט דערזעהן אז ליבע קען אויסגעצייכענט תנ״ך. זי האָט אָפט ארויסגעהאָלפען איהר ברודער משה און אנדערע בחורים, וואָס ס׳איז זיי אָנגעקומען שווער צו געפינען א פסוק.

נאכדעם האָבען זיי געזאָגט רעטענישען. יהודה האָט זיי געבעטען עפּיס זינגען. האָבען אלע געבעטען דעם ״פּיטן״, וואָס האָט געשריבען שירים, ער זאָל ווייזען וואָס ער קען. צוערשט האָט דער משורר געזונגען דעם אבן־עזרא׳ס א שיר און אלע האָבען געפּאַטשט בראַווא. אז ער האָט געוואָלט זינ־גען אן אייגענעם שיר, איז אויפגעשפּרונגען דער ״נירנבער־גער״ און געזאָגט א וויץ אויף דעם משורר אז אלע האָבען זיך שטאַרק צולאַכט.

— נירנבערגער ! נירנבערגער ! זאָג וויצען ! — האָ־בען אלע געשריגען און נישט געוואָלט הערען די געזאַנגען.

ער האָט אָנגעהויבען זאָגען וויצען אויף פערשידענע בחורים. זיי האָבען איהם געענטפערט און עס איז געווען פרעהליך.

— איי, גוט ! — האָט דער שמש געזאָגט, און ווידער דערלאַנגט וויין.

— נירנבערגער ! זאָג א דרשה ! — האָבען די בחורים איהם געבעטען — אָבער א שאַרפען פּלפּול אויף שבת הגדול !

דער שמש האָט געגעבען א קלאַפּ אויפ׳ן טיש און אויס־געשריגען :

— שאַ !

עס איז געוואָרען שטיל. דער ״נירנבערגער״ האָט זיך געשטעלט אויבען־אָן, געקנייטשט דעם שטערען און אָנגע־הויבען זאָגען. די ערשטע פּאָר ווערטער האָט מען פערשטאַ־נען. דערנאָך האָט ער געזאָגט נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע אויפטועך, האָט געבראַכט גמרות וואָס ער האָט ערשט אויסגעטראַכט, געהאַלטען אין איין פרעגען קשיות און פערענטפערט. גערעדט היים מיט פייער און עס האָט זיך נישט געקלעפּט א וואָרט צו׳ן א וואָרט. דער וואָס קען נישט

לערנען האָט געקענט מיינען, ווי גוט און טייער ער זאָגט. דאָס האָט ער געטאָן אויף־צו־פּלייסען, און די חברה האָט זיך נישט געקענט שוין איינהאַלטען און אויסגעשאָסען אין א גרויס געלעכטער, אז מען האָט שוין נישט געהערט וואָס ער רעדט.

— שא ! — האָט ער געגעבען א געשריי — וואָס דאַרף איך רעדען ? איהר פערשטעהט דאָך אויפ׳ן וואונק !

ער האָט געשוויגען. נאָר אויסגעשטעלט צוויי פינגער אין דער הויך און זיי געלאָזט אין דער ארבייט. עס האָט אויס־געזעהן ווי די צוויי פינגער שפּארען זיך אין א שווערען ענין. אָט דרעהען זיי זיך, ווילען ארויפשפּרינגען איינער אויפ׳ן אנדערן, אָט בעטען זיי זיך איבער, אָט פערטראַכטען זיי זיך. ער האָט דאָס געמאכט מייסטערהאַפט. זעלטען גוט נאכגע־קרימט ווי בחורים שפּארען זיך אין לערנען.

עס האָט אויסגעבראָכען א פרישער שטורם פון געלעכ־טער. דער נירנבערגער איז אוועק פון אויבען־אָן, צוגעגאנגען צום שמש און גענומען א פלאש וויין און אריינגעדרעהט אין האַלז אריין.

---

— רבותי ! באַלד טאָגט שוין ! לאָמיר ענדיגען די שמחה מיט אונזער וויין־ליעד ! — האָט געזאָגט דער ווינער עלוי.

אלע האָבען זיך אויפגעשטעלט און גענומען פולע גלעזער וויין אין די הענד און זיך אויסגעשטעלט אין א ראָד, דער ווינער עלוי האָט אָנגעהויבען זינגען און שפּעטער האָבען אלע צוגעזונגען. דאָס איז געווען א וויין־ליעד לכבוד דער תורה.

נאָכ׳ן ווינער עלוי האָט דער "פּיטן" געזונגען א סטראָף און אלע האָבען צוגעזונגען. דער נארדהאוזער פּרוש, דעם רב׳ס חתן און דער נירנבערגער האָבען אויך געזונגען צו סטראָפען. דערנאָך האָט יהודה אויפ׳ן אָרט געשאַפען א סטראָף און אלע האָבען צוגעזונגען.

דער שמש האָט צוגענומען די גלעזער און די בחורים האָבען זיך אָנגענומען פאר די הענד און אָנגעהויבען טאַנצען. פרעהליך, שטורמיש מיט פייער האָבען זיי געטאַנצט צום ניגון פון וויין־ליעד ביז זיי זענען געוואָרען מיעד.

זיי האָבען געדאַנקט די אנגעזעהענע פרויען וואָס זענען

פערבליבען די גאנצע צייט ביז איבער'ן טאנצען. דערנאך האבען די בחורים זיך צוקושט און זיך געגאנגען שלאפען.

---

דעם ערשטען טאג פסח. אלע זענען געווען אין שוהל. מען האט געהאלטען אינמיטען לייענען, האבען זיי דערהערט פויקען אין אידישען קווארטאל. אלע האבען זיך דערשראקען. ווייל ווען דער מאגיסטראט אדער דער בישאף האבען ארויס־געגעבען א נייע בעפעהל פאר אידען האבען זיי דאס געלאזט וויסען מיט פויקען. ווער וויים, צי דאס איז נישט א נייע גזרה? האבען אלע געציטערט.

א סך זענען ארויסגעלאפען אין דרויסען געוואהר ווערען וואס דאס בעטייט. זיי זענען אבער באלד צוריקגעקומען. ווייל די פויקער געהן צו דער שוהל, איבערגעבען דעם בע־פעהל אין שוהל.

אלע האבען אויסגעשטעלט די אויגען צו דער טיר. עס איז אריין א הויכער אלטער מאן אין א פורפול מאנטעל מיט זילבער־בענדער ארום די זוימען, אנגעטאן אין א דריי־עקי־קיגער הוט מיט זילבער־שטיקער בעזעצט און אין האנד האט ער געהאלטען א לאנגען שטעקען מיט א גאלדענער גאלקע.

דאס איז געווען א בעאמטער פון מאגיסטראט וואס רופט אויס די בעפעהלען.

לעבען איהם איז געגאנגען א שעהנער יונגערמאן פון עטליכע און צוואנציג יאהר, אנגעטאן ווי א גלח־שילער. ער האט געהאלטען א בעפעהל־פאפיר גע'התמ'עט פון צוויי בי־שאפען און בעשטעטיגט פון מאגיסטראט.

דער מאן מיט דער פויק איז געבליבען שטעהן ביי דער טיר און דער אלטער מיט דעם יונגענמאן זענען ארויף אויפ'ן בעלעמער. דער אלטער האט אויפגעהויבען דעם שטעקען. אלע האבען איינגעהאלטען דעם אטעם און דער בעפעהל איז פאר־געלייענט געוואר'ען. און דאס איז געווען אנגעשריבען:

"מיר, די הערשער פון גאט'ס גנאד, דער ערצבישאף פון מיינץ און דער בישאף פון ווערמייזא, האבען געהערט פון אונזער קרוב קאנראד ווינטערטור פון שטראסבורג די גרויסע הילף וואס עס האט איהם געגעבען א אידישער יונגער־מאן פון שפאניען, יהודה אברבנאל, ווען ביידע זענען גע־

פאָהרען אויף א שיף, האָבען מיר בעשלאָסען, אז מיר זאָלען פערגעלטען דעם אידישען יונגענמאַן ווי ער האָט פערדיענט. מיר גיבען איהם די פריווילעגיע פאר דער גאנצער צייט וואָס ער וועט זיין אין אונזער לאַנד, צו זיין א בירגער, מיר בעפרייען איהם פון אלע טאקסעס וואָס די אידען צאָהלען. די גזרות אויף אידען זאָלען אויף איהם נישט אָנגעהן, ער זאָל נישט ליידען פון זיי. מיר גיבען איהם אויך די ערלויבניש צו טראָגען פרייע קליידער און געוועהר ווי יעדער בירגער און ווער עס וועט איהם אָנריהרען אָדער בעליידיגען, בעליידיגט ער אונזער כבוד".

זיי זענען אַרויס פון שוהל און דעם בעפעהל פאַרגעלייענט אויף די גאַסען.

אין שוהל איז געוואָרען לעבעדיג. אלע האָבען זיך צוגעשטופּט צו יהודה'ן זאָגען מזל-טוב. אין דער ווייבערשער שוהל איז אויך געוואָרען פרעהליך. זיי האָבען זיך צוגעשטופּט צו די פענסטערלעך אָנקוקען יהודה'ן, וואָס האָט אזא גליק. די ווייבער האָבען ארומגערינגעלט די רביצין און אויסגעפרעגט אויף יהודה'ן. און די רביצין האָט זיי דערצעהלט ווער ער איז און וואָס פאר א יחסן.

דער רב האָט אָבער געגעבען א וואונק דעם שמש. מען האָט דערהערט א קלאַפּ אין בעלעמער. עס איז געוואָרען שטיל און מען האָט זיך געשטעלט דאַוונען מוסף.

נאָך מוסף איז ווידער געוואָרען א טומעל. עטליכע יונגעלעך וואָס זענען נאָכגעגעלאָפען די אויסרופער זענען צוריק געקומען און געזאָגט, אז די מאַגיסטראַט-לייט זענען אוועק אין רב'ס הויז און זיי וואַרטען אויף איהם. דער רב האָט זיך אָבער נישט געאיילט אהיימצוגעהן. יהודה איז געשטאַנען אומגעדולדיג. ער האָט געוואָלט וויסען וואָס זיי ווילען איהם זאָגען.

אז זיי זענען אהיימגעקומען האָבען זיי נאָר געטראָפען דעם יונגענמאַן. ער האָט זיך פערנייגט פאר'ן רב און בעגריסענדיג יהודה'ן האָט ער איהם אָפּגעגעבען א גרוס פון זיין קרוב קאָנראַד ווינטערטור.

— איך הייס יאָהאַניס ווינטערטור, איך קום פון מיין פעטער, דער ערצבישאָף פון מיינץ, וואָס איז דער אויבער־

הערשער איבער אלע אידען פון דייטשען קייסערטום. איך האב דא די ערלויבניש וואס דער פעטער האט געשיקט צו מיין היגען פעטער, דער בישאף פון ווערמייזא, נאכדעם ווי מען האט די ערלויבניש פארגעלייענט אין די גאסען, גיב איך עס דיר איבער, זאלסט דאס האלטען אויף אייביג.

— איך דאנק דיר פון טיפען הארצען — האט יהודה געענטפערט — איך האף דו וועסט זיין מיין פריינד ווי עס איז דיין קרוב דער גוטער קאנראד.

יהודה האט איהם אריינגעפיהרט צו זיך אין צימער, נישט צו שטערען דעם רב. ליבע האט אריינגעטראגען אויף א זילבערנע טאץ צוויי בעכער מעד און קיכלעך און אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש פאר זיי און איז ארויסגעגאנגען. יאהאנים איז געווארען שטארק איבערראשט און געהאלטען זיינע בליקען אויף דער טיר, וואו ליבע איז ערשט ארויס.

— איז דאס דעם אידישען בישאף'ס טאכטער ? זיין טאכטער ? — האט יאהאנים פערוואונדערט געפרעגט -- פרינצעסינס קענען דאך זיך נישט פערגלייכען מיט'ן שטויב פון איהרע טריט ! ווען זי האט פליגעל וואלט איך געשוואוירען, אז א מלאך פון הימעל איז אראפגעקומען און זיך פערשטעלט פאר'ן אידישען בישאף'ס טאכטער !

יהודה איז געווען שטארק צופרידען, וואס פון ערשטען בליק האט זי דעם מאן אזוי בעצויבערט. אין זיין פרייד האט יהודה איהם דערצעהלט אז ער האט זי ליעב. זי האט איהם אויך נישט פיינט. ער גלויבט, אז זיין האפנונג אויף איהר וועט נישט זיין אומזיסט. זיינע עלטערן זענען זעהר רייך און זיי וועלען נישט שפאהרען קיין געלד פאר זיין גליק. און ער וועט האלטען ליבע'ן ווי א פרינצעסין.

יאהאנים האט איהם בעגריסט מיט זיין גליק און געוואונשען אלדאסגוטס. באלד זענען זיי ארויס, דורכגעגאנגען דאס עס־צימער. יאהאנוס האט זיך געזעגענט מיט'ן רב און נישט אראפגענומען די אויגען פון ליבע'ן. זי האט זיך פערשעמט און געקוקט צו דער ערד.

יהודה האט איהם ארויסבעגלייט. אין דרויסען האט יאהאנים איהם ארומגענומען פריינדליך און געזאגט אז ער וועט איהם אפט בעזוכען, ווייל ער געפעלט איהם זעהר.

— איך וועל זיין צופרידען — האָט יהודה געזאָגט — וואָס דעם גוטען קאנראד'ס קרוב וועט אויך זיין מיין פריינד. א גאנצע וואָך בין איך אָבער אין ישיבה. נאָר שבת און יום־טוב בין איך אין הויז. איך וועל זיין זעהר צופרידען ווען דו וועסט קומען מיך זעהן.

יאָהאנים איז אוועק און יהודה אין אריין אין שטוב. אלע האָבען איהם בעגריסט מיט זיין גליק. דער רב האָט געזאָגט אַז אין ווערמייזא איז דאָס צום ערשטען מאָל א איד זאָל קריגען אזא כבוד. דאָס איז א גוטער סימן. עס וועט יהודה'ן זיין גוט, אַז די בישאָפען שיצען איהם. עס וועט נאָך ארויס־קומען א טובה פאר אנדערע אידען. ער האָט איהם אָבער געראטען צו האלטען זיך ווייט פון יאָהאנים'ען. ער זעהט אויס צו זיין א פאלשער מענש.

יהודה האָט זיך געוואונדערט אויפ'ן רב, וואָס פון איינ־מאָל זעהן זאָגט ער אזוי אויף דעם יונגענמאַן. ער האָט א קוק געטאָן אויף ליבע'ן און דערזעהן, אַז זי דענקט אזוי ווי איהר פאָטער.

---

די ערשטע טעג יום־טוב זענען אריבער פרעהליך. די פרנסים און די לומדים פון שטאָדט זענען געקומען צום רב. זייערע פרויען זענען געקומען צו דער רביצין. דאָס הויז איז געוועזען פול מיט געסט. די טיר האָט נישט גערוהט א מינוט. מען איז געגאנגען אריין און ארויס. דעם רב'ס מיידלעך זענען געווען פערנומען מיט דערלאנגען כבוד און יהודה איז געווען דער הויפט־געשפרעך די צוויי טעג.

די ערשטע נאכט חול־המועד האָט מען זיך אָנגעהויבען גרייטען צום "סיום". צוויי מאָל אין יאָהר, חול המועד פסח און חול־המועד סוכות האָט מען געמאכט א סיום אין די ישיבות. עס זענען געקומען די פרנסים פון אלע לענדער און צוזאמען מיט די ישיבה־לייט געמאכט א סיום אויף א מסכתא דעם ערשטען טאָג חול המועד און צו־מאָרגענס אָנגעהויבען א נייע.

מען האָט געמאכט א גרויסע סעודה. יעדער האָט צו־שטייער געגעבען און די חשוב'ע פרויען האָבען געהאָלפען

דער רביצין אָנגרייטען די סעודה. און די פרייד איז געווען גרויס.

---

דעם צווייטען טאָג חול־המועד ווען אלע זענען זיך צו־גאנגען אהיים האָט מען געזאָגט יהודה'ן אז יאָהאַניס איז געווען אין הויז און איהם געוואָלט זעהן. מען האָט געוואָלט שיקען נאָך איהם אין ישיבה, האָט דער גוי געזאָגט אז מען דאַרף נישט. ער האָט צייט צו ווארטען. ער האָט אָבער זיך נישט געקענט דערווארטען און איז אוועקגעגאַנגען. יהודה האָט אַ קוק געטאָן אויף ליבע'ן און דערזעהן אז זי איז או־מעטיג, האָט ער געווארט אויף אַ געלעגענהייט צו פרעגען וואָס איהר איז.

פארנאכט איז יהודה מיט ליבע'ן מיט'ן רב'ס אנדערע קינדער ארויסגעגאַנגען שפּאַציערען אין שוהל גאָרטען. די אידען האָבען נישט געטאָרט שפּאַצירען אין שטאָדט גאָרטען נישט צו מישען זיך מיט די גוים. אזוי איז געווען דאָס גע־זעץ. האָבען אידען דערפאַר געהאַט אַ גאָרטען הינטער דער שוהל.

ווי זיי זענען געקומען אין די אלעען האָט דער חתן זלמן ראַנקעל אָנגעהויבען שמועסען אין לערנען מיט זיין כלה און משה דעם רב'ס האָט זיך ארייגעמישט, האָט יהודה גע־פרעגט ליבע'ן וואָס זי זעהט אויס שלעכט ?

זי האָט מיט טרערען איהם דערצעהלט, אז יאָהאַניס האָט איהר אָנגעטאָן עגמת־נפש. ווען ער האָט געווארט אין הויז, האָט ער איהר געזאָגט, אז ער קומט נאָר אהער צוליעב איהר. ווען נישט וואָלט ער זיך נישט דערנידריגט צו רעדען מיט אַ אידישען בחור וואָס ער האָט פיינט מיט זיין פאָלק און גלויבען.

דאָס האָט זי פערדראָסען און זי האָט זיך אָנגענומען פאַר יהודה'ן און איהם פאָרגעוואָרפען זיין פאַלשקייט, וואָס ער מאַכט זיך ווי ער וואָלט געווען זיין פריינד און ער איז גאָר אַ שונא.

דאָ איז ער געוואָרען אין כעס, ווי אַ ווילדע חיה געלאָפען אויף־און־אָפּ אין שטוב און דערנאָך געזאָגט בייז :

— איך האָב באַלד געוואוסט אז דער אידישער יונג גע־

פעלט דיר! היינט נאָך מיט דער ערלויבניש וואָס ער האָט בעקומען ווילסטו איהם אודאי. זאָלסט אָבער וויסען אז דער־מיט וואָס ער וועט טראָגען בירגער־קליידער בלייבט ער אַלץ אַ איד און צו היטען זיין הויט, וועט ער אווועקגעבען אַלס־דינג. איך וועל דיר בעווייזען, אז ווי נאָר איך וועל איהם אָנשרעקען וועט ער דיך איבעררעדען זאָלסט געהערען צו מיר. ער וועט דיך מיט זיינע אייגענע הענד פיהרען אהין וואו איך וועל איהם הייסען. דעמאָלט וועסטו דערזעהן ווער ס'איז בעסער פאר דיר, איך אָדער דער איד!

— נאכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט, — האָט ליבע גע־זאָגט, — איז ער מיט בייזען שטאָלץ אוועקגעגאנגען.

אַז יהודה האָט דאָס דערהערט איז ער געוואָרען שטאַרק פערביטערט. נישט גענוג וואָס אידען ווערען אזוי געפייניגט ביי די דייטשען, ווערען זיי נאָך געהאַלטען אזוי נידריג, אז די גוים גלויבען נישט אז אַ איד האָט אַ מענשליכען געפיהל. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אַן קאָנראד'ן און זיך געטרייסט אַז נישט אַלע דייטשען זענען אזוי פערדאָרבען ווי יאָהאַנים. און ער האָט געהאָפט, אַז קאָנראד וועט איהם העלפען אויב יאָהאַנים וועט איהם וועלען טאָן בייז.

ער האָט בערוהיגט ליבע'ן און געזאָגט עס זאָל זי נישט אַרען וואָס דער פערדאָרבענער ווילדער יאָהאַנים האָט איהר געזאָגט. ער האָט זיך דאָך גלייך אויסגעגעבען. איצט וועט מען זיך קענען היטען פאר איהם.

— דו קענסט נישט די דייטשען — האָט ליבע געזאָגט פערזאָרגט — זיי האַלטען אונז ווי שטרוי. נאָר אַ פונק פעהלט און זיי קענען אונז אַלע פערברענען.

— פערגעס דאָך נישט — האָט יהודה גערעדט — קאָנ־ראד איז גרייט יעדע רגע מיר צו העלפען. די צוויי בישאָפען שיצען מיך. וואָס קען דער לייכטזיניגער יאָהאַנים מיר טאָן?

— דו פערגעסט אז ער איז אַ קרוב פון די בישאָפען אזוי ווי קאָנראד. ער קען זיי איבעררעדען צו שלעכטס. דער טאַ־טע זאָגט אַלע מאָל מען זאָל זיין פאָרזיכטיג מיט דעם קלענ־סטען גוי... מיר זענען דאָך קיינמאָל נישט זיכער מיט'ן לע־בען — האָט ליבע איהם דערקלערט.

— טאָ וואָס איז דיין עצה צו טאָן ?

— איך בין א יונג מיידעל, וואָס ווייס איך ? מען דאַרף דערצעהלען דעם טאַטען. וואָס ער וועט זאָגען וועט מען טאָן.

— בהמה ! — האָט זיך פּלוצלינג געהערט א געשריי פון א זייט. דאָס האָט דער חתן א געשריי געגעבען אויף זיין כלה, וואָס האָט נישט גלייך פערשטאַנען זיין טיעפען פּלפּול.

— ביזט נאָך צו יונג — האָט יהודה געזאָגט צו ליבע'ן — א קינד, שרעקסט זיך אומזיסט. מען דאַרף נישט איבער אזא קליינינגקייט בעאומרוהיגען דעם רב. דער רשע האָט דאָך געזאָגט, אז ער וועט רעדען מיט מיר. ער מיינט אז איך וועל איהם העלפען אויספיהרען זיין בייזען פּלאַן. וואַרט, זאָל ער רעדען צו מיר ! זאָרג נישט ! ער וועט פערגעסען וואָס ער האָט גערעדט צו דיר ! און אז נישט וועלען מיר דעמאָלט זעהן וואָס צו טאָן.

עטליכע טעג זענען אריבער און מען האָט גאָר נישט גע־הערט פון יאָהאַנים'ן. דאָס איז געווען א בעוויז אז יהודה איז גערעכט. ער האָט שוין פערגעסען וואָס ער האָט גע־פּלוידערט.

אחרון של פּסח ווען אלע זענען געווען אין שוהל און גערדאַווענט מנחה, איז צוגעגאַנגען א יונגעל צו יהודה'ן און איהם געזאָגט אז א בישאָפּליכער דינער וואַרט פאַר איהם אין דרויסען. ער איז ארויס. דער דינער האָט איהם דערלאַנגט א פערזיגעלטען בריעף און פערנייגענדיג זיך אוועקגעגאַנגען. יהודה האָט בעהאַלטען דעם בריעף ביז נאָך הבדלה.

ער איז אריין צוריק אין צימער איבערלייענען דעם בריעף.

„אזוי ווי איך ווייס אז דו ביזט א קלוגער, האָט יאָהאַנים איהם געשריבען, וויל איך דיר עפּיס פאָרלייגען פון דיין טובה וועגען און צום גוטען פאַר דיינע ברידער. זייט איך האָב געהערט פון דעם אידישען בישאָף'ס שעהנע טאָכטער האָב איך זי געוואָלט קענען. ווען קאָנראַד מיין קרוב האָט זיך געמיהט פאַר דיר ביים מיינצער ערצבי־שאָף זאָלסט קריגען בירגער־רעכט און איך האָב זיך דער־וואוסט אז דו וואוינסט ביים אידישען בישאָף, האָב איך צוגעהאָלפען, דו זאָלסט קריגען די בירגער רעכט. איך האָב

זיך אויך אונטערגענומען דיר אייגענהענדיג איבערצוגעבען די ערלויבעניש, כדי איך זאָל קענען אריינקומען אין אידישען בישאָף׳ס הויז.

״ווען איך האָב דערזעהן דאָס מיידעל האָב איך אויס־געפונען אז זי איז טויזענט מאָל שענער ווי מען מאָלט זי. איך האָב זיך פערליעבט אין איהר און געה אויס נאָך איהר. איך ווייס זי געפעלט דיר, דו געפעלסט איהר. דאָס צינדט אָבער נאָכמעהר דאָס ליעבע פייער אין מיין הארצען צו איהר. איך בין אַן אומדערשראָקענער מאַן. איך שטעל זיך נישט אָפּ פאר קיין זאך אויף׳ן וועג צו גרייכען דאָס וואָס איך וויל. איך מוז קריגען דאָס וואָס מיין הארץ גלוסט אפילו ווען די וועלט זאָל זיך איבערקערען.

״נאָכדעם ווי דו ווייסט דאָס, האָף איך, אז דיין פער־שטאַנד וועט זיעגען אויף דיינע געפיהלען און אַנשטאָט דו זאָלסט מיר זיין א שטערונג וועסטו מיר נאָך זיין צו הילף. געדענק, דו ביזט א איד און איך בין א קריסט. דו געהערסט צו דעם פאָלק וואָס איז אין די הענד פון מיין פאָלק. נעם דיר דאָס אריין גוט אין זינען און פאָלג מיך, וואָס איך וועל דיך הייסען טאָן, זאָלסטו טאָן.

״אויב דו וועסט מיך פאָלגען וועל איך זיין גוט צו דיר און צו דיינע ברידער. איהר וועט לעבען רוהיג. אויב נישט וועל איך אויפהויבען אויף אייך די רוט פון מיינע ברידער און מיר וועלען אייך אלע פערטילי‌גען. ווען די רוט וועט זיך אראָפּלאָזען איבער די אידישע לייבער וועסטו אויך נישט ווערען געשוינט. דיינע בירגער רעכט וועלען דיך נישט בעשיצען פון בייז. דאָס מיידעל וועל איך צונעמען. וועט זי מיך פאָלגען וועל איך זיין גוט צו איהר. און אויב זי וועט זיין איינגעשפּאַרט, וועל איך זי פייניגען און דערנאָך ווארפען פאר׳ן פעבעל, וואָס וועט זי צטרעטען.

״איך גיב דיר זיבען טעג צייט זאָלסט זיך מישב זיין און איינרעדען דאָס מיידעל, זי זאָל געהען צו מיר. סוף וואָך וועל איך ווארטען ביי דער קירכע פאר דיר. דו וועסט מיר דארפען געבען א זיכערען סימן אז דו ביזט גרייט מיך צו פאָלגען. אויב נישט, וועט דיר שפּעטער באנג טאָן.

יאָהאנים ווינטערטור״.

יהודה האָט געלייענט דעם בריעף און נישט געגלויבט זיינע אויגען. די בוכשטאַבען זענען געשפּרונגען פאַר זיינע אויגען ווי ווילדע טייוואָלים. ווי וואַגט דאָס דער פערדאָר־בענער גוי אַזוי צו שרייבען ? ! ער האָט אויפגעציטערט פאַר כעס און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

---

שעה'ן איז ער געזעסען און געטראַכט וועגען אַן עצה. און ער האָט ענדליך בעשלאָסען צו פאָהרען צו קאָנראַד'ן. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אויסזאָגען פאַרוואָס ער פאָהרט. ער איז אריין צום רב און געזאָגט אַז ער האָט דערהאַלטען אַ בריעף פון קאָנראַד'ן. ער איז קראַנק און ער בעט איהם צו קומען איהם היילען.

אַלע האָבען איהם געגלויבט. ער האָט זיי געוויזען דעם בריעף מיט דעם שטעמפּעל "ווינטערטור". ליבע האָט זיך אָבער דערשראָקען. דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט, אַז דער בריעף איז פון יאָהאַנים ווינטערטור. און קאָנראַד'ס קראַנק־הייט איז נאָר אַן אויסרייד. יהודה האָט זיך אויסגעדרעהט און איהר נישט דערצעהלט פון בריף, זי זאָל נישט וויסען פון דעם מורא'דיגען אמת. די זעלבע נאַכט האָט ער געדונגען אַ פערד, אָנגעטאָן זיך די וואַפען און זיך געלאָזט אין וועג אריין.

דריי טעג האָט ער געריטען און קיינער האָט איהם נישט געשטערט. אַלע האָבען געדענקט אַז ער איז אַ שפּאַנישער אַדעלמאַן, וואָס בערייזט די וועלט. אין אבענד איז ער אָנגעקומען נאָך שטראַסבורג.

קאָנראַד האָט זיך שטאַרק דערפרעהט און איהם פאָר־געשטעלט פאַר זיין יונגע פרוי און זיינע עלטערען מיט די דאָזיגע ווערטער:

— דאָס איז מיין היילער און בעשיצער! ער האָט מיך געראַטעוועט פון טויט!

אַלע האָבען איהם אויפגענומען מיט גרויסע ליעבע. קאָנ־ראַד האָט פערשטאַנען אַז יהודה איז געקומען איבער אַן ערנסטע זאַך און ער איז אריין מיט איהם אין אַ בעזונדערן צימער. יהודה האָט איהם אַלץ דערצעהלט און געוויזען

יאָהאַניס׳עס בריעף. דאָס האָט קאָנראַד׳ן אויפגערעגט און ער איז אויפגעשפרונגען.

— איך קען דעם פערדאָרבענעם יונג! — האָט ער געזאָגט בייז — איך האָב נישט געדענקט אַז ער וועט דיר ברענגען די ערלויבעניש. איך האָב מיר אויך נישט געקענט פאָרשטעלען אַז ער איז אַזוי פערדאָרבען! נאָר זיי רוהיג, פריינד! איך וועל איהם אָפּראַמען פון וועג. דער נידער־טרעכטיגער וועט דיר מעהר נישט שטערען!

— וואָס ווילסטו טאָן?

— איך וועל דאָס דערצעהלען מיין פעטער דעם מיינצער ערצבישאָף, וואָס האָט איהם אויפגעצויגען. ער האָט גע־האַט א סך צער און שאַנד פון איהם. ער וועט איהם מאַכען פאַר א מאָנאַך און איהם פערשפּאַרען אין א מאָנאַסטיר. דאָרט וועט ער זיצען איינגעשלאָסען ווי א ווילדע חיה.

דאָס איז געפעלען יהודה׳ן. דערמיט וועט ווערען פער־מידען בלוטפערגיסונג. דיזעלבע נאַכט איז קאָנראַד גע־פאָהרען מיט יהודה׳ן און האָט מיטגענומען דעם בריעף צו ווייזען דעם מיינצער ערצבישאָף.

אין עטליכע טעג ארום האָט מען דערהערט אַז דער ווער־מייזא׳ר בישאָף האָט ארעסטירט יאָהאַניס׳ן און איהם אי־בערגעגעבען צו די מאָנאַכען פון קעלנישען מאָנאַסטיר. זיי וועלען איהם ברענגען צום ערצבישאָף צום משפט פאַר א פערברעכען.

דערנאָך איז געקומען קאָנראַד און דערצעהלט יהודה׳ן אַז ער האָט אליין געזעהן ווי מען האָט יאָהאַניס׳ן אָבגעגאָלט ווי א מאָנאַך און איינגעשלאָסען אין מאָנאַסטיר. עס איז געשעהן אַזוי ווי קאָנראַד האָט געזאָגט.

דעמאָלט האָט יהודה דערצעהלט דעם רב און זיין הויז־געזינד פון דעם אומגליק וואָס האָט געהאַנגען איבער זיי. זיי האָבען אויפגעציטערט. קאָנראַד האָט זיי בערוהיגט און בעוויזען אַז די בישאָפען זענען גוט צו אידען. איצט אַז יאָהאַניס איז פערשפּאַרט דאַרפען זיי זיך מעהר נישט שרעקען.

דער רב האָט זיך אָבער נישט בערוהיגט. דאָס וואָס

יאָהאַנים איז פערשפּאַרט אין מאָנאַסטיר איז נאָך אַלץ נישט קיין זיכערקייט און ער האָט געזאָגט טרויריג:

— ווען איך וואָלט געהאַט דעם מוטה ווי דער גרויסער תנא, וואָס האָט געבעטען דעם טויט אויף זיין שעהנע טאָכ־טער! איך האָב אָבער נישט קיין מוטה. איך וויל דאָס נישט! ווי קען איך שילטען מיין ריינע טויב? איך בין דאָך נאָר אַ מענש!

ער האָט אַרויפגעלייגט די הענד אויף ליבע'ן און שווער געזיפצט. די רעביצין האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין. ליבע איז געשטאַנען צוטומעלט, בלאַס ווי קאַלך. יהודה און קאָנראַד זענען געשטאַנען שטיל און געציטערט פאַר אויפ־רעגונג.

עס האָט נישט געהאָלפען וואָס יהודה מיט קאָנראַד'ן האָבען געפּרובירט בערוהיגען דעם רב. דער רב האָט זיך נישט געקענט בערוהיגען און געזאָגט:

— איך מוז וואָס גיכער חתונה מאַכען ליבע'ן און זי אַוועקשיקען פון לאַנד. נאָר דעמאָלט וועלען מיר זיין זיכער פון אומגליק.

דעם זעלבען אָבענד האָט דער רב געבענשט יהודה'ן מיט ליבע'ן אַלס חתן כלה. דערנאָך האָט די רעביצין זיי גע־בענשט און שטאַרק געוויינט. דער רב האָט בעשטימט די חתונה פון זיין עלטערער טאָכטער אויף ל"ג בעומר כדי ליבע'ס חתונה זאָל קענען זיין גיכער. יהודה האָט תיכף געשריבען צו זיינע עלטערען זיי זאָלען קומען אויף דער חתונה. עס איז בעשלאָסען געוואָרען אז ווי די עלטערען וועלען קומען וועלען זיי גלייך האָבען חתונה. און באַלד נאָך דער חופה זאָלען זיי פאָהרען נאָך שפּאַניען.

קאָנראַד האָט צוגעזאָגט צו קומען אויף דער חתונה און זיך פרעהען מיט זיי אינאיינעם. טרייסטענדיג זיי און מיט ווערטער פון בערוהיגונג האָט ער זיך געזעגענט און אַהיימגעפאָהרען.

---

יהודה'ס האָפנונג איז פערווירקליכט געוואָרען אַ סך פריהער ווי ער האָט געדענקט. ער און ליבע זענען געווען די גליקליכסטע מענשען. און דאָס אַלץ איז געשעהן אזוי

ניך איבער יאַהאַנים׳ן. ווען נישט ער וואָלטען זיי נאָך לאַנג נישט ארויסגעזאָגט דאָס וואָס זיי האָבען גע׳חלום׳ט שטילערהייט.

עס איז געקומען ל״ג בעומר. דעם טאָג געהען ארויס סיי חדר קינדער ווי די גרויסע ישיבה בחורים אין פעלד אריין שפּילען אין סאָלדאַטען. דערפאַר הייסט ל״ג בעומר, ״דער יום־טוב פון די תלמידים״.

דעם ל״ג בעומר זענען זעהר וויניג בחורים געגאַנגען אין פעלד אריין. זיי זענען געקומען אויף דער חתונה פון זייער חבר זלמן מיט מיכלא דעם רב׳ס טאָכטער.

אין דער פריה האָט דער הויפּט פרנס געבראַכט דער כלה דעם חתן׳ס מתנה: אַ זיידענער גאַרטעל געשטיקט אין גאָלד. דער אונטער שמש האָט געבעטען די גאַנצע שטאָדט קומען צום חתן. דערנאָך האָבען זיי איהם געפיהרט מיט מוזיק און טענץ און מיט ברענענדיגע ״הבדלות״. דער חתן איז געגאַנגען פאָראויס פאַר׳ן רב ביז זיי זענען אָנגעקומען אויפ׳ן שוהל הויף. דאָרט איז ער געבליבען מיט זיינע חברים.

דערנאָך זענען אלע פרויען געגאַנגען ברענגען די כלה. ווען זיי זענען געקומען מיט דער כלה זענען זיי געבליבען שטעהן ביים טויער. דער רב, די פרנסים און די חשוב׳ע בעלי בתים האָבען ארומגערינגעלט דעם חתן און מיט איהם געגאַנגען אקעגען דער כלה. דער חתן איז צוגעקומען צו איהר און זי גענומען פאַר דער האַנד. און מען האָט זיי בעשיט מיט ווייץ און דריי מאָל געזאָגט:

— פרוכפּערט זיך און מעהרט זיך!

חתן כלה זענען צוגעגאַנגען צו דער טיר פון שוהל און מען האָט זיי אוועקגעזעצט אונטער דער חופּה. עטליכע מינוט זענען זיי געזעסען און מען האָט די כלה צוריקגעפיהרט אהיים און געמאַכט ״בעדעקענס״. דאָס פּנים פערדעקט מיט אַ שלייער, אָנגעטאָן אַ לייווענטענעם מאַנטעל איבער איהרע קליידער און זי איינגעהילט אין אַ טייער׳ן פעלץ.

דעם חתן האָט מען אריינגעפיהרט אין שוהל, אָנגעטאָן אין שבת־קליידער מיט דעם קאַפּוז איבער׳ן קאָפּ אלס צייכען

פון טרויער. דער חתן האָט זיך געשטעלט לעבען ארון קודש און מען האָט אָנגעהויבען דאַוונען.

די כלה איז דערווייל געזעסען אין הויז ארומגערינגעלט פון איהרע חבר'טעס, וואָס האָבען פערפלאָכטען איהרע האָר און איהר געגעבען מתנות. דערנאָך האָט מען זי מיט מוזיק געפיהרט צו דער שוהל.

אז מען האָט אָפּגעדאַווענט האָט דער רב מיט די חשוב'ע בעלי בתים ארויפגעפיהרט דעם חתן אויפ'ן בעלעמער און דער רב האָט ארויפגעשיט אַש אויפ'ן חתן'ס קאָפּ. מען האָט אריינגעפיהרט די כלה און זי געשטעלט צום חתן'ס רעכטער האַנד.

ביידע זענען געשטאַנען אונטער דער חופה. די עלטערען און די קרובים ארום זיי און די חשוב'ע פרויען האָבען אריבערגעלייגט דעם חתן'ס קאָפּ אויף דער כלה'ס קאָפּ, אַ צייכען אז זיי זענען פון היינט אָן אַ פּאָר פאָלק.

דער רב האָט געזאָגט די ערשטע ברכה און געגעבען חתן כלה צו טרינקען. דערנאָך האָט דער חתן געשליידערט מיט קראפט דאָס גלאָז אויף דער וואַנט און עס איז צושפּריצט געוואָרען אויף שטיקלעך. ער האָט מקדש געווען די כלה. דער חזן האָט געלייענט די כתובה, אַ פּרנס האָט געזאָגט שבע ברכות און אַלע האָבען געשריגען הויך:

— מזל טוב! מזל טוב!

די מענער האָבען אוועקגעפיהרט דעם חתן אין קהל'שען מאַנץ־שטוב. באַלד האָבען די פרויען געבראַכט אַהין די כלה מיט געזאַנג און טענץ.

חתן־כלה האָט מען אריינגעפיהרט אין אַ בעזונדער צימער און אַ פרוי האָט זיי דערלאַנגט אַ געקאָכטע הוהן מיט אַ געבראָטען איי צו עסען. ארום מיטאָג צייט האָט זיך אָנגעהויבען די חתונה מאָלצייט.

---

די געסט האָבען זיך שטאַרק געפרייט. די חשוב'סטע לייט האָבען געטאַנצט און געשפּרונגען ווי קינדער. אַ טייל בחורים האָט געריטען אויף פערד און פאַר'ן טאַנץ־שטוב געמאַכט פערשידענע פאָרשטעלונגען. און די כלה איז גע־

ווען ארומגערינגעלט פון אלטע און יונגע פרויען, וואס האָ־בען געהאלטען אין איין טאנצען.

נאָר ליבע האט נישט געטאנצט. מען האָט זי זעלטען געזעהן צווישען די מיידלעך. זי האָט אכטונג געגעבען אויף די סארווערס ביים דערלאנגען צום טיש. אָבער ווען זי איז אריינגעקומען האָט די שטוב אויפגעשיינט. זי איז געווען די שענסטע פון אלע. אלטע ווייבער האָבען איהר נאָכגע־וואָרפען זאלץ, קיין בייז אויג זאָל איהר נישט שאָדען.

יהודה איז געזעסען לעבען חתן. ווען ליבע איז פערביי־געגאנגען האָט זי געקוקט אויף איהם מיט שטילע צניעות'דיגע בליקען און ער איז געווען אזוי גליקליך, וואָס זי איז זיין כלה.

פלוצלונג איז שטיל געוואָרען די מוזיק. דאָס טאנצען האָט אויפגעהערט. דער חתן האָט געזאָגט א דרשה. דער רב און די לומדים זענען געזעסען מיט געקנייטשטע שטערנס און איינגעהערט און אָפט צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ.

די רעביצין איז געזעסען אין צווייטען צימער מיט די פרויען. זי איז געווען אזוי גליקליך. דער גמרא ניגון וואָס האָט זיך געטראָגען פון חתן'ס מויל איז איהר געווען טייערער פון דער טייערסטער מוזיק. גליקליך האָט זי געקוקט זוֹא אויף איהר מאַן דעם רב, דאָ אויפ'ן איידים דעם עלוי און אויף איהר גליקליכע טאָכטער מיכלא, וואָס האָט זוכה געווען צו קריגען אזא למדן פאר א מאַן.

פאר גרויס פרייד זענעז איהרע אויגען געוואָרען פול מיט טרערען. איהרע פריינדינס האָבען זי בעטראַכט און מיט־געפרייט זיך אין איהר שמחה. און איטליכער האָט זיך גע־ווינשען די זכיה צו האָבען אזעלכע געראָטענע קינדער און איידימס. די כלה האָט זיך איינגעהערט אין חתן'ס דרשה. נאָר איהרע חבר'טעס האָבען איהר געשטערט. זיי האָבען זי בעהאַלטענערהייט געשטאָכען מיט נאָדלען.

אין מענער צימער איז נאָך אלץ געווען שטיל. נאָר דעם חתן'ס שטימע האָט מען געהערט. ער האָט געהאלטען א וואונדערליכע דרשה. א סך צוהערער האָבען שוין פערלוי־רען דעם פאָדים. נאָר דער רב האָט זיך געהאלטען פעסט.

די רעביצין האָט איינגעדרעמעלט. דער ניגון פערשלעפערט זי אָפט מיט זיין זיסקייט.

זי האָט זיך אבער אויפגעכאפּט מיט גרויס שרעק. דאָס הויז האָט געשטורעמט פון א פּלוצלונג געלעכטער ביי די מענער. אן אַלטער גרייז גרויער מאן האָט ארייגעקוקט דורכ'ן פענסטער. א פּנים ווייס ווי שניי מיט לאנגע פּאות און א שרעקליך לאנגע באָרד און א נאָז וואָס פער־דעקט דאָס פענסטער.

די נאָז האָט דאָס ארויסגערופען אזא שטורמדיג געלעכ־טער. און דאָס וואונדער איז געווען, וואָס אַלע זענען געזעסען אויפ'ן צווייטען שטאָק. ווי גרייכט דער מאן אזוי הויך? אנ־דערש נישט נאָר ער שטעהט אויף א לייטער. באַלד האָבען זיי אָבער דערזעהן דעם מאן אין אן אנדער פענסטער. אין א רגע ארום איז ער געווען ביי א דריטען פענסטער, און פּלוצלינג האָבען זיי איהם דערזעהן אין פענסטער לעבען חתן און ער מאכט נאָך מיט די פינגער דעם חתן ווי ער זאָגט די דרשה.

— דער נירנבערגער! דער נירנבערגער! — האָבען די בחורים אויסגעשריגען.

— זאָל ער ארייגעהן מאכען פרעהליך! — האָט דער רב געזאָגט.

— זאָל ער! זאָל ער ארייגעהן! — האָבען אַלע איהם גערופען.

דעם חתן'ס דרשה איז געווען איבערגעריסען. א כּך בחורים זענען ארויסגעלאָפען ארייגברענגען דעם "נירנבער־גער". ער האָט אָפּגעקלאַפּט דאָס מעהל פון פּנים, אראָפּגענו־מען די שטיקער פלאַקס וואָס ער האָט זיך צוגעקלעפּט צו די באקען און אוועקגעוואָרפען די שטאָלצען.

ער איז אריין אין צימער וואקעלדיג און מען האָט געזעהן אין זיינע פערנעפּעלטע אויגען און רויט פּנים אז ער האָט געטרונקען איבער דער מאָס. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט קעגען־איבער דעם רב מיט'ן חתן און אָנגעהויבען דעם חתן'ס דרשה און דערנאָך גערעדט פאר פייער און וואסער און עס האָט זיך נישט געקלעפּט א וואָרט צו א וואָרט. אַלע האָבען שטארק געלאכט. דער רב האָט זיך אויך נישט געקענט איינ־

האלטען פון געלעכטער. ער האט ארויסגעוויזען אין דעם אנ־שטעל א סך עכטע קענטנים אין לערנען.

דער רב האָט איהם אָבער געהייסען אויפהערען. עס זאָל נישט אויסזעהן ווי חוזק געמאכט פון לערנען. דער עולם איז אָבער געווען אויפגעלייגט און מען האָט געהאלטען אין זאָ־גען וויצען כסדר, ביז דער רב האָט געזאָגט:

— צייט צו דאַווענען מנחה!

זענען אלע געוואָרען שטיל. מיט ערנסט האָבען זיי זיך געשטעלט דאַווענען און מען האָט נישט געקענט דערקענען אז ערשט האָט מען זיך אזוי געוויצעלט.

נאָך׳ן דאַווענען איז דער עולם ווידער געגאנגען צום טיש. דער חזן האָט געזונגען און מען האָט געבענטשט. אז דער חזן האָט געהאַט געזאָגט די שבע ברכות און יעדען געמאכט א "מי שברך", האט מען ארויסגעטראגען די טישען פון מע־נער־צימער און די כלה פערשלייערטערהייט אוועקגעזעצט אויבען־אָן.

די מוזיק האָט געשפּילט און אלע מענער פון יונגסטען בחור ביז צום רב האָבען איינציגווייז פערבייגעטאַנצט פאַר דער כלה. די מענער האָבען געטאַנצט און די פרויען האָבען צוגעפּאַטשט מיט די הענד. און דער "נירנבערגער" האָט גע־זאָגט גראַמען אויף יעדען טענצער.

די שמחה האָט געדויערט ביז נאַכט. דערנאָך האָט דער רב מיט דער רביצין און די אנגעזעהענסטע געסט מיט מו־זיק אוועקגעפיהרט חתן־כלה אין זייער וואוינונג. נאָר די ישיבה בחורים זענען געבליבען אין טאַנץ־שטוב און געהו־ליעט ביז טאָג.

---

אויף שבועות איז געקומען א שליח פון יהודה׳ס עלטערן מיט זייער ברכה פאַר׳ן שדוך און טייערע מתנות פאַר דער כלה און די מחותנים. זיי האָבען אויך צוגעשיקט א גרויסע סומע געלד אויף חתונה הוצאות. און זיי האָבען געלאָזט ווי־סען, אז ראש חודש תמוז וועלען זיי קומען נאָך ווערמייזא פייערען די חתונה.

אלע האָבען זיך געפרייט מיט דער בשורה און די חתונה איז בעשטימט געוואָרען אויף ראש חודש תמוז. מיט גרויס

שמחה האָט די קהלה געפייערט דעם יום־טוב. אַלע הייזער זענען געווען אויסגעפוצט מיט גרינס און בלומען. די שוהל איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גרינעם וואַלד און פון שוהל־גאַרטען האָט אריינגעצויגען דאָס געזאַנג פון די פויגעל.

די טאַטעס האָבען געבראַכט זייערע פינף־יעהריגע יונגלעך אין שוהל אריין. ראש חודש ניסן האָט מען די קינדערלעך געבראַכט אין "קליינעם בית מדרש" לעבען דער ישיבה. די מלמדים האָבען אונטער דער אויפזיכט פון אַ משגיח געלערנט מיט זיי. גאַנץ ניסן האָט מען מיט זיי געלערנט דעם "אלף־בית". אייר האָט מען זיי געלערנט די "נקודות" און סיון האָט מען אָנגעהויבען לערנען מיט זיי "ראַף".

שבועות האָט מען די קינדערלעך געבראַכט מיט פאַראַד אין שוהל אריין, צוגעוועהנען זיי צו אידישקייט. אין דערפריה האָבען די מאַמעס אָרומגעוואַשען די קינדער און זיי אויסגעפוצט. די טאַטעס האָבען זיי איינגעהילט אין טליתים און זיי געפיהרט אין שוהל אריין הערען לייענען די "עשרת הדברות".

נאָך'ן לייענען האט מען זיי געבראַכט אין "קליינעם בית־מדרש" און זיי אוועקגעזעצט אויפ'ן טיש. דער מלמד האָט געזאָגט מיט זיי "תורה צוה לנו משה" און "תורה תהי אמונתי" און געלערנט מיט זיי די ערשטע צוויי פסוקים פון "ויקרא", דאָס חומש וואָס מען לייגט דעם קינד צוקאָפּענס אין וויגעלע.

דערנאָך דערלאַנגט מען די קינדערלעך דאָס "סיני" געבעקס. אַ גרויסע חלה אין פאַרם פון אַ באַרג געקנעטען פון דריי סאָרטען טייער מעהל מיט אויל, האָניג און מילך. אויף דער חלה איז פון צוקער געווען אויסגעגאָסען זיבען פסוקים פון "אשרי תמימי דרך", אָנהויבענדיג זיך מיט "במה יזכה נער את ארחו".

די חלה פלעגט יאָהר ביי יאָהר באַקען דאָס חשוב'סטע מיידעל פון שטאָדט. פריהער פלעגט דאָס מאַכען מיכלא דעם רב'ס. איצט האָט עס געמאַכט ליבע. זי האָט צושניטען די חלה אויף רעפטלעך און געגעבען די קינדער און מען האָט זיי געפיהרט צום טייך.

מיט דעם יום־טוב האָט זיך געענדיגט די קינדערישע פרייהייט. עס האָט זיך אָנגעהויבען זיין ארבייט אין לערנען.

---

ווען יהודה׳ס עלטערן זענען געקומען האָט זיך אָנגעהויבען א יום־טוב־צייט אין שטאָדט. זיי האָבען געשפענדירט א סך געלד פאר ארימע לייט. יעדער אָרימאַן האָט געקראָגען נייע קליידער און געלד גענוג אויף עטליכע חדשים פרנסה. אויף דער ״אָרימער חתונה״ האָבען יהודה׳ס עלטערן בעדינט די אָרימע געסט וואס זענען געקומען מחנות־וויים פון די ארומיגע שטעדט. די קריסטליכע אָרימע לייט האָבען אויך געקראָגען שעהנע נדבות און גוט צו עסען און צו טרינקען. די פרנסים פון שטאָדט האָבען מיט שמחה געזאָגט אז ווערמייזא זעהט אזא חתונה דאס ערשטע מאָל.

קאָנראד מיט זיין פאמיליע זענען אויך געקומען און די חתונה איז געפייערט געוואָרען מיט אזא פאראד וואס האט ארויסגערופען גרויס וואונדער. קאָנראד האָט געבעטען יהודה׳ס עלטערן, אז פאר׳ן פערלאָזען דאָס לאַנד זאָלען זיי קומען צו איהם נאָך שטראסבורג מיט׳ן יונגען פאָר. זיי האָבען איהם צוגעזאָגט צו קומען. איידער זיי זענען אוועק געפאָהרען האָט קאָנראד זיי געפיהרט צום בישאָף אויף א וויזיט. דער בישאָף האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס עהרע און זיי האָבען איהם איבערגעגעבען א גרויסע סומע געלד פאר אָרימע לייט. ער איז געווען זעהר צופריעדען און זיי פערזיכערט אז ער וועט זיין גוט צו אידען. צופריעדענע האָבען זיי זיך געזעגענט מיט׳ן בישאָף און זיך געגרייט אין וועג אריין.

דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט איז געווען יהודה. די וואונדערליכע ליבע איז זיין פרוי און אלע שטערונגען זענען אָפּגערוימט פון וועג. ער נעמט זי מיט נאָך סעוויל. גאַנץ קהל האט זיי בעגלייט און מיטגעגעבען הארציגע ברכות אויפ׳ן וועג. אין שטראסבורג האבען זיי אייך געהאט גרויס כבוד, די אנגעזעהענסטע בירגער מיט קאָנראד׳ס פאמיליע האבען זיי ארויסבעגלייט פון שטאָדט און זיי האבען זיך אויפגעזעצט אויף דער שיף.

פאר ראש השנה זענען זיי אָנגעקומען נאָך סעוויל. די

שטאָדט האָט זיך געוואונדערט דערזעהענדיג ליבע'ן. אזא וואונדערליכע שעהנהייט האָבען זיי דערזעהן דאָס ערשטע מאָל. אַלע האָבען אָפּגעגעבען גרויס כבוד ליבע'ן און יהודה'ס עלטערן האָבען זי ליעב געהאַט ווי די אויגען אין קאָפּ.

יהודה איז אָבער נישט צופרידען געווען פון די סעווילער אידען. נאָך אַלס אינגעל ווען ער האָט געלערנט ביים טאַלי־דער רב האָט ער געהערט וזי זיין רבי בעקלאָגט זיך אויף דער פיהרונג פון די שפּאַנישע אידען. ער האָט דאָס דעמאָלט נישט פערשטאַנען.

אָבער נאכדעם ווי ער איז געווען אין דייטשלאַנד האָט ער דערזעהן דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען די דייטשע און די שפּאַנישע אידען. אין דייטשלאַנד האָט ער געזעהן איין אידיש פאָלק וואָס האַלט זיך פעסט צוזאַמען, ווי איין גוף מיט איין נשמה. די אידען אין שפּאַניען זענען געווען צוריסען און צוטיילט. און וואָס רייכער איינער איז געווען אַלץ ווייניגער איד איז ער געוואָרען.

ער האָט געזעהן אין דייטשלאַנד די אידישע עשירים זע־נען גרויסע לומדים און זיי זענען די פיהרער פון די קהלות, נישט צוליעב זייער רייכקייט, נאָר צוליעב זייער לומדות. אין שפּאַניען איז דאָס רוב עשירים פּוסטע מענשען, האָבען נישט געלערנט קיין אידיש וואָרט, זיי פיהרען זיך נישט אידיש און ווילען זיין אידישע פיהרער.

עס זענען אוועק די גוטע צייטען אין שפּאַניען פון א רב חסדאי, דער "נגיד", די גרויסע לייט וואָס האָבען בעלויכטען דאָס אידישע לעבען, זענען געווען אויף הויכע שטעלעס אין קעניגליכען הויף און האָבען געלערנט אין בית המדרש. זיי האָבען געפיהרט דאָס לאַנד און אין דער זעלבער צייט גע־שטאַרקט זייער פאָלק.

די היינטיגע רייכע אידען האָבען נאָר געזאָרגט פאר זיך אליין. זייער גאַנצע מיה איז געווען צו ווערען א "דאָן" אָדער א "גראַנד". זיי האָבען געוואָלט נאָר נאָכטאָן די שפּאַנישע אַדעללייט, וואוינען אין פּאַלאַצען ווי די שפּאַנישע אַריס־טאָקראַטען, בעהענגען זייערע ווייבער מיט צירונג ווי דעם אויבסט'ם מוילאייזעל. לערנען זייערע קינדער ווי די שפּאַ־

נישע הויבגעשטעלטע לייט טענץ, קריגס־קונסט און צו טורנירען.

די קינדער ווייסען נישט פון דער תורה און נישט פון דער אמונה, ווערען אזוי דערוווייטערט פון אידען, אז זיי ווייסען נישט אז זיי שטאַמען פון אידען און אָפט שעמען זיי זיך מיט דעם נאָמען איד. א סך האָבען חתונה מיט קריסטען און ווערען אינגאַנצען אָפּגעריסען פון זייער פאָלק. די פערמעגליכע טאַנצען נאָך די רייכע און דער וואָס האָט פערמאָגט צוויי הונדערט גילדען האָט געקליידט די קינדער רייכער ווי די קריסטליכע מאַגנאַטען־קינדער. די גוים פערדריסט אויף די אידען וואָס רייסען איך די אויגען מיט זייער צירונג און רייכע קליידער. די גלחים רייצען אָן דאָס פעבעל אויף אידען און די אידען זענען פערנומען מיט אינווייניגסטע מחלוקת און פערטראַכטען זיך נישט אין דער צוקונפט. דערצו האָבען זיי געהאַט א סך מוסרים צווישען זיך, וואָס האָבען פערשאַפט גרויסע צרות.

---

אידען האָבען שוין געהאַט א סך שלעכטע צייטען אין שפּאַניען. שווערע וואָלקענס האָבען זיך אָנגעקליבען אויף אידישע קעפּ אין לאַנד. די גוטע צייטען זענען שוין לאַנג אַוועק. אָנגעהויבען האָט דאָס בייז דער פּויבסט אינאָצענט דער דריטער. די קעניגען האָבען געמאַכט גזרות אויף אידען. איינמאָל האָט א גלח אויפגעהעצט דאָס פעבעל און זיי זענען בעפאַלען אידען און זעהר פיעל אויסגע׳הרג׳עט. א סך צרות האָבען אידען געליטען פון די רעליגיאָנס דיסקוסיעס. דער רמב״ן איז דורך אזא דיסקוסיע ארויסגעטריבען געוואָרען פון לאַנד איבער דעם משומד פראַי פּאַבלאָ.

נאָר אין קאַסטיליען איז געווען גוט די אידען. דאָס גוטס איז אָבער אויך נישט געווען זיכער. קעניג פערדינאַנד דער דריטער, וואָס האָט געהייסען "דער הייליגער", האָט אָנגעטאָן צרות צו אידען. זיין זוהן אלפאַנזא האָט גוט בעהאַנדעלט אידישע געלעהרטע, ווייל ער האָט געוואָלט לערנען פון זיי און ווערען בעריהמט. ער האָט אָבער צונויפגעזאַמעלט אלע געזעצען קעגען אידען און פאַרשריבען אין א בוך, די

שפּעטערדיגע הערשער זאָלען זיך בענוצען מיט זיי. ער האָט דערמיט געבראַכט א גרויס אומגליק אויף אידען.

ווען אלפאנזא האָט געוואָהר געוואָרען, אז אידען טרינקען נישט דעם ווייז וואָס א גוי האָט אָנגעריהרט, איז ער גע־וואָרען שרעקליך בייז און געוואָלט אידען שטאַרק בעשטראָ־פען, נאָר דער הויף־דאָקטאָר דאָן יהודה כהן האָט איינגע־שטילט זיין צאָרן.

איינמאָל איז דער דאָקטאָר צו איהם געקומען האָט אל־פאנזא געשריגען :

— זענען מיר אזוי טמא אז איהר ווילט נישט טרינקען דעם וויין וואָס מיר ריהרען אָן ? וועסט זעהן וואָס איך וועל אייך, אידען, דערפאַר טאָן !

— דער קעניג איז קראַנק און מיין פליכט איז דיך פריי־הער צו היילען — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט רוהיג — זאָל מען ברענגען וואסער, וועל איך וואשען דיינע פיס דיך צו קרעפטיגען, דערנאָך וועל איך ענטפערן אויף דער פראַגע.

מען האָט געבראכט וואסער. דער דאָקטאָר האָט אָפּגע־וואשען דעם קעניג׳ס פיס און דערנאָך געטרונקען דאָס וואַ־סער. דאָס האָט געמאכט א שטאַרקען איינדרוק אויפ׳ן קע־ניג און ער האָט זיך בערוהיגט.

דער אידישער פינאַנץ־מיניסטער דאָן יצחק דע מאליא האָט ארויסגעגעבען א סומע געלד פון דער רעגיערונגס־קאַסע דעם קרוינפּרינץ, דאָן שאנגא, האָט דאָס פערדראָסען אל־פאנזא׳ן און ער האָט געטויט דאָן יצחק׳ן און קאָנפיסקירט זיין פערמעגען. דאָס האָט איהם אלץ נישט בערוהיגט און ער האָט פארשפּארט אין געפענגנים אלע אידען פון קאסטי־ליען ביז זיי האָבען איהם אריינגעטראָגען אן אונגעהייערע סומע געלד אלס שטראָף.

נאָך זיין טויט אין דער צייט פון עטליכע הערשער איז אמאָל געווען גוט די אידען און אמאָל שלעכט. איצט ליידען אידען ווידער צרות. די גוים האסען זיי שרעקליך און דער משומד אבנר אלפאָנזא פער׳מסר׳ט די אידען, אז אין דער שמנה עשרה שילטען זיי די קריסטען. נאכדעם ווי דער משומד מיט די דאמיניקאנער גלחים האָבען פערקלאגט די

אידען פאר'ן קעניג איז ארויס א בעפעהל אז אידען טאָרען מעהר נישט זאָגען "ולמלשינים" אין דער שמנה עשרה.

---

דער קעניג אלפאנזא דער עלפטער האָט איינמאָל גע־זאָגט צו זיינע אידישע פריינד:

— איהר זאָלט וויסען, אז ווען איך וועל אייך ארויסטריי־בען פון לאנד וועט איהר נישט ארויסגעהן מיט פרייד ווי איהר זענט ארויסגעגאנגען פון מצרים. איהר וועט ארויסגעהן מיט גרויס יאָמער און קלאָג.

א חאָר האָט געפעהלט און ער וואָלט איבער א בלבול אלע אידען ארויסגעטריבען. דער בלבול איז אָבער בעוויזען געוואָרען אלס פאלש און ער האָט מבטל געווען די גזרה.

דאָס ווייזט אז עס פעהלט נישט קיין סך די לאגע פון די אידען אין שפאניען זאָל זיין אזוי שלעכט ווי די לאגע פון אידען אין דייטשלאנד. דער חילוק איז אָבער וואָס די דייטשע אידען זענען פעראייניגט. לעבען מיט זייער אמונה און די אידען אין שפאניען זענען צוטיילט און צוריסען. די רייכע לייט האָבען זיך ארומגעקריגט און איינער דעם אנדערן גע־וואָלט איבערשטייגען און איינער דעם אנדערן פער'מסר'ט.

די פראָסטע אידען האָבען זיך אָפּגעלערנט פון די רייכע און זיך אויך ארומגעריסען. די גוים האָבען דאָס געוואוסט. און איינמאָל ווען דער קעניג האָט געוואָלט אוים'הרג'ענען אלע אידען, האָט איהם א ראטגעבער אָפּגערעדט דערפון און געזאָגט:

— פארוואָס זאָל דער קעניג פערשמוצען זיין נאָמען מיט אזא אומדערבארמדיג פערברעכען? אויב דער קעניג וויל זיך נוקם זיין אין אידען, זאָל ער זיי אריינפיהרען אין איין שטאָדט, וואו קיין נישט־איד זאָל נישט זיין, וועלען זיי זיך אָנהויבען ארומרייסען צווישען זיך ביז זיי וועלען אונטער־געהן...

---

דאָס האָט יהודה געזעהן און ער האָט געהאט גרויס צער. ווען ליבע איז מיט דער שווינגער געקומען אין שוהל אריין ראש חשנה, האָט זי דערזעהן דעם גרויסען אונטערשיד צווישען די אידישע פרויען אין דייטשלאנד און אין שפאניען.

די רייכע ווייבער זענען געקומען זעהר שפעט. ביז מי־טאג האבען זייערע דינסטען שווער געארבייט זיי וואשען, שמירען און פוצען. יעדע האט געוואלט זיין אויסגעפוצטער פון די אנדערע. אז זיי זענען שוין געקומען און פערנומען די מזרח־וואנד האבען זיי נישט גערעדט, נאר געשמועסט צווישען זיך און איינס דאס אנדערע בערעדט. געריהמט זיך מיט זייער רייכקייט און געלויבט זייערע קינדער וואס וואק־סען אריסטאקראטען, אז מען קען נישט דערקענען אז זיי זע־נען אידען.

די ווייבער האבען נישט אראפגענומען די אויגען פון לי־בע'ן וואס איז געזעסען אויף מזרח צווישען איהר גאטס־פארכטיגע שוויגער און יהודה'ס מוהמע, דאן שמואל אברבנאל'ס ווייב. ליבע איז געגאנגען אנגעטאן אין איינפא־כע ווייסע קליידער ווי דער מנהג איז אין דייטשלאנד.

זי איז געווען שענער פון אלע. איז זי געשטאנען שטיל און אויפגעהויבען איהרע פרומע אויגען צום הימעל און גע־דאווענט ערנסט. די ווייבער האבען זי בעטראכט פון אלע זייטען און געשמייכעלט. זי האט ביי זיי אויסגעזעהן מיט איהר איינפאכקייט און פרומקייט ווי א דארפס־מיידעל וואס איז געקומען אין שטאדט אריין.

ליבע האט בעמערקט זייערע בליקען, האט זי זיך אויס־געדרעהט מיט'ן פנים צו דער וואנט און נישט געקוקט מעהר אויף זיי. יהודה'ס מוהמע האט געוואלט אויסזידלען די רייכע ווייבער, נאר יהודה'ס מוטער האט זי אפגעהאלטען און געזאגט:

— לאז צורות די געעהרטע געסט, שווענגערין — זיי קומען דאך ראש־השנה יום־כפור אויף א שעה־צוויי, זיי וועלען דאך באלד אוועק און מען וועט זיי נישט זעהן ביז איבער א יאהר...

צומארגענס האט זיך געקאכט אין שוהל. עס איז אנגע־קומען די נייעס פון טאלידא אז דער הויף־דאקטאר דאן שמואל אבן יקר האט אויסגעדונגען ביים פינאנץ־מיניסטער דאן יוסף דע אייסיגא דאס אפצאהל געשעפט פון אלע סחורות וואס קומען אריין אין לאנד.

דער הענדעל איז שטארק איינגערעגט געווארען אויף די

רייכע אידען, וואס האבען געליהען געלד אויף פראצענט צו די גוים און ער האט ארויסגעגעבען א בעפעהל אז זיי טארען נישט מעהר נעמען קיין פראצענט ווי א דריטעל ווי פריהער. די גלחים זענען שטארק בייז געווען אויף דעם אידישען פינאנץ־מיניסטער דאן יוסף און דער קעניג האט איהם שוין געוואלט ארפזועצען. די צייט האט אויסגעקליבען דער הויף־דאקטאר דאן שמואל אויסצודינגען דאן יוסף'ס געשעפטען.

די נייעס האט אלעמען אויפגעקאכט. דאן שמואל און דאן יוסף האבען געהאט קרובים און גוטע פריינד אין סעוויל, האבען זיי זיך אין שוהל שטארק ארומגעקריגט. ליבע האט דאס געזעהן און עס האט איהר שטארק וועה געטאן און אהיימקומענדיג פון שוהל האט זי געפרעגט יהודה'ס עלטערן פארוואס די אידען פיהרען זיך אזוי. דער ערגסטער איד אין דייטשלאנד פיהרט זיך דאך בעסער ווי די בעסטע אין שפאניען.

די עלטערן האבען איהר געענטפערט, אז די אידען אין שפאניען זענען נישט שולדיג. עס פעהלט זיי גרויסע רבנים, מיט פיהרער צדיקים ווי די דייטשע אידען האבען וואלטען זיי זיך געפיהרט ווי די דייטשע אידען.

יהודה האט געזאגט אז די גרעסטע צדיקים וואלטען דא גארנישט געקענט אויפטאן. די קהלות ווילען נישט פאלגען. אט איז דא דער טאלידא'ר רב, — האט יהודה גע'טענה'ט — ווער קען זיך גלייכען אין גרויסקייט און צדקות צו איהם? און די טאלידא'ר גבירים פאלגען איהם גאר נישט.

— דאס איז אלץ ווייל זיי חבר'ען זיך מיט די קריסטליכע אריסטאקראטען — האט ליבע געזאגט — דאס וואס זיי זענען נאהנט אין קעניגליכען הויף דערוויטערט זיי פון זייער פאלק. דורכדעם יאגען זיי זיך נאך גאלד און כבוד. אונזערע גבירים ווערען בעליידיגט פון די גוים דערפאר זענען זיי נאהנט צום פאלק. זיי גיבען נישט אויס זייער גאלד אויף טייערע פערד מיט קארעטעס און פאלאצען, נאר אויף ישיבות. זייערע פרויען זענען צנועות, בערעדען נישט איינע די אנדערע, נאר גיבען א סך צדקה, שטיצען תלמידי חכמים און לאזען שרייבען ספרים פאר די לערנער.

יהודה'ס פאטער יוסף אברבנאל האט אנגעקוואלען פון זיין שנור'ס רייד און יהודה האט איהר געזאגט:

— ליבע טייערע, דו מיינסט אז שטענדיג האבען זיך אונזערע עשירים אזוי שלעכט געפיהרט? ניין. מיר האבען אמאל געהאט מיניסטארען וואס זענען געווען גרויסע לומדים, רבנים פיהרער וואס זענען געווען א כבוד פאר'ן פאלק. היינט איז עס נאר אזוי געווארען. איך וויים אפילו נישט פארוואס מיר האבען שוין מעהר נישט אזעלכע ווי דער "נגיד?"

— די אמאליגע גרויסע לייט זענען פריהער געווען אידען און ערשט שפעטער איז געקומען ביי זיי זייער הויכע שטע־לע — האט יוסף אברבנאל דערקלערט — די היינטיגע האל־טען זייער אידישקייט צו לעצט. אלץ וואס זיי שטרעבען איז צו קריגען א הויכע שטעלע. זענען זיי שוין נישט אזוי געלערנט ווי די פריהעריגע און זייער רייכקייט האט נישט קיין קיום. זיי זענען גרויסע אויסברענגער, ווילען זיך אויס־פיינען אלס גרויסע מאגנאטען און גיבען אויס מעהר וויפיעל זיי פערמאגען. די קריסטען לעבען נישט אזוי ברייט, לאזען זיי איבער מעהר עשירות.

— אויב אזוי, פארוואס לייהען די גוים געלד ביי אידען?

— האט יהודה געפרעגט.

— ווייל די קינדער פון די רייכע גוים וואס האבען גע־קראגען דאס פערמעגען א ירושה. און האבען נישט געארבייט אויף דעם, ברענגען זיי עס גרינג אויס, מוזען זיי לייהען. דער איד וואס לייהט זיי ווערט רייכער. אבער ווען ער קומט אפ־נעמען דעם חוב ביים גוי און דער גוי האט נישט קיין געלד ווייל דאך דער איד צונעמען זיין נחלה, הויבט אן דער גוי שרייען אז דער איד האט איהם בערויבט, אויסגעזויגען זיין מארך און דער קעניג גיט ארויס א בעפעהל צו שענקען א האלבען און אמאל דעם גאנצען חוב.

דער איד איז ווי די פיאווקע אין דאקטאר'ס האנד. נאכ־דעם ווי די פיאווקע האט זיך אנגעטרונקען מיט דעם קראנ־קענס בלוט, דריקט אוים דער דאקטאר דאס בלוט פון איהר און ווארפט זי אוועק. דער סוף איז אז די גוים האבען ווי־מער זייערע גיטער און דער איד געהט ארויס מיט א ליידיגער קעשענע און די גוים זענען נאך אין כעס אויף איהם און

רעכענען זיך אָפּ פאר איהם מיט אונזער פאָלק.

— האָבען דאָ רייכע אידען נישט קיין אַנדערע געשעפ־טען נאָר צו לייהען געלד אויף פּראָצענט? — האָט ליבע געפרעגט.

— מיר האָבען דאָ אַ סך עשירים וואָס האָבען געמאַכט זייערע פערמעגענס פון אַנדערע געשעפטען אָדער פון זייער געלערנטקייט. נאָר זייער יאָגעניש נאָך כבוד מאַכט זיי פערלירען זייערע עהרליכע פערמעגענס, און אויב זיי פער־לירען עס נישט, קומען זייערע קינדער וואָס די מאַמעס גיבען זיי אַ ווילדע ערציהונג, און ברענגען אוים דאָס פערמעגענס און פערארימען זייער טאַטען. דאָס אידישע פערמעגען איז אויך נישט פעסט און זיכער, ווייל מיר האָבען נישט קיין גיטער. מיר האָבען נישט קיין אידישע ערד־ארבייטער.

— האָט איהר דאָ נישט קיין אידישע ערד־ארבייטער?

— האָט ליבע זיך געוואונדערט — אין דייטשלאַנד לאָזט מען נישט צו די אידען צו ערד־ארבייט. אָבער דאָ שטערט מען דאָך אייך נישט. פאַרוואָס וואוינען נישט בעסער אידען אין די דערפער און ארבייטען אויף דער ערד און נישט ווי זיי לעבען אין די שטעדט מיט זייערע פוסטע געשעפטען?

— טאָכטער מיינע — האָט יוסף געזאָגט — דו ווייסט נישט אונזער געשיכטע, מיר האָבען דאָ ערגערע צייטען ווי די אידען אין דייטשלאַנד. אַלע גזרות וואָס אידען ליידען פון זיי איצט אומעטום, האָבען מיר מיט יאָהרען צוריק געהאַט דאָ. די קעניגען פון לאַנד וואָס האָבען דאָ געהערשט איידער די אַראַבער האָבען איינגענומען דאָס לאַנד, האָבען געצוואונ־גען אידען צו שמד, זיי שרעקליך געפּייניגט, אוועקגענומען ביי זיי יעדע מענשליכע רעכט און זיי אָפּגעריסען פון לאַנד און זיי געצוואונגען וואוינען אין די שטעדט. אַזוי זענען אידען אָפּגעוועהנט געוואָרען פון ערד ארבייט און געוואָרען שטאָדט מענשען. עס זענען שפּעטער געקומען בעסערע צייי־טען, איז שוין אָבער שווער געווען זיך אָפּצוּרייסען פון די שטעדטישע געוואָהנהייטען און זיך בעזעצען אויפ'ן לאַנד. אויסער דעם האָבען מיר נישט קיין קלאַסען ווי די קריסטען, פון הערען און קנעכט, פון אַדעללייט און פּראָסט פאָלק, מיר זענען אַלע גלייך, די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב.

און אז איין איד זאָל זאָגען צום צווייטען ער זאָל ווערען אַ פּויער און ערד אַרבייטער, וועט איהם יענער ענטפערען: געה דיר אויפ'ן לאַנד, אויב דיר געפעלט, איך וויל זיין אין שטאָדט, דאָ וועלען מיינע קינדער לערנען, שטודירען און ביי ערד ארבייט וועלען זיי בלייבען פערגרעבט.

— איצט איז דאָס אונמעגליך, ווען מיר זאָלען עס אפילו וועלען — האָט יהודה זיך אָנגערופען — דאָס פּראָסטע פאָלק איז פון די גלחים אָנגערייצט אויף אידען, וואָלטען מיר געגאַנגען וואוינען אויפ'ן לאַנד, וואָלטען די גוים אונז אויסגעקוילעט.

— ביי אונז מאַכען די גוים שחיטות אויף אידען אָהן אונטערשיד אין די דערפער אָדער אין די שטעדט — האָט ליבע געזיפצט.

— דאָ וואגען זיי נישט אין די שטעדט אָנצופאַלען אויף אידען — האָט יוסף געזאָגט — אונזערע הויפליים ווירקען אויפ'ן קעניג ער זאָל אונז בעשיצען. איז אָבער איצט אַן אומגליק, די אידישע הויפליים רייסען זיך אַרום און גראָבען איינער הינטערן אנדערן, און זיי וועלען, חלילה, אַלע אריינפאַלען אין גרוב. ווער וועט דאַמאָלט אונז ביישטעהן אין אן עת צרה?

— זאָל שוין זיין גענוג די אומעטיגע רייד! — האָט יהודה'ס מוטער געזאָגט — עס איז יום טוב, לאָמיר האָפען צו גאָט, אַז דאָס נייע יאָהר וועט זיין אַ געבענשט יאָהר פאַר אַלע אידען!

---

די רייסערייען צווישען די אידישע הויפליים זענען געוואָרען גרעסער. דאן יוסף און דאן שמואל האָבען זיך ארומגעקריגט און דער סוף איז געווען, אַז זיי זענען ביידע אומגעקומען און געבראַכט אַן אומגליק אויף אַלע אידען.

ביי דאן יוסף'ן איז געווען אַ קריסטליכער בעאַמטער, אַ פעראָרימטער אדעלמאַן, גאַנזאַלא. דאן יוסף האָט איהם שטאַרק מקרב געווען און דערהויבען צו אַ הויכען אַמט, ביז ער האָט איהם פאַרגעשטעלט פאַר'ן קעניג און ער איז געוואָרען הויפמיניסטער.

אַז גאַנזאַלא איז געוואָרען גרויס, האָט ער זיך דערמאָנט

אָן זיין וואוילטעטער דאן יוסף און איהם בעצאָהלט מיט שלעכטס פאר גוטס. ער האָט געזאָגט צום קעניג אז די אידישע מיניסטאָרען דאן יוסף און דאן שמואל זויגען אויס דעם מארך פון לאנד און פערגרעסערן זייערע פערמעגענס, נעמענדיג געלד פון דער רעגירונגס קאסע. ער האָט פאָרגע־לייגט דעם קעניג אז ער וועט ביי זיי אָפּנעמען די פרעמדע פערמעגענס וואָס זיי האָבען איינגעשלונגען.

דער קעניג האָט זיך געלאָזט איבעררעדען און איהם איבערגעגעבען די צוויי אידישע מיניסטאָרען. ער האָט גלייך ארעסטירט דאן יוסף'ן, דאן שמואל'ן מיט זיינע צוויי ברי־דער און נאָך אכט זייערע קרובים מיט זייערע פאמיליעס און ער האָט זיי פערשפּאָרט אין געפענגניש, און ער האָט צוגענומען זייערע פערמעגענס.

דאן יוסף איז געשטאָרבען אין געפענגניש. דאן שמואל'ן האָט גאנזאלא פערפייניגט צום טויט. גאנזאלא האָט אויך געוואָלט אומברענגען אלע אידען. איז דעמאָלט געוואָרען א מלחמה. די אראבער זענען געגאנגען אויף קאסטיליען. דער קעניג האָט בעשטימט גאנזאלא'ן אלס פעלדמארשאל און איהם געשיקט קעגען די אראבער.

דעמאָלט האָט גאנזאלא געראָטען דעם קעניג ער זאָל ארויסטרייבען אלע אידען און קאָנפיסקירען זייערע פערמע־גענס. עס איז געווען א גרויסע עת צרה. אידען האָבען גוזר תענית געווען און געשריגען צו גאָט.

גאנזאלא האָט צושלאָגען די אראבער און די אידען האָ־בען נאכמעהר געציטערט פאר איהם. גאָט האָט אָבער גע־האָלפען און גאנזאלא האָט געהאט א גרויסע מפלה. ער האָט שטילערהייט געפלאנט אן אויפשטאנד קעגען קעניג. דער קעניג האָט דאָס געוואָהר געוואָרען און געשיקט נאָך איהם, האָט ער נישט געוואָלט קומען און אָפען ארויסגעטראָטען קע־גען קעניג. דער קעניג האָט איהם געכאפּט און געלאָזט פער־ברענען לעבעדיגערהייט.

דאָס איז געשעהן אין חודש אדר, האָבען אידען געהאט א טאָפּעלע שמחה, זיי זענען פּטור געוואָרען פון דעם נייען המן.

יהודה האָט געזעהן אז די אידען זענען נישט זיכער אין

קאסטיליען. א האר האט געפעהלט מען זאל זיי ארויסטרייבען. זיי זענען שוין באלד גלייך מיט די אידען אין דייטשלאנד, דער חילוק איז וואס די דייטשע אידען זענען שוין אריבער דעם שטורם, האבען זיך שוין צוגעוועהנט צו די צרות און דא מיינען זיי אז זיי זענען נאך זיכער און דאס אומגליק לויערט שוין אויף זיי.

ליבע האט שטארק געבענקט אהיים, האט יהודה שוין בעסער געוואלט זיך בעזעצען אין דייטשלאנד וואו די אידען זענען אינערליך שטארק. ער האט מורא געהאט אז די עלטערן וועלען זיי נישט אוועקלאזען. ער און ליבע זענען זיי געווען טייער ווי דאס שווארצאפעל פון אויג.

---

עס איז געקומען פריהלינג, האט יהודה גענומען ליבע'ן און געגאנגען מיט איהר צום טייך. האט זי אויפגעציטערט און אראפגעלאזט דעם קאפ.

— וואס איז, ליבע טייערע? וואס ביזטו צעטומעלט? — האט יהודה זי געפרעגט.

זי האט אבער פאר אויפרעגונג נישט געקענט רעדען. א שטראם טרערען האט ארויסגעזעצט איבער איהר פנים. יהודה האט זי בעשוואוירען זי זאל איהם זאגען וואס זי איז אומעטיג.

— אוי, דער ריין! דער ריין! אונזער טייך! — האט זי געזאגט און געווארען רויט.

— דער טייך איז נישט ערגער פון ריין, וואס זיין וואסער איז פיעל מאל רויט געווארען פון אידיש בלוט — האט יהודה געזאגט.

— איך בעט דיך, יהודה, דערמאן מיך נישט איצט דאס שלעכטס — האט זי זיך געבעטען — ער דערמאנט מיך מיינע קינדער יאהרען. מיט מיינע חבר'טעם בין איך ראש השנה געגאנגען צום ריין. מיר זענען געגאנגען אנגעטאן אין ווייסען. נישט ווייט פון אונז איז געשטאנען די קהלה לעבען טייך און געזאגט תשליך. נישט ווייט איז די שוהל, די ישיבה, די טאנץ-שטוב, אונזער הויז... וואס טוען איצט טאטע מאמע? איך בין איצט ווייט פון זיי. שבת און יום טוב קוש איך זיי נישט מעהר און זיי בענטשען מיך נישט...

יהודה האָט איהר מיטגעפיהלט, נאָר ער האָט זי גע־וואָלט אויספּרובירען און געזאָגט:

— אויב דו בענקסט אַזוי אהיים, בין איך גרייט אויפ־צוגעבען מיין ליעבע צו דיר, דיך בעפרייען און דיך אָפּ־שיקען צו דיינע עלטערן...

ליבע האָט געשטוינט און געפרעגט:

— אַזוי גרינג איז דיר מיך אויפהערען ליעב האָבען און מיך שיקען אַהיים? איך נישט, איך וואָלט אָהן דיר נישט געקענט לעבען קיין איין טאָג. די ליעבע פון מיינע עלטערן קען נישט פערבייטען די ליעבע צו דיר.

— איך קען דאָך דיך נישט האַלטען געפאַנגען ווי אַ פייגעלע אין שטייג. איך קען דאָך נישט צוקוקען ווי דו געהסט אויס פון בענקשאַפט.

— עס איז טאַקי אַן עולה וואָס איך האָב היינט אַזוי גערעדט — האָט ליבע געזאָגט מיט אַ זיפץ — איך שווער דיר צו אַז איך וועל מעהר נישט רעדען פון מיין בענקשאַפט.

יהודה האָט זיך מעהר נישט געקענט איינהאַלטען און געזאָגט:

— זאָלסט וויסען, מיין טייערע, אַז איך בענק נאָך דיינע עלטערן און נאָך ווערמייזא אַזוי שטאַרק ווי דו, ווען נישט איבער מיינע עלטערן וואָלט איך שוין לאַנג פערלאָזט קאַס־טיליען, וואָס איז מיר מיאוס, און געפאָהרען מיט דיר נאָך ווערמייזא.

ליבע האָט אויפגעשיינט. זי האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנד און זי געקושט היים און געזאָגט:

— זאָל דיר גאָט בעצאָהלען פאַר דיין גוטסקייט, מיין טייערער מאַן! דו האָסט מיך מחיה געווען מיט דיינע רייד, גיסט מיר האָפנונג אויף דעם וואָס איך האָב נישט געוואַגט אַרויסצורעדען. ווי גוט עס וועט זיין, ווען מיר וועלען זיין צוזאַמען מיט מיינע עלטערן. איך גלויב אַז מען קען ווירקען אויף דיינע עלטערן זיי זאָלען זיך אויך בעזעצען אין דייטש־לאַנד. לאָמיר פּרובירען רעדען מיט זיי.

יהודה האָט איהר צוגעזאָגט. ווען ער האָט אָנגעהויבען רעדען מיט זיין מוטער וועגען פאָהרען, האָט זי זיך אָנ־גערופען אַז זי האָט שוין לאַנג דערקענט ווי ליבע בענקט

און זי האָט שוין איבערגערעדט מיט'ן פאָטער, אז יהודה מיט ליבע'ן זאָלען אויף א שטיקעל צייט פאָהרען נאָך ווערמייזא און עס וועט איהר שוין דערנאָך נישט זיין אזוי שווער אומ־צוקערען זיך נאָך סעוויל.

יהודה'ן איז די עצה געפעלען און ער האָט שוין מעהר נישט געפרובט רעדען אז די עלטערן זאָלען זיך בעזעצען אין דייטשלאַנד. ער האָט דאָס אָפגעלייגט אויף שפּעטער, אז זיי וועלען זיך אומקערען פון דער רייזע. ער האָט גע־וואוסט אז עס מוז דויערן א שטיק צייט ביז די עלטערן זאָלען קענען פאָהרען אפילו ווען זיי וועלען מסכים זיין צו פאָהרען. ער מיט ליבען האָבען געוואָלט פאָהרען וואָס גיכער.

דער פאָטער האָט געהאט נאָך א בעסערע עצה. יהודה זאָל ווערען א שותף אין זיינע געשעפטען. זיי זאָלען קויפען שיפען וואָס זאָלען פיהרען דעם האנדעל צווישען פראַנקרייך, שפּאַניען און דייטשלאַנד און זיי וועלען זיך קענען אָפּט זעהן.

נאָך פּסח האָבען זיי זיך געזעגענט מיט דער מוטער. דער פאָטער איז מיטגעפאָהרען מיט זיי ביז מארסעל, וואו מען בויט שיפען. ער איז פערבליבען דאָרט און יהודה מיט לי־בע'ן זענען געפאָהרען נאָך שטראַסבורג צו קאָנראַד וויג־טערטור. קאָנראַד איז שוין געווען בירגער־מייסטער פון שטאָדט. ער האָט זיך שטארק דערפרייט מיט זיי און פאָר־געשלאָגען צו פאָהרען מיט יהודה'ן צו די בישאָפען פון ווער־מייזא און קעלן צו בענייען זיין בירגער־רעכט.

---

פון שטראַסבורג האָבען זיי געשיקט אָנזאָגען די עלטערן אז זיי קומען. ווען זיי זענען אָנגעקומען נאָך ווערמייזא האָט די גאַנצע שטאָדט זיך געפרעהט מיט זיי. דער רב האָט אויפ־געהויבען די הענד צום הימעל מיט דאנק. די רעביצין האָט געוויינט פאר שמחה. דאָס הויזגעזינד האָט זיי ארומגערינ־געלט מיט ליעבע .

אָבער ליבע איז געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל. ווי א קינד איז זי געשפּרונגען פון איינעם צום אנדערן. דאָ האָט זי זיך ארומגעכאַפּט מיט'ן פאָטער און איהם בעדעקט מיט קושען, דאָ איז זי ארויפגעפאלען אויף דער מוטער און געוויינט פאר

פרייד. זי האָט ארומגעכאַפּט די שוועסטערן און דעם ברודער און געטאַנצט מיט זיי.

צומאָרגענס איז יהודה מיט קאָנראַד'ן געפאָהרען צום בישאָף. דער בישאָף האָט געדענקט די גרויסע נדבה וואָס יהודה'ס פאָטער האָט איבערגעלאָזט פאר ארימע לייט. ער האָט איהם גוט אויפגענומען און געפרעגט אויפ'ן פאָטער. יהודה האָט געזאָגט, אז אין עטליכע חדשים ארום וועט דער פאָטער קומען און זיי וועלען זיין ביי איהם און איהם געבען א סומע געלד פאר אָרימע לייט.

דערנאָך זענען זיי געווען ביים מיינצער ערצבישאָף. ער האָט אויך גוט אויפגענומען יהודה'ן. ער האָט געזאָגט קאָנראַד'ן, אז ער האָט שוין געשאָנקען די שטראָף יאָהאַניס'ען. נאָר יאָהאַניס איז נאָך פערבליבען אין מאָנאַסטיר. ער וויל נישט ארויס און האַלט אין איין פאַסטען און בעטען. אַלע זאָגען אויף איהם, אז ער איז א הייליגער.

קאָנראַד איז מיט יהודה'ן געפאָהרען נאָך קעלן און איהם בעקענט מיט גרויסע סוחרים. זיי האָבען איהם געזאָגט וואָסערע סחורות זיי ווילען ברענגען פון שפאַניען און זענען געווען צופריעדען צו פיהרען געשעפטען מיט יהודה'ן.

קאָנראַד האָט איהם אויך בעקענט מיט די גרויסע סוחרים פון שטראַסבורג און יהודה האָט דורך קאָנראַד'ן פערבונדען גרויסע געשעפטען. ער איז געווען אין צענטער צווישען די צוויי גרויסע האַנדעלס-שטעדט שטראַסבורג און קעלן. ער האָט דאָס געלאָזט וויסען זיין פאָטער דורך איינעם פון די אנגעשטעלטע וואָס דער שווער האָט איהם רעקאָמענדירט פאר זיינע געשעפטען.

יהודה האָט זיך אויפגעבויט א גרויס הויז. ער האָט געפיהרט גרויסע געשעפטען און זיין פערמעגען איז שטאַרק געוואַקסען. יאָהר ביי יאָהר זענען זיינע עלטערן געקומען צו איהם צו גאַסט און פערבראַכט עטליכע וואָכען.

דעם רב'ס איידים זלמן ראַנקעל איז אויפגענומען געוואָרען אלס רב פון זיין שטאָדט. איז משה דעם רב'ס מיטגעפאָהרען מיט איהם און מיט זיין געלערנטע שוועסטער מיכלא. און מיט'ן רב זענען געבליבען ליבע מיט יהודה'ן און זיין יונגסטע טאָכטער.

אין דריי יאָהר אַרום האָט ליבע געהאַט אַ יונגעל און זיי האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען שמואל. דאָס קינד האָט זיי געבראַכט שמחה אָהן אַ שיעור.

---

זייט ליבע איז צוריקגעקומען נאָך ווערמייזא האָט זי אָנגעהויבען בליהען. זי האָט צוריקגעקראָגען דאָס ליכטיג־קייט אין די אויגען און איהר פּנים איז ווידער געוואָרען לויטער.

זי האָט נישט געוואָלט נעמען קיין אם פאַר'ן קינד, נאָר האָט עס אַליין געזויגען און אומגעגאַנגען דערמיט. נאָר איהר יונגערע שוועסטער ראזעלין האָט איהר מיטגעהאָלפען.

יהודה מיט ליבען זענען געווען דאָס גליקליכסטע פּאָר־פאָלק. זיי האָבען זיך שטאַרק ליעב געהאַט. זייער שעהן קינד האָט אָנגעפילט זייער הויז מיט האַרציגער פרייד. גרויס נחת האָבען זיי געהאַט פוןביידענס עלטערן. ליבע'ס טאַטע־מאַמע וואָס אַלע האָבען פערהייליגט און יהודה'ס עלטערן, וואָס אַלע האָבען פערעהרט פאַר זייער איידעלקייט און ברייטהאַרציגקייט.

דער נירנבערגער בחור איז אָפט געקומען צו יהודה'ן. ער איז שטענדיג געווען פרעהליך און אויפגעלייגט און געזאָגט קלוגע וויצען. זיי האָבען הנאה געהאַט פון זיין קומען.

יהודה האָט איהם געוואָלט געבען אַ שטעל אין געשעפט. דער נירנבערגער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט אָפּרייסען פון לערנען און נישט אָנגענומען די שטעל. ער האָט אָפט אָפּגעריסען יהודה'ן פון די געשעפטען און מיטגעשלעפּט אין בית המדרש אריין.

פיעל מאָל האָט ער פאַרגעוואָרפען יהודה'ן, וואָס ער פערנאַכלעסיגט דאָס לערנען צוליעב די געשעפטען. ער האָט זיך נישט גערעכענט וואָס יהודה איז געוואָרען אַ גרויסער עושר. ער האָט זיך בעצויגען צו איהם אַזוי ווי פריהער, זיי זענען ביידע געווען תלמידים אין ישיבה. און אַזוי האָט זיך בעצויגען צו איהם יהודה.

אין פינף יאָהר אַרום איז יהודה אויסגעקליבען געוואָרען אַלס פּרנס. אַ יאָהר שפּעטער האָבען איהם די פּרנסים ער־וועהלט פאַר הויפּט־פּרנס.

זיי זענען געווען גליקליך און רייך. יהודה האָט געהאַט גרויס כבוד. ליבע האָט געגעבען א סך צדקה. זי איז געווען די ערשטע און די גרעסטע אין אלע וואוילטעטיגקייטען. די שטאָדט האָט זיך געבענטשט מיט זיי און די עלטערן האָבען געהאַט גרויס נחת פון זיי.

פלוצלינג איז געקומען דער גרויסער בראַך. ווי א שטורם האָט זיך אראָפּגעלאָזט דאָס אומגליק אויף זייערע קעפּ און פון אלעם געמאַכט שטויב און אש.

---

עס האָט אויסגעבראָכען די שווארצע פעסט. די מגפה האָט פערכאַפּט אלע לענדער. דריי יאָהר האָט געדויערט די מגפה. פינף און צוואַנציג מיליאָן מענשען זענען געשטאָרבען אין דער מגפה. א פערטעל וועלט איז אומגעקומען.

די קראַנקהייט האָט זיך אָנגעהויבען מיט אן אנצינדונג. דער קערפּער איז געוואָרען פול בעדעקט מיט טונקעלע בלאָ־טערן. דער גאַנצער גוף איז געוואָרען פערגיפטעט. און די קראַנקהייט איז אזוי אנשטעקיג, אז ווער עס האָט אָנגע־ריהרט א קראַנקען אָדער אין זיין מלבוש איז גלייך געוואָרען קראַנק. און נישט נאָר מענשען האָבען געליטען. בהמות, חיות און עופות זענען געפאלען אין מיליאָנען.

די פעסט האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשיעד צווישען פעלקער, מענשען און רעליגיעס; צווישען אָרים און רייך; צווישען אלט און יונג; צווישען מאַן און פרוי.

אלעמען גלייך האָט דער טויט אריינגענומען אין זיינע נעגעל. עס איז דעמאָלט געווען דער יום־טוב פון טויט. די ערד איז געווען איין גרויסער מזבח און דער טויט האָט צוגענומען זיינע קרבנות.

גאַנצע געגענדען מענשען זענען אויסגעשטאָרבען. אין די ערטער וואו נישט אלע זענען געפאלען אין דער מגפה, איז אויך געווען א גרויסער חורבן. עס איז נישט געווען קיין הויז וואָס זאָל נישט האָבען געהאַט א טויטען.

א פינסטערע מורא איז בעפאלען די מענשען. זיי זענען געוואָרען שלעכט און ווילד. האָבען פערגעסען אן רחמנות. איינער איז אנטלאָפען פון צווייטען. האָט איינער בעגעגענט דעם צווייטען אין גאַס, איז ער אנטלאָפען פון איהם ווי

פאר'ן טייוועל. א ברודער האָט פערלאָזען זיין ברודער אין זיין נויט. עלטערן האָבען זיך נישט אומגעקוקט אויף קינדער און קינדער נישט אויף עלטערן. דער מאַן האָט איבערגע־לאָזט זיין קראַנק ווייב און א מאַמע איז אַנטלאָפען פון איהר קינד, אויב עס איז געוואָרען קראַנק.

די מורא'דיגע פינסטערע שרעק האָט פערשטאַרקט די מאַכט פון דער פעסט און די קרבנות זענען געווען אָהן א צאָהל.

נאָר אידען האָבען זיך געשטאַרקט קעגען דער פעסט. זיי האָבען נישט איבערגעלאָזט זייערע קראַנקע אָהן הילף. די חברות "ביקור חולים" און "הלוית המת" האָבען געאַרבייט מיט אַלע קרעפטען אין קאַמף קעגען דער מגפה און זיי האָבען בעוויזען גרויס וואונדער.

די אידען האָבען זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען צו ראַ־טעווען די קראַנקע. די קראַנקע זענען אָפּגעזונדערט געוואָרען פון די געזונטע. האָבען געגעבען אַלערליי רפואות די קראַנקע. באַלד ווי איינער איז געשטאָרבען האָבען זיי איהם געבראַכט צו קבורה און פערברענט זייערע מלבושים און די הויז־זאַ־כען. די הייזער זענען געוואָרען אויסגערייניגט און די אבלים האָבען געקראָגען גוט צו עסען און זענען אָפּגעהיטען געוואָרען זעהר שטרענג.

האָבען אידען וויינינער געליטען פון דער מגפה. זיי האָ־בען אויך געהאַט א סך פעסט־קרבנות, אָבער א סך וויינינער ווי די גוים. האָבען די גוים מקנא געווען די אידען, זיי נישט פערגינען און געבראַכט אויף זיי דעם טויט, וואָס די מגפה האָט נישט געבראַכט. די וואָס זענען געבליבען לעבען פון דער מגפה האָבען די גוים פערטיליגט.

די שוואַרצע פעסט איז דעמאָלט נישט געקומען צום ערשטען מאָל. צעהנדליגע מאָל האָט די וועלט געליטען פון איהר פריהער. די פעסט האָט פיעל מאָל פריהער געבושעוועט אין דייטשלאַנד. פריהער האָבען אָבער די מענשען אָנגענומען די פעסט אַלס שטראָף פון הימעל. דאָס פּראָסטע פאָלק האָט געגלויבט, אז א גרויזאַמער טייוועל קומט אַרויף פון אונטער דער ערד און מאַכט חרוב שטעדט און לענדער.

איצט זענען אויפגעשטאַנען פעדדאָרבענע לייט און גע־

מאכט א בלבול אויף אידען. זיי האָבען געזאָגט אז די אידען האָבען אריינגעוואָרפען סם אין די ברונענס און אין טייכען, די גוים זאָלען טרינקען און ווערען פער'סם'ט. דערפון קומט די שווארצע פעסט.

---

אידען זענען פון אייביג־אָן געווען דער שעיר לעזאזל. די פיינד האָבען ארויפגעוואָרפען אויף זיי די שולד פאר יעדער צרה. די ערשטע קריסטען האָבען געליטען פון בלוט־בלבול. די געצענדינער האָבען זיי בעשולדיגט אז זיי קוילען א געצענדינער אויף פסח.

האָט דעמאָלט, אין אָנהויב פון דריטען יאָהרהונדערט, דער קריסטליכער בישאָף פון קארטאגא בעוויזען, אז דער בלבול איז פאַלש. די קריסטען נוצען נישט קיין מענשליך בלוט, ווייל לויט תורת משה טאָרען זיי נישט עסען קיין בלוט.

דער בלבול וואָס די קריסטען האָבען געליטען פון איהם גרויסע צרות, ווען זיי זענען געווען קליין און שוואך צווישען די געצענדינער, האָבען די קאטאָלישע גלחים טויזענט יאָהר שפעטער אויסגעטראכט אויף אידען. דעמאָלט ווען די קאַטאָליקען זענען געוואָרען מעכטיג האָבען זיי געפייניגט אי־דען מיט דעם זעלבען בלבול.

ווי נאָר א קריסטליך קינד איז געגאנגען פערלוירען, אז עס איז געפונען געוואָרען א גע'הרג'עטער, אָדער אן אונטער־געוואָרפענער טויטער, האָבען די גוים גלייך געמאכט א בלבול אויף אידען, אז זיי האָבען איהם גע'הרג'עט און אויסגע־צאַפּט זיין בלוט און פערקנאָטען אין די מצות.

איבער דעם ווילדען פאַלשען בלבול האָבען אידען געלי־טען שרעקליך. גאנצע קהלות זענען געוואָרען אויסגעראָטט. א סך צדיקים זענען אומגעבראכט געוואָרען מיט א גרויזאַ־מען טויט, אויף שטיקער צוהאקט אָדער פערברענט לעבע־דינערהייט.

צו דעם בלבול איז נאָך צוגעקומען דער בלבול פון "האָסטיע", דאָס "הייליגע ברויט". די גלחים האָבען געזאָגט, אז די אידען גנב'ענען דאָס "הייליגע ברויט" פון קירכע אין צושטעכען עס ביז עס געהט בלוט.

דאָס פּראָסטע פאָלק איז דום און נאַריש נאָכגעגאַנגען די גלחים און געגלויבט אַלע זייערע בלבולים. האָט דאָס פּראָסטע פאָלק אויך געגלויבט די גלחים אַז זיי האָבען געזאָגט אַז אידען האָבען געבראַכט די שוואַרצע פּעסט אויף די קריסטען. און די גוים האָבען זיך גענומען נעמען נקמה אין די אידען.

אַכט און צוואַנציג יאָהר פריהער האָבען די אידען געליטען פון די "פּאַסטוכער". דאָס האָט געטראָפען אין פראַנקרייך. אַ פּאַסטוך האָט דערצעהלט, אַז אויפ'ן פעלד וואו ער האָט געפּאַשעט די שאָף איז נעקומען צולויפען צו איהם אַ טויב. די טויב איז אין אַ רגע פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שעהנע יונגפרוי. די יונגפרוי האָט איהם אויפגעפאָדערט ער זאָל נעמען זיינע חברים און מאַכען אַ נייעם קרייצצוג נאָך ארץ ישראל.

מאַסען פּאַסטוכער און ווילדע חברה האָט זיך ארומגעקליבען ארום איהם. זיי זענען געווען פערציג טויזענט מאַן. אַ גלח און אַ מאָנאַך זענען צוגעשטאַנען צו זיי און געטראָגען פּאַראַוים די "הייליגע פעהנער".

איידער זיי זענען געגאַנגען נאָך ארץ ישראל האָבען זיי, אויפ'ן אַלטען שטייגער, זיך געוואָרפען אויף די אידישע קהלות פון דרום פראַנקרייך און צפון שפּאַניען און זיי פערטיליגט. אַ סך אידען האָבען זיי געצוואונגען צו שמד און פיעל אידען האָבען זיך גענומען דאָס לעבען נישט אריינצופאַלען אין זייערע הענד אריין.

ביז דער פּויבסט מיט דעם פראַנצויזישען קעניג און דער שפּאַנישער קרוינפּרינץ זענען ארויסגעטראָטען קעגען די פּאַסטוכער און זיי אריינגעלעגט אין חרם. האָבען זיי שוין נישט בעקומען די שטיצע פון פאָלק און די ריטער האָבען זיי צוקלאַפּט און צוטריבען. די איבערגעבליבענע פּאַסטוכער זענען אומגעקומען אין מגפה, וואָס האָט אויסגעבראָכען צווישען זיי. זיי האָבען אָבער אויפגע'הרג'עט הונדערט און צוואַנציג אידישע קהלות. די צרות ווערען גערופען די "גזרה פון די פּאַסטוכער".

אַ יאָהר שפּעטער נאָך די "פּאַסטוכער גזרה" האָבען אידען געליטען פון דער "גזרה פון די קרעציגע". עס האָט

אין פראנקרייך אויסגעבראָכען אַ מגפה. און די קרעציגע, וואָס טאָרען נישט וואוינען צווישען מענשען זענען געוואָר׳ען בעשולדיגט אז זיי האָבען פערגיפטעט די ברונענס, ווייל די מענשען בעזאָרגען זיי נישט מיט עסען.

מען האָט געכאפּט די קרעציגע און זיי שטארק געמאַטערט. און זיי האָבען געוואָרפען די שולד אויף אידען. די אידען האָבען זיי געגעבען געלד און געהייסען פערגיפטען די וואַסערן. דאָס גיפט האָבען די אידען צוזאַמענגעשטעלט, האָבען די קרעציגע געזאָגט, פון מענשליך בלוט, אורין, דריי סאָרטען גראָזען און ״האָסטיע״.

זיי האָבען דאָס צוזאַמענגעקנאָטען, אָפּגעבאַקען און צו־מאָלען אויף שטויב. דאָס שטויב האָבען זיי אריינגעוואָרפען אין די ברונענס און טייכען. דער פראַנצויזישער קעניג האָט דאָס געגלויבט און ער האָט ארעסטירט פינף טויזענט אידען און געפּייניגט מיט שרעקליכע פּייניגונגען, דערנאָך זיי פער־ברענט לעבעדיגערהייט.

אַ סך אידען האָט ער ארויסגעטריבען פון לאַנד און צו־גענומען זייער האָב און גוטס. אין ניין חדשים ארום איז בע־וויזען געוואָרען דאָס פאַלשקייט פון בלבול. אָבער דער קעניג האָט דאָך ארויפגעלייגט אויף די אידען אַ שווערע שטראָף.

איצט אז די שווארצע פּעסט האָט אויסגעבראָכען האָבען די גוים זיך גענומען צו דעם זעלבען בלבול. אָנגעהויבען האָט זיך די עפּידעמיע אין פראַנקרייך. פּלוצלינג איז ארויס אַ קלאַנג אז די אידען פון קאַסטיליען האָבען געבראַכט די פּעסט, ווייל זיי ווילען זיך נוקם זיין אן די קריסטען און ווילען זיי פערטיליגען.

די אידען פון קאַסטיליען האָבען געשיקט שלוחים מיט גיפט צו זייערע ברידער אין אלע לענדער, האָבען די גוים געזאָגט, און זיי בעפוילען אריינצוטאָן דעם שרעקליכען גיפט אין די ברונענס און טייכען.

יעקב פּאַסקאַטאַ, אַ אידישער כשוף־מאַכער פון טאָלידאָ איז געקומען נאָך שוואבען. ער האָט גענומען צו הילף אַ רב און אַ פּרנס און זיי האָבען פערשפּרייט דאָס סם אומעטום. דאָס סם, האָבען די ווילדע גוים געזאָגט, בעשטעהט פון שלאַנגען־פלייש, שפּינען, זשאַבעס, פלעדערמייז, אַ קריסט־

ליך הארץ און די "האָסטיע". דאָס סם האָבען זיי געהאַלטען אין לעדערנע בייטלען און אין טיכלעך און אריינגעוואָרפען אין די וואַסערן.

די מעהרסטע גלחים און אדעלליים האָבען זיך געהאַלטען אָן דעם נארישען פינסטערן בלבול. די גלחים האָבען אַזוי געהאַלטען אויס האס צו אידען. און די אדעלליים האָבען דורכדעם געוואָלט פטור ווערען פון די חובות, וואָס זיי זענען שולדיג געווען צו אידען.

אין אַ סך ערטער האָבען די גוים געכאַפּט די אידען און זיי שרעקליך געמאַטערט ביז די אידען, וועלענדיג זיך בעפרייען פון די מורא'דיגע פּיין, האָבען אונטערגעשריבען וואָס מען האָט זיי געהייסען. און זיי האָבען אונטערגעשריבען ערקלערונגען, אַז זיי זענען זיך מודה אין סם'ען וואסערן.

דערנאָך האָבען די גלחים דאָס צושיקט אין אַלע שטעדט אַלס בעווייז, אַז די אידען האָבען זיך מודה געווען אין פערברעכען. אַ פייערדיגע שנאה האָט אויסגעבראָכען אין אַלע לענדער צו אידען. אָהן אַ שיעור אידישע קהלות האָבען די גוים ארויסגעפיהרט הינטערן שטאָדט און זיי פערברענט לעבעדיגערהייט.

נאָר די אידישע קהלות אין קאַסטיליען האָבען נישט געליטען. די פּעסט האָט אין קאַסטיליען אויך אוועקגערויבט אַ סך מענשען. אין סעוויל און טאָלידא זענען געפאַלען טויזענטער. אָבער עס איז קיין קריסט נישט איינגעפאַלען חושד צו זיין אידען, אַז זיי זענען שולדיג אין דער פּעסט. די גוים האָבען דאָך געזעהן אַז אויך אידען שטאַרבען פון דער מגפה. עס איז אויך געמאַכט געוואָרען אַן אויספאָרשונג וועגען דעם כשוף־מאַכער יעקב פאַסקאַטאָ און עס האָט זיך ארויסגעוויזען אַז אַזאַ מאַן האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט.

מיט דער פּעסט איז מיטגעגאַנגען דער בלבול. וואו עס איז געקומען די פּעסט, איז מיטגעקומען דער בלבול. אָנגעהויבען האָט עס זיך אין דרום־פראַנקרייך. דאָס פאָלק האָט אויסגעגאָסען זיין ווילדען צאָרן אויף די אידען. פון דאָרט איז עס אריבער נאָך צפון־שפּאַניען און דאָרט האָבען די אידען געליטען פּונקט ווי אין פראַנקרייך. נאָר די אדעלליים אין שפּאַניען האָבען זיך איינגעשטעלט פאַר די אידען.

אויך דער פויבסט קלעמענס דער זעקסטער האָט אָנגעזאָגט די שפּאַניער זיי זאָלען לאָזען אידען צורוה.

ווי די פּעסט האָט זיך ארייגעכאַפּט צו די דייטשען האָבען די אדעלליים צוזאַמען מיט'ן פּראָסטען פאָלק גע־פיהרט פון די גלחים זיך געוואָרפען אויף די אידען. עס האָט נישט געהאָלפען דעם פויבסט'ס "בולעס" און דעם קייסער'ס בעפעהלען, אַז מען זאָל אידען נישט טשעפּען. די פינסטע־רע מאַסען האָבען זיך נישט געוואָלט צוהערען. זייער האַס צו אידען האָט זיך געטראָגען ווי א שרעקליכער שטורם אָפּ־צואווישען דעם נאָמען איד פון דער וועלט.

די פּעסט האָט זיך פערשפּרייט אין דייטשלאנד. יערען טאָג זענען געפאַלען מעהר קרבנות. דאָס פאָלק איז געוואָרען אָפּהענדיג. זיי האָבען אויפגעהערט ארבייטען. וואָס טויג זיי ארבייטען אויף מאָרגען אז זיי וועלען נישט דערלעבען דעם מאָרגען? די תבואות זענען געשטאַנען אויף די פעלדער און קיינער האָט זיי נישט געשניטען. די בהמות האָבען זיך געפּאַשעט אויף די פולע פעלדער און צושטערט די גערטנער און קיינער האָט זיי נישט געשטערט.

מאַסען מענשען זענען אויסגעגאַנגען און קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. די טויטע קערפּערס האָבען זיי צוזאַמענגענומען אין גרויסע קופּות און ארויפגעלעגט אויף וועגען. שיכור'ע גוים פאַר א גרויסען לוין האָבען די וועגען טויטע ארויסגעפיהרט הינטער דער שטאָדט און אריינגעוואָרפען אין גריבער און זיי נישט פערשאָטען. די קליידער פון די טויטע האָבען זיך געוואַלגערט אין די בלאָ־טעס און די חזירים און מייז האָבען זיי צוביסען און זיי זענען באלד געפאַלען טויט. זיי האָבען נאָך פערגרעסערט די עפּידעמיע.

אין די שטעדט איז געוואָרען גרויס אונאָרדנונג. יעדער האָט געזאָרגט פאַר זיך און זיך נישט אומגעקוקט אויפ'ן צווייטען. עס איז נישט געווען מעהר קיין אונטערשיעד צווישען א הערר און קנעכט און א רייכען און ארימאַן. עס איז געוואָרען א שרעקליכער כאַאָס. מען האָט זיך נישט צוגעהערט צו קיין בעפעהל.

רייכע פּאַלאַצען זענען געוואָרען פּוסט. די בעלי־בתים

זענען אויסגעשטאָרבען אָדער אַנטלאָפען וואו די אויגען טראַ־
גען. דאָס פּראָסטע פאָלק האָט זיך אריינגעריסען אין די
פּאַלאַצען און אויסגערויבט אַלדאָסגוטס וואָס זיי האָבען גע־
פונען.

עס איז שפּעטער געוואָרען קלאָר אַז די שרעק און דער
טרויער העלפען שטאַרקען די פּעסט. האָבען זיי בעשלאָסען
צו פערטרייבען די שרעק און טרויער, אין איטליכע שטאָדט
האָבען זיך צוזאַמענגענומען מחנות מענער און פרויען און
גע׳שיכור׳ט און געהוליעט. דאָס האָט זיך אריינגעכאַפּט אין
די מאָנאַסטירען. א סך מאָנאַכען האָבען זיך אָנגעשלאָסען
אָן די שיכור׳ע מחנות. פיעל מאָנאַכען וואָס האָבען נישט
געוואָלט פערשווערען זייער שבועה און זיך נישט באהעפטען
מיט די מחנות פון פּראָסטען פאָלק האָבען געגרינדעט איי־
גענע גרופּעס פון מאָנאַכען און מאָנאַשקעס.

ביי טאָג האָבען זיי געפּראַוועט הייליגע שטיק און ביי־
נאַכט האָבען זיי געטאָן די ווילדסטע פינסטערע מעשים אין
דער גרעסטער אויסגעלאַסענקייט. ביי טאָג זענען די מענער
און פרויען געגאַנגען איבער די גאַסען, כמעט נאַקעט, גע־
זונגען מיט ווילדע קולות זייערע געזאַנגען און זיך געשלאָגען
מיט פּאַסקעס דאָס לייב ביז בלוט. דאָס האָבען זיי געטאָן
אַלס תשובה אויף די זינד. זיי האָבען זיך גערופען די "פלאַגע־
לאַנטען" באַנדעס. זיי האָבען אָנגעצונדען מיט זייערע מעשים
אַלע צושוועך מיט ווילד פייער און אַלע האָבען זיי געהאַל־
טען פאַר הייליגע, פאַר מלאכים און א סך זענען צוגעשטאַנען
צו זיי און זיי נאָכגעטאָן.

---

די אידען האָבען געוואוינט אין זייערע פערשלאָסענע
געטאָס. די טויערן פון געטאָ זענען ערשט געוואָרען געעפענט
מיטאָג־צייט, די אידען זאָלען ארויסגעהן אויפ׳ן מארק איינ־
קויפען עסענוואַרג, נאָכדעם ווי די בירגער האָבען שוין איינ־
געקויפט אויף זייער געברויך.

די אידישע דאָרפס־געהער זענען געבליבען אין דער היים,
זיי האָבען מורא געהאַט צו געהן איבער די דערפער און די
הויפען. די רייכע האָבען אויך געציטערט צו געהן אין שטאָדט
אַריין אָפּנעמען חובות.

אין דער דאָזיגער ביטערער צייט האָט זיך פערשטאַרקט דאָס ברידערליכע געפיהל ביי אידען. דאָס שרעקליכע אומ־גליק וואָס האָט געהאַנגען איבער די אידען האָט זיי נאָכ־מעהר דערנעהנטערט צווישען זיך. די אידישע דערבארמקייט און ברייטהארציגקייט איז געוואָרען גרעסער ווי שטענדיג. די טאָפּעלטע שרעק פאר דער מגפה און פאר די גוים האָט זיי געגעבען קרעפטען צו האַלטען זיך פעסט און זיך פערלאָזען אויף גאָט.

יהודה איז געבליבען אין דער חיים. ער איז נישט ארויס־געגאַנגען פון געטא. זיינע געשעפטען האָבען זיך אָפּגע־שטעלט. זיינע אַגענטען זענען געבליבען אונטערוועגענס אין די שטעדט וואו זיי זענען געווען. די שיפען האָבען אויפגע־הערט געהן און ער האָט מעהר נישט געקענט זיך צונויפשריי־בען מיט זיינע עלטערן.

דאָס האָט איהם גאָר צובראָכען. ער האָט נישט געוואוסט וואָס עס הערט זיך ביי זיי. לעבען זיי אָדער אַן אומגליק איז געשעהן מיט זיי. ער האָט געוואוסט אז זיי זענען אומרוהיג וואָס זיי ווייסען נישט וואָס מיט איהם איז געשעהן.

איין ווינקעל איז געבליבען וואָס איז געווען זייער טרייסט. דאָס בית המדרש. אלע אידען זענען געקומען אין בית המדרש און דער רב האָט געזאָגט דרשות. ער האָט געשטאַרקט די קהלה מיט זיינע פעסטע רייד צו זיין שטארק אין גלויבען פון די עלטערן. טאָג און נאכט האָט דער רב געלערנט.

די רעביצין האָט נישט גערוהט. טאָג און נאכט איז זי געווען פערנומען מיט צדקה־ארבייט. היילען קראַנקע, שפּיי־זען אלמנות און יתומים און שטיצען ארימע לייט.

---

עס איז געווען ראש חודש אלול. די יום־טובים קומען אָן. אלע פרנסה קוואלען האָבען זיך אָפּגעשטעלט און די נויט אין שטאָדט איז געווען זעהר גרויס. און אָרימע וואָס מען האָט געדארפט שטיצען האָבען זיך געמעהרט פון טאָג צו טאָג.

איינמאָל איז מען געקומען אין בית המדרש אריין אהיימרופען יהודה'ן. זיין פריינד קאָנראַד ווינטערטור, דער בירגערמייסטער פון שטראסבורג, וואָס ער האָט איהם אַ שטיק צייט נישט געזעהן, איז געקומען.

אויף איהם האָט יהודה געלייגט גרויסע האָפנונגען אַז ער וועט שיצען אידען אין דער ביטערער צייט. ער איז דאָך אַ קרוב מיט צוויי הויכע בישאָפען. איז בירגערמייסטער פון שטראַסבורג און ווערט געשעצט ביים פאָלק.

יהודה איז גלייך געגאנגען אהיים און געטראָפען קאָנראַד'ן זיצען ביים טיש שפילענדיג זיך מיט זיין פינף־יעהריג יונגעלע שמואל. ליבע מיט איהר יונגערע שוועסטער ראָזע־ליין זענען געזעסען קעגענאיבער און געדעדט גוטמוטיג.

יהודה מיט קאָנראַד'ן האָבען זיך ארומגענומען און צו־קושט און קאָנראַד האָט אריינגערופען יהודה'ן אין אַ בע־זונדער צימער. קאָנראַד'ס אויגען האָבען געקוקט אזוי טרוי־ריג און אויפגערעגט. יהודה האָט זיך דערשראָקען און גע־זאָגט:

— קאָנראַד, דו האָסט נישט קיין גוטע בשורה פאַר מיר! זאָג זי מיר גלייך!

— איך בין צו שטארק אויפגערעגט — האָט קאָנראַד גע־זאָגט — פון דער בלאָטע און שמוץ וואָס מיין פאָלק איז פערזונקען ביז איבער'ן קאָפּ. גאָט האָט אונז געשטראָפט. אויסער דער שווארצער פעסט ליידען מיר נאָך פון אַ גייס־טיגער פעסט. אונזער פאָלק איז אזוי נאַריש און פערסיהרט. דאָס פעבעל מיט זיינע פיהרער, הערשער און לעהרער גלויּ־בען אין ווילדע פינסטערע בלבולים.

— אויב דו מיינסט די בלבולים וועגען אונז, אידען — האָט יהודה צוטומעלט געזאָגט, — זאָל אונז גאָט ביי־שטעהן! ווער ווייס וואָס מיט אונז וועט געשעהן!

— ביזט גערעכט, מיין פריינד. נאָר גאָט ווייס וואָס מיט אידען וועט געשעהן! דעריבער בין איך געקומען דיך און דיין הויזגעזינד נעמען צו מיר. ביי אונז וועט איהר זיין זיכער פון געפאהר.

— איך זאָרג זיך נישט פאַר מיר און מיין הויזגעזינד — האָט יהודה געענטפערט — איך בין דאָך אַ בירגער. דיינע

פעטערס די הויכע בישאָפען האָבען מיר דאָך געגעבען ביר־גער־רעכט. ווער וועט וואגען מיך אָנריהרען ?

— דער קייסער האָט ארויסגענומען די אידען פון ווער־מייזא פון בישאָף׳ס רשות און זיי איבערגעגעבען אין די הענד פון די בירגער. די בירגער קענען איצט טאָן מיט די אידען וואָס עס גלוסט זיי. די ענדערונג שאפט אָפּ דיינע פריווילעגיעס. ביזט איצט אין זעלבען אומגליקליכען צו־שטאנד וואָס אלע אידען — האָט איהם קאָנראד דערקלערט.

— דיין פעטער, דער מיינצער ערצבישאָף איז דאָך דער אויבער־הערשער איבער אלע אידען פון דייטשלאנד. וועט ער אונז נישט בעשיצען ? — האָט יהודה געפרעגט.

— אין דער איצטיגער בהלה־צייט זענען אָפּגעשאפט אלע געזעצען און קיין שוץ איז נישט גענוג. מען קען זיך אויך נישט פערלאָזען אויף דעם ערצבישאָף. ער האָט קיינ־מאָל נישט ליעב געהאט אידען און איצט איז ער געוואָרען אַן אָפענער ביטערער פיינט.

דערשלאָגען איז יהודה געזעסען אין געשווייגען און קאָנ־ראד האָט איהם געטרייסט :

— פערליר נישט דיין מוטה. עס איז נאָך דאָ א האָפנונג. פאראַן עהרליכע אָרנטליכע דייטשען, וואָס האָבען גרויס איינפלוס. אין מיין שטאָדטראט האָב איך חברים וואָס האַל־טען מיט מיר. די גרויסע סוחרים פון קעלן, וואָס זענען די שטאָדט־ראט־לייט האָבען אויך בעשלאָסען נישט צו דערלאָ־זען דאָס פעבעל אויסלאָזען זיין ווילדען האס צו אידען. דער־פויבסט מיט׳ן קייסער ווארנען אויך דאָס פאָלק נישט צו טאָן ווילדע זאכען. אָבער פאר דיר איז מיין עצה, ווי אַן אמת׳ער פריינד, זאָלסט נעמען דיין פאמיליע און זיך בע־זעצען אין שטראסבורג.

— דאָס קען נישט זיין. מיין שווער, דער רב, וועט נישט פערלאָזען זיין קהלה אין אַן עת צרה.

— אין צייט פון געפאהר זאָרגט יעדער פאר זיין איינען לעבען — האָט קאָנראד בעמערקט.

— דו קענסט נישט די אידישע רבנים. זיי זענען ווי די שיפס־קאפיטאנען וואָס געהן אונטער מיט דער שיף אינ־איינעם און ווילען זי נישט איבערלאָזען זינקען אין ים און

ראטעוועו דאס אייגענע לעבען. היינט, מיין שוועד, דער צדיק, וואס לעבט קיינמאל נישט פאר זיך, נאר פאר גאט, פאר דער תורה, פאר דער ישיבה און פאר זיין קהלה! מיין שוויגער, די פרומע רעביצין, וועט דאך נישט וועלען איבער־לאזען איהר מאן, וואס ער איז איהר גאנץ לעבען. נישט מיין פרוי און נישט די יונגסטע טאכטער, די בלום וואס הויבט ערשט אן בליהען, וועלען איבערלאזען טאטע־מאמע. אויב דו גלויבסט מיר נישט, פרוביר, רעד מיט מיין שווע־גערין. זאג איהר, אז דאס אומגליק איז נאהנט און זי האט איין עצה צו ראטעוועו איהר לעבען. זי זאל מיט מיר און ליבע'ן אנטלויפען נאך שטראסבורג, וואו זי וועט זיכער זיין מיט'ן לעבען. איך וועל בעשטעטיגען דיינע רייד, זי זאל נישט מיינען, אז דו מאכסט געשפעט, און וועסט זעהן, אז זי וועט נישט איבערלאזען טאטע־מאמע און געהן מיט דיר זיך ראַ־טעוועו. און דאס וועט זי נישט טאן בלויז אוים איהר ליעבע צו איהרע עלטערן. ווען זי וואלט אפילו געוועו א יתומה, און עלענטע, זי וואלט דא נישט געהאט קיין קרובים, וואלט זי נישט איבערגעלאזט איהרע ברידער אליין אין אומגליק. אזוי איז די טבע פון אידען.

— איך פערשטעה נישט די וועגען פון דיין פאלק — האט קאנראד געזאגט — יעדער מענש אנטלויפט דאך פון א שרפה. און איהר, אידען, ווילט בלייבען אין פייער?

— פון א שרפה אנטלויפט דער איד, ווען א הויז ברענט. אבער ווען דאס גאנצע אידישע פאלק שטעהט אין א פייער וועט קיינער נישט אנטלויפען, ער וועט נישט וועלען ארויס־טרעטען פון זיין פאלק!

— איך וויל דאך נישט אז דו זאלסט ארויסטרעטען פון דיין פאלק. איך וויל נאר זאלסט פערלאזען די היגע קהלה און אריבערפאהרען אין דער שטראסבורגער קהלה!

— איך קען דאס נישט טאן. עס וועט זיין א פערראט צו דער היגער קהלה. וואלטען זיי געוועו געזינדיגט, וואלט איך זיי געוועו פערלאזט. דו ווייסט דאך אבער, אז זיי זענען אומ־שולדיג. און אויב דאס פאלק דיינס וועט זיי הרג'ענען וועט דאך דאס זיין פאר א פאלשען בלבול, וואס זיי טראכטען אוים אויף אונז איבער אונזער אמונה, אונזער איינציגע

פעסטונג. מוז יעדער בלייבען אויפ'ן פלאץ. אזוי ווי דער וואס פערלאזט דאס שלאכטפעלד איז א פעררעטער, אזוי איז א פעררעטער דער דאזיגער וואס לאזט איבער זיינע ברידער אין צרה און לויפט ראטעווען זיין אייגען נפש.

— אבער איהר שטעלט זיך דאך אפילו נישט קעגען אייערע פיינט ! — האט קאנראד זיך געוואונדערט — איהר האלט זיך צוזאמען ווי שאף צו דער שחיטה.

— וואס קענען מיר דען טאן ? מיר זענען אין א קליינע צאהל. אונזערע פיינט זענען מעהר און שטארקער. מיר ווארטען ביז די פיינט ווערען מיעד. מיר ווייזען אבער אז מיר שרעקען זיך נישט פאר'ן טויט.

— וואס קומט אייך אבער ארויס פון אייער טויט ? איהר ראטעוועט דען דערמיט אייער אמונה ?

— יא. דאס איז אונזער קראפט. מיר געהן מוטיג צום טויט פאר אונזער גאט און אונזער אמונה ווערט שטארקער. און אונזער פאלק לעבט אייביג.

— איהר זענט אנדערש פון אלע פעלקער. משה האט אייך נאך גערופען הארטנאקיג פאלק. איהר זענט איינגעשפארט. אפשר איז דאס דער סוד פון אייער עקזיסטענץ צווישען אזויפיעל פיינט — האט קאנראד געזאגט — איך וועל דיר מעהר נישט זאגען זאלסט קומען צו מיר. איך פערזיכער דיך אבער אז אזוי לאנג ווי איך לעב וועל איך בעשיצען דיך און דיינע ברידער. איך וועל אין שטראסבורג דערוועקען אלע מיינע ארנטליכע פריינד, מיר זאלען שטעהן אויף אייער זייט און אייך אפהיטען פון אומגליק. בערוהיג זיך, פריינד, טייערער, די אלטע ווילדע צייטען פון גרויזאמע שחיטות אויף אידען וועלען זיך מעהר נישט אומקערען. דאס דייטשע פאלק פערמאגט אויך מוטיגע, עהרליכע לייט, וואס האבען פיינט רויב און מארד. זיי וועלען שטעהן צו אייער הילף.

---

פלוצלינג האבען זיי דערהערט א געשריי פון צימער וואו ליבע מיט'ן קינד און ראזעליין זענען געזעסען. יהודה און קאנראד זענען אויפגעשפרונגען און אריינגעלאפען צו זיי. ליבע איז געשטאנען הינטער'ן טיש בלאס ווי קאלך, דאס

יונגעלע האָט פאר שרעק זיך בעהאַלטען הינטער איהר פאר־טוך און ראָזעליין האָט אינגאַנצען געציטערט.

דערשראָקען האָבען זיי געקוקט צו אַ מאַן, וואָס איז גע־שטאַנען אין טיר. דער מאַן איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגען שווארצען מאַנטעל מיט אַ טאָפּעלטען קאָלנער. די האָר רונדיג געשוירען און אינמיטען קאָפּ אויסגעגאָלט. ארום די לענדען א ווייסער שטריק מיט לאַנגע קוטאַסען. אַ פראַנציסקאַנער מאָנאַך. יהודה האָט נישט געוואוסט ווער דאָס איז. נאָר קאָנראַד האָט איהם דערקענט און געזאָגט:

— יאָהאַנים! וואָס טוסטו דאָ, דו פרומער צדיק?

יהודה האָט דערהערט דעם נאָמען און ער האָט אויפגע־ציטערט. יאָהאַנים האָט מיט חיה'שע בליקען געקוקט אויף ליבע'ן מיט ראָזעליין און זיך אָנגערופען:

— און וואָס טוסטו דאָ, קאָנראַד, דו איידעלער מאַן?

— איך בין געקומען זעהן מיין אַלטען פריינד, יהודה אברבנאל — האָט קאָנראַד איהם געענטפערט.

— און איך בין געקומען צו זיין פרוי, וואָס איך האָב אַמאָל שטאַרק ליעב געהאַט. איך האָב געוואָלט זעהן וואָס זי מאַכט. איך בין שטאַרק צופרידען פון מיין וויזיט. עס ווייזט זיך מיר אויס אז דאָס איז מיט ניין יאָהר צוריק. דאָס מיידעל מוז זיין איהר שוועסטער. זי זעהט אויס פּונקט ווי איהר שוועסטער מיט ניין יאָהר צוריק — האָט יאָהאַנים געזאָגט צו קאָנראַד'ן און דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו יהודה'ן.

— הער, דו איד, ירושלים'ער אדעלמאַן פון שפּאַניען! אין דיין שטאָלץ האָסטו מיט ניין יאָהר צוריק נישט געענט־פערט אויף מיין בריעף. קוק אויף מיינע מאָנאַכען קליידער. פערשטעה אז איצט בין איך מעכטיגער ווי דעמאָלט. איך בין אָבער געקומען מיט אַ פרידליכען פאָרשלאָג. איך וויל נישט פון דיר דיין ווייב. אז דו האָסט שוין מיט איהר חתונה געהאַט וויל איך זי שוין נישט. איך וויל דאָס מיידעל. וועסטו מיר זי געבען, וועט זיין וואויל דיר און דיינע ברידער. וועסטו אָבער נישט פאָלגען מיין גוטע עצה, וואָרן איך דיך פאר קאָנראַד'ס אויגען, אז איך וועל נעמען נקמה, אַ שרעקליכע נקמה, וואָס צום צווייטען מאָל שטערסטו מיר. איך וועל

זיך אין אייך נוקם זיין אזוי ביטער. וואָס איהר האָט דאָס נישט געהאט זייט די צייטען פון אייער פריינד טיטוס און האדריאן. דיין גאנצע געמיינדע וועל איך פערברענען, דיין פאָלק וועל איך פערטיליגען. דיין פאמיליע וועל איך קוילען פאר דיינע אויגען. נאָר דיך וועל איך לאָזען לעבען. איך וועל דיך היטען, דו זאָלסט צוזעהן די שרעקליכע נקמה, וואָס איך וועל אויסגיסען אויף אייערע קעפּ. דיין לעבען וועט זיין ערגער ווי דער טויט. דיין זוהן וועל איך אריינגעבען אין מאָנאַסטיר. מען וועט איהם שמד'ען און ערציהען אלס קריסט. דיין ווייב מיט איהר שוועסטער וועל איך נעמען פאר מיר און דערנאָך וועל איך זיי אוועקגעבען צו שאנד. און פון דיין גאנץ פערמעגען וועט דיר נישט בלייבען א צובראָכענער שארבען זאָלסט זיך קענען קראצען דערמיט אין דיינע מורא'דיגע פיין.

— שווייג, מנובל ! — האָט קאָנראַד געשריגען און גע־כאפּט א מעסער

— קאָך זיך נישט — האָט דער ווילדער יאָהאַניס געזאָגט רוהיג — איך בין שטארקער פון דיר. איך האָב בעסער גע־וועהר ווי דיין שטומפיג מעסער. מיין געוועהר איז שאַרף און אויסגעשמירט מיט שוידערליכען סם... האָסט פערגעסען אז איך בין א פראנציסקאנער ?

ער האָט ארויסגעשטעקט די צונג אויף קאָנראַד'ן. קאָנ־ראד האָט זיך אריינגעוואָרפען אין שטוהל און געציטערט פאר אויפרעגונג. ליבע מיט ראָזעליין האָבען זיך ארומגענור־מען און שטיל געזיפצט און דאָס יונגעלע האָט זיך צושריגען פאר שרעק. יהודה'ן האָט געשווידערט פאר כעס און ער האָט געזאָגט צו ליבען מיט ראָזעליין :

— געהט ארויס פון דאנען, נעמט מיט דאָס קינד, איהר זאָלט נישט הערען די פערדאָרבענע רייד.

— ניין, מיר וועלען נישט ארויסגעהן — האָט ליבע גע־זאָגט — די שמוציגע רייד קענען נישט פערשמירען אונזער־ר'ריינקייט. זאָל ער וויסען, דער מאן, אז ער רעדט נישט צו נארישע פרויען, נאָר צו אידישע פרויען, וואָס שרעקען זיך נישט פאר טויזענט ווילדע דאָמיניקאנער און פראנציסקאָ־נער. מיר האָבען נישט מורא פאר'ן טויט. מענשען פון זיינס

גלייכען האָבען אויסגעלערנט אַנזערע עלטערן צו זיין גרייט יעדע רגע פאַר'ן טויט. זאָל ער נאָר פּראָבירען צוגעהן צו אונז, וועט ער וויסען אז עס איז נאָך שאַרף די שווערד פון יהודית...

ליבע מיט ראָזעליין האָבען אַרויסגענומען צוויי שפּיציגע שאַרפע מעסערס, וואָס זיי האָבען צוגעגרייט באַלד ווי די שרעקליכע צייט האָט זיך אָנגעהויבען. זיי האָבען געהאַלטען פעסט די מעסערס און זייערע אויגען האָבען געשפּריצט פייער.

— איך בין טאַקי אַ מאָנאַך — האָט יאָהאַנים געזאָגט חוצפּה'דיג — אָבער איך ליעב צו פיהרען זיך ווי העלדי־שע ריטער, וואָס זיי ווילען בעסער רייטען אויף אַ ווילד פערד וואָס בריקעט זיך איידער אויף אַ פערד וואָס גיט זיך גלייך אונטער.

קאָנראַד האָט זיך נישט געעקנט איינהאַלטען און גע־זאָגט :

— איך געה שוין צום פעטער, דעם מיינצער ערצבישאָף, איך וועל איהם אַלץ דערצעהלען און ער וועט דעם ווילדען מנובל ווידער פערשפּאַרען אין מאָנאַסטיר ביז ער וועט ווע־רען פערפוילט !

— געה, גיכער ! — האָט יאָהאַנים זיך צולאַכט — ער איז איצט ווי אַ קעניג אָהן אַ פּאָלק. אין זיין מאָנאַסטיר זע־נען איצט נאָר דאָ הונגעריגע מייז. די מאָנאַכען זענען אַוועק. דו ווייסט נישט, קאָנראַד, אַז די ווערמייזער אידען זענען איצט אַרויסגענומען געוואָרען פון אונזער פעטער, דעם היגען בישאָף'ס רשות ? זיי זענען איצט אין די הענד פון די בירגער.

ווייסטו ווי אזוי דאָס איז געשעהן ? דורך מיר. איך האָב אָנגערעדט אונזער פעטער, דעם מיינצער ערצבישאָף, ער זאָל שטאַרק ליבען די ווערמייזער בירגער פאַר'ן קייסער און אַלס לוין זאָל דער קייסער זיי אוועקשענקען די אידען פון שטאָדט. איך האָב דאָס געטאָן, כדי אונזער פעטער, דער היגער בישאָף זאָל זיי נישט קענען בעשיצען און דער איי־אברבנאל זאָל פערלירען זיינע בירגער־רעכט. איך האָב אויך אַ רעקאָמענדאַציע פון פעטער, דעם הערצאָג פון שוואבען.

דאָרט האָט מען ארעסטירט עטליכע אידען אויפ'ן פערדאַכט, אז זיי האָבען אריינגעטאָן גיפט אין די ברונענס. איך ווייס, זיי זענען סוחרים, די אַגענטען פון יהודה אברבנאל. זיי האַנד־לען דאָך מיט פערשידענע געווירצען. בעט דער פעטער דעם הערצאָג ער זאָל זיך בעראַטען מיט מיר ביי דער אויספאָר־שונג אויסצוגעפינען דעם אמת.

---

יהודה איז בלאַס געוואָרען פאר שרעק. יאָהאַנים האָט דאָס בעמערקט און ער האָט איהם געפרעגט:

— וואָס שרעקסטו זיך? איך האָב דאָך דיך פערזיכערט אז דיר וועט נישט געשעהן קיין בייז, איך וועל דיך בעשיי־צען. נאָר מיט דיין פאמיליע און דיינע אָנגעשטעלטע וועל איך זיך אָפּרעכענען. דו האָסט א פערטרעטער אין טאנאן? האָסט צוויי פערטרעטער אין ווילאנאָף? האָסט דריי ארומ־פאָהרענדע אגענטען אין דער שווייץ וואָס הייסען מתתיהו, לעמעל און הירש? די ערשטע דריי זענען שוין פערשפּאַרט אין געפּענגניש און די איבעריגע וועלען זיך אויך נישט ארויסדרעהען. מיין נעץ איז אויסגעשפּרייט. איך וועל זיי כאַפּען. מען וועט זיי איינגיכען ארומפיהרען אין אייזערנע שטייגען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון לאנד צו לאנד, אלע זאָלען אָנקוקען די אידען, וואָס האָבען פער'סמ'ט די ברונענס און געבראכט אויף די קריסטען די שווארצע פעסט. זיי וועלען שוין דעמאָלט נעמען נקמה פון אלע אידען.

— דו לומפּ! איך ווייס דאָך אז זיי פערקויפען שפּאַנישע געווירצען, די זעלבע געווירצען וואָס מען קריגט אין קריסט־ליכע קראָמען אין קעלן, אין מיינץ און אומעטום! — האָט קאָנראד געזאָגט מיט פעראכטונג.

— גוט, אז דו ווייסט — האָט יאָהאַנים געלאַכט — לויף מיר נאָך אומעטום, וואו איך וועל זיין און בעווייז אז איך זאָג ליגען.

— איך וועל טאקי דאָס טאָן — האָט קאָנראד געזאָגט — דאָקטוירים, אפּטייקערס און סוחרים וועלען דאָך אונטער־זוכען די געווירצען און אויסגעפינען דיינע פערברעכערישע ליגענס, דו וועסט דאָך פאר שאנד נישט קענען ווייזען דיין

פנים, אז די אגענטען פיהרען נאר מעדיצין שטאפען און שמעקעדיגע געווירצען פאר פרויען !

— אוי, דו אייזעל קאפ וואס דו ביזט דער קאפ פון שטראסבורג — האט יאהאנים געזאגט מיט שפאט — מען וועט דען די געווירצען געבען צו האלטען די אידען אדער דיר ? די געווירצען זענען דאך ביי די ריכטער און אז איך וועל זיין דער הויפט־ריכטער, וועט מיר שטערען צו פערביימען די געווירצען אויף דעם טויטליכען גיפט וואס איך טראג מיט מיר ?

ער האט איהם געוויזען א לעדערן זעקיל, ווי די זעקליך פון אידישע הענדלער און געזאגט צו יהודה'ן :

— גענוג גערעדט ! צום לעצטען מאל פאדער איך פון דיר דו זאלסט פועל'ן ביי דיין שוועגערין זי זאל געהן מיט מיר. אויב נישט, וועט דער סוף פון אייך אלע מיט אייער פאלק זיין זעהר ביטער. דו זעהסט די שנור קרעל ? הונדערט און פופציג זענען זיי ווי די צאהל פון תפלות וואס מיר דאר־פען מתפלל זיין איטליכען טאג. איך גיב דיר צייט ביז איך וועל איבערצעהלען די קרעל. אויב דו וועסט מיר נישט ענט־פערן ביז דעמאלט, געה איך ארויס מיט ליידיגען. אבער איך ווארן דיך, עס וועט דיר שטארק באנג טאן !

— אוי, דו נידערטרעכטיגער, געמיינער יונג ! — חאס קאנראד געשריגען — דו פערשוועכסט די הייליגע קרעל ! זיי זענען צו צעהלען די תפלות און דו צעהלסט זיי פאר דיין ווילדע, אויסגעלאסענע תאוה !

דער מאנאך האט געלאכט און געצעהלט. ליבע איז גע־פאלען אין חלשות און ראזעליין האט געשריגען דערשראקען:

— ראטעוועט ! העלפט !

ראזעליין האט זיך געווארפען מיט יאמער אויף ליבע'ן. דאס קינד האט נישט געוואוסט וואס דא קומט פאר און גע־שריגען. יהודה מיט קאראד'ען האבען גענומען ראטעווען ליבע'ן.

— אט האט איהר די העלדישע ווייבער ! — האט יאהאנים געזאגט רוהיג — און ווייטער געצעהלט — איך קען די ווייבער, א סך פון זיי געזעהן אין מאנאסטיר... לאזט זי צורוה, זי וועט אליין אויפקומען.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ צאָרניג געשריי. אַ הויכער פעסטער מאַן איז צוגעשפּרונגען צו יאָהאַנים'ן און איהם אַ כאַפּ געטאָן אין דער הויך און ארויסגעשליידערט אין דרויסען ווי אַ גע'פגר'טע קאַץ.

דאָס איז געוועזען דער "נירנבערגער". ער איז אריינגעקומען אין קיך און דערהערט די רייד אין צימער. ווי ער האָט דערהערט יאָהאַנים'עס לומפּישע פאָדערונג און ראָזעליינ'ס געשריי, ווען ליבע איז געפאַלען חלשות, האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטען, אריינגעריסען זיך אין צימער און ארויסגעשליידערט דעם מנובל.

זיי האָבען געלייגט ליבע'ן אין בעט אריין און דערמינטערט. קאָנראַד האָט אָנגענומען דעם נירנבערגער'ס האַנד און געזאָגט:

— איהר האָט גוט געטאָן. ווען מיר טוען דאָס באַלד ווי ער איז געקומען וואָלטען מיר פערשפּאָרט צו הערען זיינע שענדליכע רייד. ער איז אַ משוגע'נער. גוט וואָס ער האָט אויסגעזאָגט וואָס ער וויל טאָן. איך וועל צושטערען זיין געמיינעם פּלאַן.

אין פאָדער־הויז האָבען זיי געפונען דעם לעדערן בייטעל מיט גיפט, וואָס יאָהאַנים האָט פערלוירען, ווען דער "נירנבערגער" האָט איהם ארויסגעוואָרפען. קאָנראַד האָט גענומען דעם בייטעל און געזאָגט:

— דאָס איז אַ גוטער סימן! איך פאָהר שוין צום הערצאָג פון שוואַבען. איך וועל איהם בעווייזען יאָהאַנים'עס געמיינהייט. דאָס פעקיל גיפט וועט זיין דער בעסטער בעווייז. דער הערצאָג וועט בעשטראָפען דעם לומפּ!

קאָנראַד איז גלייך געפאָהרען צום הערצאָג פון שוואַבען. ער האָט אָבער געהאַט גרויסע שוועריגקייטען אויפ'ן וועג. אויסער דעם וואָס ער האָט געמוזט פאָהרען איבער הויכע בערג און טיעפע טאָלען, טייכען און וועלדער, וואָס דאָס האָט פערלענגערט זיין רייזע, האָט ער נאָך בעגעגענט אַ סך שטרויכלונגען, ווי פון הימעל וואָלט מען איהם נישט געלאָזט פאָהרען.

עס איז געווען שווער צו פאָהרען אין אַ קאַרעטע, האָט ער גענומען צוויי פערד פאַר זיך מיט זיין דינער. אויפ'ן

וועג האָט ער אָפט געביטען די פערד, ווי זיי זענען אָבער נאָר צוגעקומען צו א הארבעריק א ביסעל אָפּרוהען, האָבען פער־דעכטיגע מענער אָנגעשיכור׳ט דעם קנעכט און ער האָט זיך געוואלגערט אין רינשטאָק, ווען ער האָט געדאַרפט אָנזאָטלען די פערד.

אָפט זענען פערדעכטיגע לייט צוגעשטאַנען צו קאָנ־ראַד׳ן און זיך אָנגעהויבען קריגען מיט איהם און אָנגעפאַנ־גען א געשלעג. דערנאָך האָט ער שוין געמוזט ווארטען אויפ׳ן געריכט עטליכע טעג. די רייזע האָט זיך שטארק געשלעפט, און ערשט נאָך פינף וואָכען רייטען איז ער אריבער דער גענפער־זעע. פון דאָרט האָט איהם געדויערט נאָר איין טאָג צוצוקומען צום הערצאָג.

ער איז אָבער געוואָרען ענטוישט ווען ער האָט זיך דער־וואוסט, אז די ארעסטירטע אידען האָבען אונטער די הענד פון זייערע פייניגער זיך מודה געווען, אז זיי האָבען פער־סם׳ט די ברונענס און מען האָט זיי פעראורטיילט צום טויט.

ער האָט אָבער געוואָלט געהן צום הערצאָג און איהם בע־וויזען מיט דעם פעקיל גיפט וואָס יאָהאנים האָט פערלוירען, אז די אידען זענען אומשולדיג, זיי האָבען זיך מודה געווען, ווייל זיי האָבען נישט אויסגעהאלטען די שרעקליכע מאטער־נישען.

צום אומגליק האָט ער אָבער פערלוירען דאָס פעקיל גיפט. ער האָט עס געזוכט און נישט געקענט געפינען. ער האָט גע־זעהן אז ער וועט גאָר נישט ווירקען ביים הערצאָג און האָט זיך גלייך אומגעקערט אהיים. אין די אלע שטעדט אויפ׳ן וועג האָט ער געזעהן ווי דאָס פעבעל שלעפט מחנות אידען מיט ווייבער און קינדער הינטער דער שטאָדט און מען פער־ברענט זיי. דאָס פעבעל איז געווען שרעקליך צורייצט הע־רענדיג, אז די אידען האָבען זיך מודה געווען און זיי האָבען געוואָלט אָפּווישען אלע אידען פון דער ערד.

---

דאָס העלישע פייער האָט זיך אָנגעצונדען אין שוואבען און פערכאפט גאַנץ שווייץ. אין אלע שטעדט און דערפער וואו די נייעס פון די פער׳משפט׳ע אידען איז אָנגעקומען האָט זיך געגאָסען אידיש בלוט ווי וואסער.

קאָנראַד האָט דאָס געזעהן און ער האָט זיך געאיילט אהיים אָנצונעמען מיטלען, אז דאָס פייער זאָל נישט ארומ־כאַפּען דייטשלאַנד. אָבער נאָך אײדער ער איז געקומען נאָך דייטשלאַנד, און ער איז צוגעקומען צו דער גרעניץ־שטאָדט שאַפּהויזען האָט מען דאָרט שוין געוואוסט פון שוידערליכען בלבול. דאָרט זענען געווען איינגעשפּאַרט יהודה׳ס פערטרע־טער מתתיהו, לעמעל און הירש. יאָהאַנים איז דאָרט געווען און געבראַכט רעקאָמענדאַציעס פון מיינצער ערצבישאָף, פון שוואַבישען הערצאָג און פון די געריכטען אַ בעשטעטי־גונג, אז די פריהער געפאַנגענע האָבען זיך מודה געווען.

יאָהאַנים האָט געהייסען פייניגען די ארעסטירטע אידען מיט מורא׳דיגע פּיין. מען האָט אויפגעשניטען דאָס פלייש פון זייערע פיס און אריינגעגאָסען קאָכעדיגע סמאָלע. דער־נאָך האָט מען זיי ארויפגעשטעלט אויף הייסע קויהלען ביז דאָס פלייש איז געוואָרען פערברענט און די ביינער האָבען זיך ארויסגעזעהן.

די דריי אידען האָבען זיך אָבער געהאַלטען פעסט. זיי האָבען נישט געוואָלט מודה זיין אויף דעם פערברעכען, וואָס יאָהאַנים האָט אויף זיי ארויפגעוואָרפען. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען בעווייזען זייער אומשולד. מען האָט זיי פער־ברענט. יאהאנים האט זיך בענוצט מיט דעם געצוואונגענעם מודה־זיין פון די פריהעריגע. ער האָט אויך געוויזען זעק מיט גיפט און געזאָגט, אז דאָס גיפט וואַרפען די אידען אין די וואַסערן. מען האָט אויך ארומגעפיהרט אין אַן אייזערנע שטייג רבי פּירוט, דעם רב פון שאמבריי און געזאָגט, אז ער האָט דאָס געקראָגען דאָס סם פון דעם אויסגעטראַכטען שפּאַנישען אידען יעקב פאַסקאַטאַ.

יאָהאַנים איז געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט און גע־פיהרט די ״פלאַגלאַנטען״ באַנדעס. זיי האָבען זיך געשטעלט אינמיטען גאַס, געגאַנגען נאַקעט און געזונגען און אָפּגע־ריכט אַ געבעט, אז די פּעסט זאָל זיך אָפּטאָן. זיי האָבען זיך מיט די לעדערנע פּאַסקעס געשמיסען דאָס לייב ביז בלוט.

דאָס פּעבעל האָט דאָס צוגעקוקט און געוואָרען אויפגע־קאָכט אויף אידען. ווילד האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף די

אידישע קהלות און נישט געוואָרט אויף דין און משפט. און פערברענט מענער, פרויען און קינדער.

די אידען פון בערן זענען פערברענט געוואָרען לעבעדי־גערהייט. ווי יאָהאַנים מיט זיין באַנדע זענען אָנגעקומען נאָך באזעל האָט דאָס פעבעל צוזאַמענגענומען אַלע אידען מיט ווייבער און קינדער און זיי אוועקגעפיהרט הינטער׳ן שטאָדט אין א הילצערנע געביידע און זיי פערברענט.

אין פרייבורג לעבען באזעל האָט מען פערשפאַרט פינף אידען און אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז זיי האָבען זיך מודה געווען און צוגעגעבען, אז די פאָרשטעהער פון צוועלף אי־דישע קהלות האָבען געהאַט אַ בעראַטונג און זיי האָבען בעשלאָסען צו פערטיליגען אַלע קריסטען מיט דעם סם וואָס מען וועט אריינוואַרפען אין די ברונענס. די קלאַנגען זענען אויך געגאַנגען אַז די פינף אידען האָבען מודה געווען, אַז אַלע אידען ווייסען דערפון, די אידען פון שטראַסבורג אויך, נאָר קיינער וואגט נישט אויסזאָגען, ווייל מען האָט געלייגט א חרם. דאָס גיפט האָבען זיי געקראָגען פון באזעל.

מען האָט גלייך צוזאַמענגענומען אַלע אידען פון פריי־בורג און פערברענט לעבעדיגערהייט.

דאָס פייער האָט זיך אריינגעכאַפּט נאָך עלזאס און אויפ־געדודערט די הויפּט־שטאָדט שטראַסבורג. קאָנראַד האָט אָבער נישט פערלוירען דעם מוטה. ער האָט געהאָפט, אז עס וועט איהם געלינגען אָפּצושטעלען דעם פעבעלס כעס. איהם האָבען געהאָלפען צוויי עהרליכע קריסטען, דער אויי־בער־ריכטער שטורם און דער הויפּט פון די צעכען פעטער שוואַרבער.

זיי האָבען נישט גערוהט און געוואָלט איינשטילען דאָס פעבעל. זיי האָבען פערשלאָסען אַלע ברונענס אין שטאָדט און געהייסען אַלעמען טרינקען פון רהיין. אין שטראַסבורג איז נאָך נישט געווען די פעסט. האָבען זיי געוואָלט בעוויי־זען, אז די פעסט קומט אפילו ווען מען טרינקט נישט פון די ברונענס. די שטאָדט־עלטסטע פון קעלן און עטליכע אנ־דערע שטעדט זענען צוגעשטאַנען צו זיי. שפּעטער זענען אויך געקומען די עלטסטע פון אפענבורג. אין אפענבורג האָט מען אַרעסטירט צוויי אידען און זיי געפּייניגט אזוי

אָהן רחמנות, אז זיי האָבען מודה געווען, אז ז'יי האָבען אריינגעוואָרפען פעק גיפט אין די ברונענס.

באַלד האָבען זיי פערברענט אַלע אידען. דערנאָך האָבען זיי אונטערזוכט די ברונענס און געוואָלט זיי רייניגען פון גיפט, האָבען זיי אויסגעפונען, אז עס איז גאָרנישט געווען קיין גיפט אין די ברונענס. זיי האָבען פערשטאַנען, אז די אָרימע אידען האָבען זיך מודה געווען אין א פערברעכען וואָס איז נישט געשעהן, נאָר ווייל מען האָט זיי מורא'דיג געפייניגט. האָט ז'יי באַנג געטאָן וואָס זיי האָבען פערברענט די אידען און זיי האָבען געהאָלפען קאָנראד'ן ווירקען אויפ'ן פעבעל ער זאָל זיך בערוהיגען.

דער פויבסט, קלעמענס דער זעקסטער, האָט צושיקט בריעף מען זאָל די אידען לאָזען צורוה. די אידען טרינקען דאָך פון די זעלבע ברונענס, האָט דער פויבסט אויפגעווי־זען, זיי ליידען דאָך אויך פון דער פעסט. אין ערטער, וואו מען זעהט קיינמאָל נישט קיין אידען איז די פעסט אויך שרעקליך. דאָס איז גאָט'ס שטראָף, האָט דער פויבסט דער־קלערט, ווייל די מענשען זענען שלעכט. און דערמיט וואָס מען הרג'עט אומשולדיגע מענשען פערגרעסערט מען גאָט'ס צאָרן.

דער קעניג קארל דער פירטער האָט אויך ארויסגעגעבען א שטרענגען בעפעהל מען זאָל נישט טשעפּען די אידען. זיי זענען די קנעכט פון קעניגרייך און ווער עס טשעפּעט זיי איז ווי ער וואָלט געטשעפּעט דעם מלוכה אוצר.

די גלחים מיט די אדעללייט האָבען זיך נישט געוואָלט צוהערען צו קיינעם. עס איז אָבער אָנגעגאַנגען א גרויסע מחלוקה אין עלזאס. א טייל האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אידען. און די מעהרסטע האָבען זיך געריסען אומצו־ברענגען אַלע אידען.

האָבען די גלחים מיט די אדעללייט און עלטסטע פון די שטעדט בעשלאָסען צוזאמענצוקומען אויף א גרויסע פער־זאמלונג און אָפּשטימען די פראגע וואָס צו טאָן מיט די אידען.

די פערזאמלונג איז געווען אין בענפעלד. קאָנראד וויג־טערטור, שטורם און שווארבער די עלטסטע פון שטראַסבורג

און פעטער שוועגקער, דער הויפט ריכטער פון בענפעלד, האָבען זיך איינגעשטעלט פאר אידען. קאָנראד האָט אויך דערצעהלט די אורזאך פארוואָס זיין שוועסטער־קינד יאָ־האנים איז קעגען אידען. ער טוט דאָס אִיבער א אידיש מיי־דעל, וואָס האָט נישט געוואָלט געהן מיט איהם. אלע האָבען איהם אָבער נישט געגלויבט. זיי האָבען געזאָגט אז ער טראכט אויס א בלבול. דער שטראסבורגער בישאָף האָט זיך גע־שטעלט קעגען אידען און עס איז בעשלאָסען געוואָרען מיט א גרויסע מעהרהייט צו פערטיליגען אלע אידען פון די רחיין־געגענדען.

אידיש בלוט איז געוואָרען ערלויבט. די פיהרער פון לאנד האָבען ארויסגעגעבען די גזרה. די ערשטע זענען געווען די אידען פון שפייער. דאָס פעבעל האָט אלע אידען דער׳־הרג׳עט און די טויטע קערפּערס ארייגגעוואָרפען אין ליידיגע פעסער און זיי אוועקגעלאָזט שווימען אויפ׳ן רהיין.

די עלטסטע פון שטראסבורג האָבען נאָך אלץ געהאָפט עס וועט זיי געלינגען צו ראטעווען די אידען. זיי האָבען פערשלאָסען די געטא דאָס פעבעל זאָל נישט אָנפאלען אויף אידען. די ארבייטער האָבען אָבער געפאָדערט פון זייער עלטסטען פעטער שווארבער ער זאָל זיי איבערגעבען די אידען צום הרג׳ענען. האָט ער זיך געבייזערט אויף זיי. דעמאלט האָבען זיי געזאָגט אז ז׳יי ווילען א טייל פון דעם געלד וואָס די אידען האָבען געגעבען איהם מיט זיינע חברים, וואָס שטעלען זיך איין פאר אידען.

שווארבער איז געוואָרען בייז און געהייסען זיי פערשפּאַ־רען אין געפענגנים. נאָר איינעם איז געלונגען צו כאפּען, די איבריגע זענען אנטלאָפען און אויפגעהעצט די קצבים און גארבערס. וואָס זענען שולדיג געווען א סך געלד צו אידען. צו זיי זענען צוגעשטאַנען די איבריגע צעכען און די אדעל־לייט. זיי האָבען זיך בעוואפענט און געשטאַנען א גאנצע נאכט פאר דער קירכע.

אינדערפריה איז שוין די גאַנצע שטאָדט געווען בע־וואפענט. זיי האָבען זיך ארייגגעריסען אין ראָטהויז און אראָפּגעזעצט די עלטסטע און אויסגעקליבען אַנדערע, וואָס זענען געווען גרייט אויסצו׳הרג׳ענען אלע אידען.

שבת, פיער טאג נאכדעם ווי די גוטע עלטסטע זענען גע־וואָרען אראָפּגעוואָרפען פון זייערע שטעלעס, האָבען די גוים געקלונגען מיט'ן גרויסען גלאָק און דאָס פעבעל איז בעפאַ־לען די געטא און ארויסגענומען איבער צוויי טויזענט נפשות און זיי אוועקגעשלעפּט אויפ'ן בית־עולם. דאָרט האָבען זיי אויפגעלייגט פייער און געשליידערט די אידען אויפ'ן פייער. די אידען זענען פערברענט געוואָרען זאָגענדיג תהלים. זייערע הייזער און פערמעגענס האָבען צוגענומען די שטאָדט־בירגער. די שטראַסבורגער קהלה איז געוואָרען אָבגעווישט. דאָס איז געווען אין אדר, דער חודש פון פרייד איז געוואָרען א חודש פון טרויער.

---

יהודה איז די גאנצע צייט געווען אין ווערמייזא. ער האָט מורא געהאַט איבערצולאָזען זיין פאמיליע און קהלה. איינס נאָך דאָס אנדערע זענען אָנגעקומען די בייזע בשורות פון די אַנדערע שטעדט. יאָהאַנים האָט איהם אויך נישט געלאָזט צורוה. ער האָט איהם אָפט געשיקט בריעף און איהם אָנגע־זאָגט דעם טאָג ווען ער האָט בעשטימט זיך נוקם צו זיין אין איין אידישע קהלה און ווען א צווייטער. עס איז נישט גע־ווען קיין שיעור וויפיעל קהלות ער האָט אומגעבראַכט. איצט געהט ער אויף ווערמייזא און ער וועט זיי ווייזען אז ער האַלט וואָרט.

דער רב האָט צוזאַמענגערופען די קהלה און מספיד גע־ווען די הייליגע קהלות וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם. אַלע האָבען געפאַסט, געוויינט און געקלאָגט און גע־בעטען צו גאָט נאָך הילף. די הילף איז אָבער נישט געקומען.

דאָס פעבעל האָט זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטען אויף דעם טאָג וואָס דער שטאָדטראַט האָט בעשטימט אויף צו משפט'ן די אידען. דער טאָג איז געווען צעהן טאָג אין אדר, דער טאָג פון משפט איז נאָר געווען אַן אָנשטעל. די שונאי ישראל האָבען געוואָלט יוצא זיין פאַר די אָרנטליכע קריסטען, וואָס האָבען געשריגען, אז די אידען זענען אומ־שולדיג, נאָר מען וויל ביי זיי צונעמען זייערע פערמעגענס, טראַכט מען אויס אויף זיי די בלבולים. די בייזע גזרה איז שוין אָבער געווען אונטערגעשריבען פריהער.

ווערמייזער אידען זענען ארומגעגאנגען טרויעריג און דערשלאָגען. טרויריגער פון אלע זענען געווען ליבע און ראָזעליין. זיי האָבען געהאלטען אז איבער זיי איז געקומען דאָס ביטערע אומגליק אויף אידען. ווען זיי וואָלטען זיך איבערגעגעבען יאָהאַניס'ן וואָלטען אזוי פיעל אידען נישט אומגעקומען.

דער פאָטער מיט יהודה'ן האָבען זיי אָבער געטרייסט און בערוהיגט און אויפגעוויזען אז עס איז נישט זייער שולד. עס איז אַ שטראף פון גאָט. וואָלט עס נישט געקומען דורך יאָהאַניס'ן וואָלט עס געקומען דורך אן אנדערן שונא.

עטליבע טעג פאר דעם שרעקליכען טאָג האָט דער רב אָנגעזאָגט מען זאָל אויפהערען פאַסטען און וואַלגערן זיך אין אש. ער האָט געהייסען אַלעמען זיך באָדען, עסען און טרינקען, און זיך אָנטאָן יום־טוב'דיג און זיין גרייט אויפ'ן דריטען טאָג צו געהן אויף קידוש השם.

צומאָרגענס אויפדערנאַכט. יהודה מיט ליבע'ן און ראָזעליין מיט דער רעביצין אין ווייסע קליידער ווי ימים נוראים זענען געזעסען אין שטוב און דאָס יונגעלע שמואל האָט געלערנט ביים נירנבערגער, האָט די רעביצין געפּרובירט אַלעמען טרייסטען און שטאַרקען ז'ייער מוטה. זי האָט זיך אָבער פלוצלינג צואווינט און אלע האָבען מיטגעוויינט. מען האָט געקלאַפּט אין טיר. מיט ציטערדיגע הענד האָט יהודה געעפענט די טיר.

---

בלאָס ,דערשראָקען איז אריין קאָנראַד. זעהענדיג אלעמען וויינען האָט ער געזאָגט :

— איך האָב געוואָלט נעמען יהודה'ן אין א בעזונדער צימער רעדען. איך זעה אָבער אז עס איז שוין נישט קיין סוד, וועל איך רעדען אָפען, אפשר וועלען די פרויען העלפען מיר. די בירגער הָאָבען בעשלאָסען מאָרגען אומצוברענגען אלע אידען. די בעל מלאכות האָבען בעוואָפענט זייערע געזעלען און לעהריונגען און זיי בעוואַכען די געטאָ טויערן. אינדערפריה וועלען זיי ווי א שטורם זיך אריינרייסען אין געטא און אייך אוועקשלעפען אויפ'ן בית־עולם צו פערברענען. נאָר דער וואָס וועט זיך שמד'ען וועט בל'ייבען לעבען. אויף

קינדער וועלען זיי אויך נישט האָבען קיין רחמנות, אויסער דאָס קינד וואָס אַ בירגער וועט אויסקלייבען פאר זיך צו שמד'ען. דאָס געזעץ איז זיי זאָלען קיינעם פון אייך נישט הרג'נען סיידען די וואָס וועלען זיך קעגענשטעלען. זיי האָבען מורא די לופט זאָל נישט קאַליע ווערען פון די טויטע. זיי וועלען אייך דערפאר פערברענען לעבעדיגערהייט.

— "גאָט איז מיין עדות — האָט קאָנראַד ווייטער געזאָגט — אז איך מיט מיינע חברים זענען גרייט אונזערע לעבענס מקריב צו זיין צו קענען ראַטעווען אלע אידען. ליידער קענען מיר נישט ראַטעווען אלע אידען. מיר קענען אָבער היינט ביינאַכט ראַטעווען איין פאַמיליע. מיינע חברים שטעהען צווישען פעבעל וואָס היט די געטא טויערן לעבען וואַלד. איך וועל זאָגען אז איהר ווילט זיך שמד'ען און איך פיהר אייך צום בישאָף. מיינע חברים וועלען אייך ארומרינגלען און היטען ווי די אויגען אין קאָפּ ביז מען וועט אייך ארויספיהרען פון דאַנען. די שוויגער איז דאָך דאָ, יהודה! איך בעט דיך, ראַטעווע דיין פאַמיליע! רוף דעם שווער, נעמט מיט אייער געלד און צירונג. איך וועל אייך ברענגען צו מיין פעטער, דעם בישאָף, ער וויל אייך בעשיצען. איהר וועט זיין אַ שטיקעל צייט אין בעהעלטניש ביז דאָס פעבעל וועט זיך בערוהיגען. איהר וועט זיך אומקערען צוריק און אויפבויען די געמיינדע. אָבער טוט דאָס שנעל, די מינוטען זענען געצעהלטע!

מיעד האָט קאָנראַד זיך אראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און געוואַרט אויף אַן ענטפער.

יהודה האָט געקוקט אויף די פרויען און געוואַרט. די שוויגער האָט זיך אָנגערופען:

— מיין מאַן איז אַ געטרייער פאַסטוך, ער וועט נישט איבערלאָזען די שאָף אליין פאר די ווילדע חיות. ער האָט געלעבט מיט זיין קהלה און ער וועט שטאַרבען מיט איהר. און איך האָב פינף און דרייסיג געטרייע יאָהרען מיט איהם געלעבט, וויל איך שטאַרבען מיט איהם אינאיינעם. ראַטעוועט, גוטער מענש, מיינע קינדער, וועלען מיר אין הימעל זיך מיהען פאר אייך.

— מיר וועלען שטאַרבען מיט אונזערע עלטערן און

פּאָלק — האָבען ליבע מיט ראָזועליין זיך אָנגערופען.

— קען איך איצט וועלען בלייבען לעבען ? — האָט יהודה געפרעגט קאָנראַד'ן — אז זיי ווילען דאָך שטאַרבען ! איך וויל בעסער שטאַרבען מיט זיי איידער זיי איבערלאָזען !

קאָנראַד איז אויפגעשפרונגען און געזאָגט אויפגערעגט.

— ווייסט איהר וואָס פאר א טויט דער פיינט גרייט פאר אייך ? א לאַנגער, מורא'דיגער, גרויזאמער טויט. איינציגוויים וועט איהר אָפּגעבראָטען ווערען !

ער האָט געמאָלען פאר זיי די שרעק פון טויט דורך פייער און פערצווייפעלט זיך געבעטען :

— ראַטעוועט אייערע לעבענס !

ווי ער האָט געמאָלען די גרויזאמע פיין פון ווערען פערברענט האָט ליבע געזאָגט :

— דער שרעקליכער טויט קומט אויף מיין פאָלק דורך מיר. איבער מיר האָט עס זיך אָנגעהויבען, ווי קען איך לאָזען אַלעמען ווערען פערברענט און איך וועל זיך ראַטעווען ?

— ביים אויסברעכען בין איך געווען די אורזאַך — האָט ראָזועליין געזאָגט — איך האָב א מעסער. איך קען מיך טויטען אין א רגע. איך וועל עס אָבער נישט בענוצען, סיידען ווען א גוי וועט מיך וועלען פאַנגען. איך וועל רוהיג שטעהן אין פייער און שטאַרבען מיט אַלע אידען און מיין אש זאָל זיך אויסמישען מיט זייער אש.

די אידישע דינסט האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען און האָט אויסגעבראָכען אין א שרעקליכען יאָמער. דער נירנבערגער האָט זיך צואוויינט ווי א קליין קינד. האָט שמואל זיך דערשראָקען און אָנגעהויבען שרייען. האָט קאָנראַד געזאָגט וויינענדיג :

— אויב איהר האָט נישט קיין רחמנות אויף אייער לעבען, האָט רחמנות אויפ'ן קינד ! ווילט איהר מען זאָל איהם פערברענען אָדער מען זאָל איהם שמד'ען, ער זאָל נישט וויסען ווער זיינע עלטערן זענען געווען ?

ליבע האָט געכאַפּט דאָס קינד און געדריקט צום האַרצען און איהם בעדעקט מיט קושען, אויסגעווייקט אין טייכען טרערען.

די טיר האָט זיך געעפענט און עס איז אריין משה דעם רב׳ס. אלע זענען צוגעשפרונגען צו איהם ארומגעכאַפּט און געקושט און ראזעליין האָט געפרעגט :

—משה, טייערער ברודער, צו וואָס ביזטו איצט געקומען, מעהרען אונזערע קרבנות ?

— גאָט האָט מיך געבראַכט אהער איך זאָל טיילען אייער גורל. פאראכטאָגען ווען איך בין געקומען נאָך קעלן האָב איך געזעהן ווי די אידען גרייטען זיך צום טויט און האָב דאָרט געוואָהר געוואָרען אז מאָרגען איז אייער לעצטער טאָג. בין איך געקומען אהער שטאַרבען מיט אייך אינאיינעם.

אוי, נירנבערגער ! דו ביזט דאָ ? וואָס ביזטו אזוי אומעטיג ? זאָג א פּאָר ווערטער !

— פאר מיין לעבען אַרט מיך נישט — האָט דער נירנ־בערגער געזאָגט — מיר טוט וועה אויף די פרויען, וואָס וועלען פערברענט ווערען, מיר טוט זעהר וועה פאר׳ן קינד. ווער וויים ? אָדער די רשעים וועלען איהם דער׳הרג׳ענען אָדער די רשעים וועלען איהם שמד׳ען !

— איך, זיין מאַמע, וועל איהם מציל זיין פון ביידע — האָט ליבע זיך אָנגערופען — איך האָף צו גאָט אז מיט מיין מעסער וועל איך האָבען גענוג כח צו טאָן אזוי ווי א סך דערבארמדיגע מוטערס און מקריב זיין מיין הייליג קרבן...

ווי זי האָט דאָס געזאָגט, איז זי געפאַלען שווער ווי א שטיין צו דער ערד. עס איז געוואָרען א געשריי. אלע האָבען געאַרבייט זי צו דערמינטערן. זי איז אָבער נישט געקומען צו זיך ביז מען האָט אוועקגעלייגט לעבען איהר דאָס קינד. זי האָט איהם ארומגענומען און איינגעוויגט און מיט איהרע טרערען נאַס געמאַכט זיינע לאָקען.

דאָס קינד האָט איינגעשלאָפען, האָט ראזעליין איהם ארויסגענומען און געלייגט אין זיין בעטיל און זי האָט זיך געלייגט לעבען דער שוועסטער. זיי האָבען זיך ארומגענומען און געוויינט שטיל.

---

דער רב איז אריינגעקומען רוהיג און פעסט. ער האָט ערשט געבענטשט די אידען אין שוהל. זיי האָבען איהם צו־געשוואוירען בייב אָפענעם ארון־קודש בייצושטעהן דעם

נסיון און אָפּגעבען די לעבענס אויף קידוש השם. דער רב האָט געלויכטען מיט א פערבאָרגען ליכט. קאָנראַד האָט מיט יראת הכבוד זיך אויפגעשטעלט פאַר איהם. דער רב האָט איהם דערלאַנגט די האַנד און געזאָגט, אז ער איז א חסיד פון די אומות העולם און וואָלטען א סך גוים געווען ווי ער, וואָלטען אידען נישט געליטען קיין צרות.

קאָנראַד האָט געזאָגט אז ער איז גאָרנישט ווערט די לויב און אז עס זענען דאָ א סך עהרליכע לייט אין דייטשלאַנד, נאָר מען פאָלגט זיי איצט נישט. ווייל עס הערשט איצט דער ליגען אויף דער וועלט. עס וועט קומען א צייט ווען אלע וועלען פערשטעהן אז איין גאָט האָט אַלעמען בעשאַפען און עס וועט מעהר נישט זיין קיין שנאה אויף דער וועלט פון איין פאָלק צום צווייטען.

ער האָט אָבער אויפגעהערט רעדען דערמאָנענדיג זיך אז ער רעדט וועגען דער גוטער צייט צו מענשען וואָס וועלען מאָרגען אין דער צייט זיין פערברענט אויף קויל. ער האָט געבעטען דעם רב אריינצוגעהן מיט איהם אין א בעזונדערע שטוב. דער רב איז מיטגעגאַנגען מיט איהם.

איבער א שעה האָבען זיי זיך גע'סוד'עט. דערנאָך זענען זיי אריינגעקומען האַלטענדיג זיך פאַר די הענד און דער רב האָט געזאָגט צו יהודה'ן:

— איך קען נישט בעפעהלען מיינע קינדער זיי זאָלען אנטלויפען. פון גאָט קען מען נישט אנטלויפען. מיר טוט אָבער וועה פאַר'ן קינד, פאַר שמואל'ן. אויב מיר קענען איהם ראַטעווען, דאַרפען מיר עס טאָן. אפשר וועט גאָט זיך מרחם זיין און איהם לאָזען לעבען. אונזער פריינד קאָנראַד וויל איהם נעמען און פאָהרען מיט איהם נאָך שפאַניען צו דיינע עלטערן. ער האָט מיר צוגעשוואוירען ביי גאָט אז ער וועט האַלטען וואָרט. איך גלויב איהם. גיט איהם דאָס קינד, זאָל ער איהם ארויספיהרען פון טויער איידער עס וועט טאָגען. זאָל ער שוין געהן, ווייל ער מוז נאָך רעדען מיט'ן בישאָף ביי וועמען ער וויל איהם לאָזען אויף א ווייל. אינדערפריה וועט ער ווידער קומען צו אונז, אפשר וועט זיין א שטיקעל האָפנונג פאַר אונזער קהלה. דאָס קינד גיט איהם שוין. מיר וועלען געהן אין שוהל אריין. אלע וועלען באַלד זיך צוזאַ־

מענקומען און בעטען צו גאָט. אפשר וועט גאָט זיך מרחם זיין!

יהודה'ן איז געוועזן אַ שאַד אוועקצוגעבען דאָס קינד, נאָר דער רב האָט איהם צוגעאיילט דערצו. האָט יהודה גע־פרעגט:

— ווער ווייס, צי מיינע עלטערן לעבען?

— שווער איך ביי אלעם היילינען — האָט קאָנראַד אויסגערופען — אז ווען איך וועל דאַרפען אויספאָהרען די וועלט ביז איך וועל געפינען א איד וועל איך פאָהרען, דאָס קינד וועל איך איבערגעבען צו אַ אידען ער זאָל איהם דער־ציהען אלס איד. איך וועל איהם אויסהאַלטען. ווייסטו נישט, יהודה, ווי כ'האָב דיך ליעב! איך שווער ביי גאָט אז די ליע־בע וועל איך אָפּהיטען צו דיינע קינדער!

עס איז נאָך געווען א פונק האָפנונג אז מען וועט ראַ־טעווען די ווערמייזער אידען. דער בישאָף האָט זיך געלאָזט צורעדען פון קאָנראַד'ן און ער האָט שטרענג בעפוילען די עלטסטע, אז איידער זיי וועלען ארויסגעבען דעם אורטייל אויף אידען, זאָלען זיי ערלויבען די פרנסים קומען אין ראטהויז זיך צו פערטיידיגען.

דער בישאָף האָט געזאָגט אז אַ גאַנצע געמיינדע איז נישט ערגער פון איינעם. אן איינצעלנער מאַן ווערט פריהער נישט פער'משפט ביז ער פערטיידיגט זיך, דאַרפען די אידען קריגען די זעלבע רעכט.

די האָפנונג איז אָבער געווען קליין, ווייל ווען די עלטס־טע זאָלען שוין פאָלגען דעם בישאָף און צולאָזען די פרנסים, ווער ווייס צי זיי וועלען זיך צוהערען צו זייערע רייד? אז דאָס פעבעל איז שוין אזוי אומגעדולדיג און קען זיך שוין נישט דערוואַרטען אויף דער רגע, ווען ער וועט אָפּבראָטען די אידען! זייערע אויגען קריכען ארויס אויף דעם אידישען האָב און גוטס וואָס זיי ווילען פערכאַפּען!

---

מען האָט אויפגעוועקט ליבע'ן מיט איהר שוועסטער און מאַמע וואָס האָבען פון פיעל וויינען איינגעדרימעלט. ליבע האָט ארויסגענומען דאָס קינד פון בעטיל און געוויינט.

— עס איז געקומען דער בייזער טאָג. דאָס איז אונזער ערשטער קרבן!

דער רב האָט זיי איינגעשטילט און אָנגעזאָגט, אז קיינער זאָל נישט מיטגעהן מיט׳ן קינד צום טויער. עס קען פערדריי־סען די אידען וואָס האָבען קליינע קינדער. איז געבליבען אז דער נירנבערגער זאָל אוועקטראָגען דאָס קינד צום טויער. דאָרט וועט קאָנראַד איהם נעמען און איבערגעבען צו אַ פריינד וואָס וועט איהם אוועקטראָגען אין בישאָף׳ס פּאַלאַץ. אינדערפריה וועט קאָנראַד קומען אָנזאָגען צי די פּרנסים וועלען קענען געהן פערטיידיגען די געמיינדע.

די אונגליקליכע ליבע האָט גוט איינגעהילט דאָס קינד און האָט איהם היים געקושט. שמואל איז געשלאָפען און נישט געוואוסט, אז זיין מאַמע האָט איהם געקושט צום לעצטען מאָל...

די גאַנצע נאַכט האָבען די אידען פערבראַכט אין שוהל אין געוויינען און געבעט. אינדערפריה האָבען זיי געדאַווענט און געגאַנגען אַהיים, זיך איבערטאָן און זיין גרייט...

קאָנראַד איז געקומען צולויפען מיט דער בשורה, אז די שטאָדט־עלטסטע פּאָלגען דעם בישאָף. זיי וועלען אויסהערען די פּרנסים. קאָנראַד האָט געטריבען יהודה׳ן ער זאָל שנעלער צוזאַמעננעמען די פּרנסים און געהן מיט איהם אין ראַטה־הויז. אַלע פּרנסים זענען זיך צוזאַמענגעקומען. דער רב און קאָנראַד האָבען געזאָגט, אז יהודה זאָל געהן פאָראויס. האָט ליבע איהם ארומגעכאַפּט און נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט גע־קלאָגט מיט ביטערע טרערען:

— טייערער יהודה! מיין ליעבער! בלייב מיט מיר! לאָז מיך נישט איבער אין אן עת צרה! מיט דיר האָב איך געלעבט גליקליך, מיט דיר וועט מיר זיין גרינגער צו שטאַר־בען!

— בערוהיגט אייך, איידעלע פרוי — האָט קאָנראַד גע־זאָגט פערשטיקט — ער וועט באַלד צוריקקומען און לעבען אָדער שטאַרבען מיט אייך אינאיינעם!

— אוועק! איהר שלעכטער! — האָט ליבע געשריגען צומישט — איך וויים איהר ווילט איהם ראַטעווען, איהר וועט איהם ברענגען צו אונזער קינד און אויף די אָרימע

אומגליקליכע מאמע האָט איהר נישט קיין רחמנות, איהר ווילט זי לאָזען אומקומען !

זי האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט און געזאָגט :

— ענטשולדיגט מיר, טייערער מענש ! ראַטעוועט איהם, גיט אָפּ דעם קינד זיין פאָטער ! זאָל ער נישט בלייבען קיין יתום. לעב דו, מיין טייערער מאַן, דערמאָן איהם זיין מאמע! ער איז דאָך אַזוי קליין, ער וועט דאָך מיך נישט געדענקען ! קער זיך אום אין דיין לאַנד און זיי גליקליך מיט דיין פאַ־מיליע, און איך — איך בין פערלוירען !...

— וואָס רעדסטו, ליבע ! — האָט יהודה גערעדט צו־בראָכען — איך וועל דיך פערלאָזען און זיך געהן ראַטעווען ? דו, מיין שוואַרצאַפּעל פון אויג, מיין לעבען, בעסער וועל איך שטאַרבען מיט דיר איידער לעבען אָהן דיר ! אָבער, ביזט גערעכט, טייערע ! אונזער געהן צו די עלטסטע וועט נישט העלפען, איך בלייב מיט דיר די לעצטע רגע'ס פון אונזער לעבען !

— הערט דאָך אויף רעדען נאַרישקייטען ! — האָט דער רב זיך געבייזערט — דאָס לעבען פון אַן עדה אידען הענגט אויף אַ האָר און זיי איז שווער זיך צו שיידען ! יהודה, געה טו דיין פליכט פאַר דיין פאָלק און הייזגעזינד !

ער האָט אָנגעכאַפּט ליבע'ן און זי אַוועקגעריסען פון יהודה'ן.

— מיר וועלען דאָך נישט פועל'ן — האָט יהודה געזאָגט — אַלע אונזערע רייד וועלען זיין אומזיסט אַרויסגעוואָרפען.

— דאָס איז נישט דיין עסק. דאָס איז שוין אַ גאָט'ס זאַך. ווען די שווערד ליגט אויפ'ן האַלז זאָל מען זיך נישט מיאש זיין פון גאָט'ס הילף ! — האָט דער רב געזאָגט.

— געה, יהודה, טייערער וואו דער טאַטע הייסט דיך — האָט ליבע געזאָגט און געציטערט.

פּלוצלינג האָט זי אויפגעשוידערט און געשריגען ווילד טייטלענדיג מיט די פינגער :

— אָט איז דער מערדער !

— ווער ? וואו ?

— דער מאָנאַך ! דער פראַנציסקאַנער ! — האָט זי גע־שריגען מורא'דיג — אָט געהט ער אויף מיר ! ווי ער שטעכט

מיך מיט די אויגען ! וואו האב איך ס׳מעסער ? גוט, אז כ׳האב עס !

זי האט ארויסגעכאפט דאס מעסער פון גארטעל און צו־מישט געגומען עס צום האלז. די מוטער און ראזעליין האָ־בען שרעקליך געשריגען און מיט גרויס מיה איז געלונגען ארויסצורייסען דאס מעסער פון איהר האנד. זי איז גלייך געפאלען חלשות.

און ווי אלע זענען געווען פערנומען זי צו דערמינטערן איז ראזעליין אויך געפאלען חלשות.

— גם זו לטובה ! — האט דער רב געזאגט. — די פרויען וועלען דיר נישט שטערען. געה גיך, יהודה, דו ביזט א פרנס, דער כלל איז וויכטיגער פון פרט. זאל גאט מצליח זיין אייער וועג. מיר וועלען שוין ראטעווען די פער׳חלש׳טע. אויף לאנג אדער אויף א ווייל — וויים נאר איין גאט !

דעם רב׳ס שטימע האט אנגעהויבען ציטערן. ער האט אבער ארויסגעשטופט יהודה׳ן און פערמאכט די טיר.

קאנראד האט איהם געגומען אין געגאנגען מיט איהם. יהודה האט געקוקט אויף איהם פערצווייפעלט און ער האט דערזעהן אז קאנראד׳ס אויגען גיסען טייכען טרערען. א פרעמדער וויינט אויף׳ן אידישען אומגליק און ער, יהודה, קען נישט וויינען. ער איז געווען שוואך און צובראכען און נישט געקענט לאזען קיין טרער און די גֿעטא האט געקוקט אויף איהם ווי אויף איהר לעצטע האפנונג. ער איז צוגע־קומען צו די איבריגע פרנסים, מען האט געעפענט דאס טויער און זיי זענען ארויס.

דאס פעבעל וואס האט געלויערט אויף דער געטא ווי א חיה אויף זיין קרבן, האט געמאכט פאר זיי א וועג, גע־שפעט פון זיי, נאכגעקרימט און נאכגעלאכט. די פרנסים זענען געגאנגען צווישען זיי ווי צווישען א מחנה בייזע טיי־וואלים. די בירגער זענען געגאנגען אויף־און־אפ בעוואפענט און אויך געשפעט פון די פרנסים. זיי זענען ענדליך צוגעקו־מען צום ראטהויז, קאנראד איז אוועק און ציטערדיגע זענען זיי געגאנגען אויף די שטיגען און אריין אינווייניג.

דאס אומגליק האט זיי געשטארקט און געגעבען מוטה און זיי האבען גערעדט צו די עלטסטע אזעלכע רייד, אז א

שטיין וואלט צוריבען געווארען אויף שטויב. זיי האבען בע־וויזען אז זיי זענען אומשולדיג. עס איז א פאלשער בלבול.

אויב די בירגער זענען שולדיג אזוי פיעל געלד צו אידען, וועלען דאך די אידען זיי נישט וועלען פער׳סמ׳ען, זיי וועלען דאך דורכדעם פערלירען אלדאס געלד! די אידען ליידען אויך פון דער פעסט. מען קען שוין גיכער זאגען אז די בירגער ווילען פטור ווערען פון די אידען איידער די אידען פון די בירגער!

ווי גערעכט די פרנסים זענען געווען האבען זיי אבער גע־רעדט ווייך אין געבעטען געגאד און רחמנות. די רייד האבען געווירקט און די עלטסטע האבען געזאגט, אז די אידען זאלען שענקען זייערע חובות און אז זיי וועלען ווייטער לייהען זאלען זיי נעמען דעם קלענסטען פראצענט. שבת און יום טוב זא־לען אידען זיצען פערשלאסען אין געטא און זיך נישט ווייזען אין גאס. עסענוואַרג זאלען אידען ערשט קויפען ווען די בירגער האבען שוין איינגעקויפט. קיין איד זאל נישט אריינ־נעמען צו זיך א איד פון אן אנדער שטאדט. קיין חתונה זאל נישט זיין אהן אן ערלויבניש פון ראטהויז.

אויף די בעדינגונגען, האבען זיי געזאגט, וועט געלינגען צו בערוהיגען דאס אויפגערעגטע פעבעל. צו דעם האבען זיי נאך ארויפגעלייגט א שווערע טאקסע, וואס די אידען מוזען אריינטראגען אין א וואך צייט אין שטאדט־קאסע, אויסער די צינזען וואס זיי מוזען צאהלען יעהרליך דער שטאדט, די גלחים און די צעכען.

די עלטסטע האבען ארויפגעלייגט א שרעקליכען יאך אויף זיי. אבער עס איז גארנישט געווען צו שווער. מיט טרערען אין די אויגען האבען די פרנסים אלץ גענומען אויף זיך. די שרייבערס האבען זיך געזעצט אנשרייבען די בעדינגונגען און עס וועלען זיך חתמ׳ענען די עלטסטע און די צוועלף פרנסים.

---

פלוצלינג איז געווארען א טומעל פאר׳ן ראטהויז. אלע זענען צוגעלאפען צו די פענסטער זעהן וואס עס טוט זיך. האבען זיי דערזעהן מחנות מענשען שטופען זיך און שטויסען זיך צום ראד. אינמיטען ראד מענשען האט זיך צוזאמענגע־

קליבען א באנדע פון הונדערט און פופציג מענער מיט פרויען. יעדער האט געהאלטען אין איין האנד א צלם און אין דער צווייטער א גראבען פאסעק. נאקעטע האבען זיי געשפרונגען און אפגעריכט א געבעט די פעסט זאל אויפהערען. זיי האבען זיך מתודה געווען אויף זייערע זינד און זיך געשלאגען מיט די פאסקעס ביז בלוט.

דערנאך האבען זיי געזונגען ווי זייער ערלייזער האט געלאזט פערגיסען זיין בלוט און זיי האבען פערפלוכט די אידען, וואס האבען געפאדערט זיין בלוט.

דאס פעבעל איז געווארען שרעקליך אנגעצונדען און געשריגען ווילד:

— א טויט פאר די פערפלוכטע אידען! א טויט פאר די מערדער פון אונזער ערלייזער! א טויט פאר אונזערע מערדער וואס פערגיפטען אונזערע ברונענס!

ווי דאס פעבעל האט געשטורעמט זענען ארויסגעשפרונגען א באנדע פראנציסקאנער און אין לאטיין געזאגט א פסוק פון "יושב בסתר עליון". די בארוויסע פלאגעלאנטען האבען דאס איבערגעזאגט אויף דייטש. אזוי האבען זיי געזאגט פסוק נאך פסוק דאס גאנצע קאפיטעל תהלים.

— געוואלד, דוד בן ישי! — האט יהודה ביטער געטראכט — זעה וואס עס איז געווארען פון דיין הייליגען תהלים!

ווען די מאנאכען מיט די פלאגעלאנטען האבען געזאגט דעם לעצטען פסוק, "אז דו וועסט טרעטען אויף א שלאנג און א לייב און וועסט צוטרעטען דעם יונגען לייב מיט דעם שלאנג", האבען זיי אנגעוויזען אויף דער געטא. פאראויס איז געשטאנען יאהאניס ווינטערטור. יהודה האט אויפגעציטערט ווען ער האט איהם דערזעהן.

דאס פעבעל האט נישט גערוהט. זיך געטראגען ווי א שטורמדיגער ים. דער בירגער־מייסטער האט געגעבען א צייכען און א דינער איז ארויף אויפ'ן טורעם און אנגעהויבען קלינגען מיט'ן גרויסען גלאק. ווי ווילדע חיות האט זיך דאס פעבעל געלאזט צו די טויערן פון געטא.

---

— **אוי, וועה, דאס איז דער סוף! מיר זענען פערלוירען!**

— האָט יהודה געשריגען און געשווינד געלאָפען אראָפּ די שטיגען צו דער געטא. אין דער רגע זענען די עלף פּרנסים בעפאַלען די עלטסטע און אויסגעשריגען:

— תמות נפשנו עם פלשתים! מיר'ן וועלען שטארבען אינ־איינעם מיט אייך, פיינד!

יהודה האָט אויפגעהויבען די פּאַלעס זיי זאָלען איהם נישט שטערען אין לויפען און ער האָט געפונען ליבע'ס מעסער, וואָס ער האָט פריהער צוגענומען ביי איהר.

— אוי וועה, איצט וועט זי זיך נישט קענען ראטעווען פון פיינט! — האָט יהודה געטראַכט און אנגעשטרענגט די לעצטע קרעפטען און לויפען.

ווען ער איז אריינגעקומען אין געטא האָט מען פון דער צווייטער זייט שוין ארויסגעטריבען די אידען צום בית־הקברות. יהודה איז געלאָפען ווילד און געזוכט זיינע איי־גענע און זיי נישט געקענט געפינען. ער איז געלאָפען נאָך זיי און זיי זענען שוין געשטאַנען אויפ'ן בית־עלמין אויף די קופּות מיט שטרוי וואָס מען האָט אָנגעגרייט פאר זיי.

דאָס פּעבעל האָט ארומגערינגעלט די אידען. א טייל האָט געהאַלטען פלאַקערן און זיי געשטופּט אין שטרוי. אנדערע האָבען געגאָסען אויל, געשאָטען שוועבעל און ברענענדיגע סמאָלע אויפ'ן האַלץ. א סך האָבען געשלאָגען די אידען וואָס האָבען נישט געקענט געהן גיך. ווילדע גוים זענען געלאָפען אין די ווינקלען פון דער געטא און אויפגעזוכט די וואָס האָבען זיך געהאַט בעהאַלטען און זיי געשלעפּט אהער.

אומגליקליכע מאַמעס האָבען געקעמפט מיט די מערדער וואָס האָבען געוואָלט ארויסרייסען ביי זיי די קינדער. מייד־לעך וואָס די געמיינע גוים האָבען געוואָלט שענדען זענען געלאָפען אין פייער אריין. זיי ווילען בעסער ווערען פער־ברענט איידער געשענדעט. אָט האָט יהודה געזעהן א גרופּע מענער רייסען זיך און צווישען זיי וואַרפט זיך א ווייס קלייד און א פרויען־געזיכט פערשטעלט פון שוואַרצע צופּאטעלטע האָר.

פּלוצלינג איז די פרוי אומגעפאַלען. עס איז געוואָרען א געשריי און אָט הויבט מען זי אויף אינדערהויך, דאָס ווייס קלייד איז רויט קעגען הארצען וואו עס שטעקט א מעסער...

דער ווינד צושפרייט איהרע האָר. יהודה זעהט איהר בלאַס פּנים.

— ראָזעליין ! די ריינע אומשולדיגע טויב !

דער נירנבערגער טראָגט זי אינדערהויך און לויפט מיט איהר צום פייער. נאָך זיי איז געלאָפען משה און א סך ישיבה בחורים, וואָס האָבען זיך צוזאַמענגענומען ראַטעווען דעם רב׳ס טאָכטער פון די רויבער. די מערדער האָבען זיי נאָכגעיאָגט. עס איז נאָך אָבער געבליבען א גרויסע מחנה אויפ׳ן אָרט און זיי האָבען זיך ארומגעריסען און אָנגעמאַכט א גרויסען שטויב. צווישען זיי איז אויך געווען א ווייס קלייד. אָבער קיין איין איד איז נישט געווען צו זעהן. בלויז קריסטען, זיי שלאָגען זיך פערביטערט. אין דעם טומעל האָט יהודה דערהערט קאָנראַדס שטימע שרייען :

— בלוטיגער מערדער ! וועסט זי נישט קריגען, ווי דו האָסט נישט געקראָגען איהר שוועסטער ! אומזיסט דיין ריי־סען זיך מיט מיר, וועסט זי נישט קריגען, דיין געמיינע תאוה וועסטו נישט דערפילען !

— ליבע ! ליבע ! איך קום ! איך קום ! — האָט יהודה געשריגען לויפענדיג. מען האָט אָבער נישט דערהערט זיינע געשרייען.

— איך האָב דיך איצט, דו היפּאָקריט !— האָט גע־שריגען יאָהאַנים אראָפּוואַרפענדיג דעם מאָנאַכען מאַנטעל — דו האָסט נישט ליעב געהאַט דעם פערדאַמטען איד, נאָר זיין שעהנע אידישקע ! ווי א פריינד האָסטו זיך געוויזען צו איהם און אין דער שטיל געליעבט זיך מיט זיין ווייב ! נישט איך וועל זי האָבען און נישט דו !

ער האָט דערלאַנגט מיט א שאַרפע שפּיז ליבע׳ן אין האַרצען. זי האָט א צאַפּעל געטאָן און אויסגעגאַנגען. יהודה איז צוגעשפּרונגען מיט׳ן מעסער צו יאָהאַנים׳ן און עס אריינגעזעצט אין זיין האַרצען, שרייענדיג :

— שטאַרב ! דו פערפלוכטער מערדער, און מאַך מעהר נישט אומגליקליך די וועלט !

דאָס מעסער איז אָבער צושפּרונגען אויף שטיקער, אָנ־שלאָגענדיג זיך אָן יאָהאַנים׳עס פּאַנצער. דאָס הענטיל איז געבליבען אין יהודה׳ס ציטערדיגע האַנד.

— דו לעב, אומווירדיגער איד ! — האָט יאָהאַנים גע־לאַכט — איך האָב דיר צוגעזאָגט דיך צו לאָזען לעבען. די נקמה איז דאָך גרעסער פון אַלסדינגג וואָס איז געשעהן מיט דיר ביז איצט.

עמיצער פון יאָהאַנים'עס באַנדע האָט מיט א שווערע זאַך דערלאַנגט יהודה'ן איבער'ן קאָפּ און יהודה איז ווי א טויטער געפאַלען צו דער ערד. ער האָט אָבער געהערט די געשרייען פון די שלעגערס און ענדליך האָט קאָנראַד געגע־בען א בעפעהל :

— בינדט דעם לומפּ ! טראָגט איהם צום בישאָף, דאָרט וועל איך זיך מיט איהם אָברעכענען !

באַלד איז דאָ געוואָרען שטיל. פון בית עולם וואו דאָס פלאַם האָט זיך צופלאַקערט און ארומגעכאַפּט די אידישע עדה האָט זיך געטראָגען דאָס לוסטיגע געשריי פון ווילדען פעבעל. אָבער די אידישע קולות האָבען זיך געהערט העכער און שטאַרקער. זיי האָבען מיט'ן רב געשריגען פון פייער ארויס :

— ויעקב הלך לדרכו, ויפגעו בו מלאכי אלהים (יעקב איז נעגאַנגען זיין וועג און בעגעגענט מלאכים פון גאָט !) — —

יהודה איז געקומען צו זיך. ער האָט געעפענט די אויגען און געקוקט צום בית עולם און עס האָט זיך איהם געדאַכט אז ער זעהט דעם נירנבערגער בחור ווי ער האַלט אין דער הויך די אויסגעגאַנגענע ראָזעליין... די פנים'ער פון רב מיט דער עדה ווערען שוואַרץ פון רויך. אָבער זייערע אויגען לייכ־טען ארויס ווי שטערן אין א פינסטערער נאַכט. א סך אידען, מענער, פרויען און קינדער, טאַנצען און שפּרינגען אינמי־טען פייער. טאַנצען זיי אַקעגען דעם טויט. אָדער דאָס פייער ברענט זייערע פיס, שפּרינגען זיי פאַר ווייטאָג ?...

יהודה האָט דאָס נישט געוואוסט. עס איז איהם אויך נישט געווען קלאָר צי ער האָט דאָס געזעהן מיט די אויגען, אָדער אין זיין צומישטען קאָפּ.

איינס האָט ער געדענקט זיכער :

ווען דאָס פייער האָט ארומגעכאַפּט ארום און ארום, ווען עס האָט זיך געהויבען אין דער הויך איין גרויסער פלאַם, האָט צוקלונגען זיך א הויך קול פון דער ווערמייזער עדה, וואָס האָט געשריגען פון פלאַם :

שמע ישראל, ד׳ אלקינו, ד׳ אחד ! — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יהודה׳ן איז געוואָרען שטארק הייס. ער האָט געפיהלט ער ווערט פערברענט. די צונג איז איהם געוואָרען צוגעקלעפּט צום גומען. ער האָט געפיהלט ער זינקט ערגיצוואו טיעף, טיעפער, טיעפער... אין דער רגע האָט ער געטראַכט :

— דאָס איז ער... דער טויט.... — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

---

יהודה האָט זיך אויפגעכאַפּט אין א קליין ריין צימער. די זון האָט אריינגעשיינט דורך די לאָדען און דער זונשטויב האָט געצויגען צו די אויגען. די טיר האָט זיך געעפענט, עמי־צער איז אריין און זיך איינגעקוקט אין איהם.

— קאָנראַד ! ?

— יהודה, מיין טייערער ברודער און פריינד ! געלויבט איז גאָט וואָס ער לאָזט דיך לעבען ! — האָט קאָנראַד גע־זאָגט און איהם געקושט אין שטערן.

באַלד האָט קאָנראַד אריינגעפיהרט שמואל׳ן. דאָס קינד האָט זיך דערפרעהט מיט׳ן פאָטער און האָט איהם געפרעגט אויף דער מאַמע, אויף דער מוהמע, זיידע און באָבע און אויף׳ן נירענבערגער. וואו זענען זיי ? יהודה׳ס הארץ איז שיער צושפּרונגען געוואָרען אויף שטיקער. זיי זענען דאָך אַלע אומגעקומען. ער האָט איהם געזאָגט אז זיי וועלען באַלד קומען און אַלע צוזאַמען געהן אהיים.

קאָנראַד האָט דערצעהלט יהודה׳ן, אז א וואָך צייט ליגט ער אין הייזעל הינטער דעם בישאָף׳ס פּאַלאַץ. מען האָט איהם דאָרט געהיילט. דעם בישאָף׳ס דינער האָבען איהם בעדינט. קאָנראַד האָט זיי געזאָגט אז יהודה מיט זיין קינד האָבען זיך גע׳שמד׳ט. ליבע׳ן האָט מען מקבר געווען לעבען קבר פון די עלף פּרנסים, וואָס די ראַטהויז דינער האָבען דער׳הרג׳עט נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך נוקם געווען אן די עלטסטע.

דער לומפּ יאָהאַניס ווינטערטור איז געווען פערשפּאַרט אין בישאָף׳ס הויף־געפענגנים. דאָס אומגליק וואָס ער האָט געבראַכט אויף אידען האָט זיך שוין נישט אפּגעטאָן. אָהן

איהם האָט זיך דאָס בלבול פערשפּרייט דורך די פלאַנגלאַנ־טען.

ווי יהודה האָט זיך געפיהלט בכח ארומצוגעהן האָט ער בעשלאָסען צו פערלאָזען דאָס פינסטערע לאַנד מיט איהרע ווילדע ברואים און אוועקפאָהרען מיט'ן קינד נאָך שפּאַניען. נאָר צוליעב דעם קינד, דאָס איינציגע איבערבלייבעניש פון זיין פאַמיליע, האָט ער זיך נישט גענומען ס'לעבען.

קאָנראַד האָט זיך פאַרגעשלאָגען מיטצופאָהרען מיט איהם. ער האָט מעהר נישט געוואָלט בלייבען אין שטראַס־בורג. די נייע עלטסטע האָבען בעשלאָסען אז ער און זיין פריינד שטורם, וואָס האָבען זיך איינגעשטעלט פאַר אידען, זאָלען נישט טאָרען פאַר צעהן יאָהר האַלטען אן אמט. שוואַרבער'ן האָבען זיי נאָך הארבער בעשטראָפט. זיי האָבען איהם ארויסגעשיקט פון שטאָדט און קאָנפיסקירט זיין פער־מעגען.

דער בישאָף האָט איינגעוויליגט צו געבען זיין קאַרעטע מיט'ן הערב פאַר קאָנראַד'ן מיט יהודה'ן, זיי זאָלען קענען אומגעשטערט אריבער די גרעניץ.

פאַר'ן פאָהרען האָט יהודה זיך פערמאַסקירט און גע־גאַנגען מיט קאָנראַד'ן אויפ'ן בית־עלמין אין געטאָ. צווישען די קופות אש האָט יהודה געזעהן אָפּגעזענגטע ביינער, שאַר־בענס אָפּגעסמאַליעטע. ווי קען מען דערקענען דאָ די ביינער פון רב מיט דער רביצין, משה'ס ביינער, ראָזעליין מיט'ן נירנבערגער'ס ביינער, דער נירנבערגער האָט דאָך זי גע־האַלטען אין דער הויך, דאָס בלוט האָט זיך געגאָסען פון איהר הארצען און גערונען איבער זיינע באַקען. ער האָט זי גע־האַלטען ביז דער פלאַם האָט ארומגעכאַפּטביידען.

יהודה האָט זיך געזעגענט מיט דער הייליגער אש מיט ביטערע טרערען אין די אויגען און זיינע ליפּען האָבען גע־מורמעלט

— ווען נישט מיין קינד, וואָלט איך זיך געלייגט מיט אייך!

ער איז צוגעקומען צום קליינעם בערגיל לעבען גרויסען קבר פון די עלף פּרנסים. דאָס קליינע בערגיל האָט זיך שוין אָנגעהויבען בעדעקען מיט גרינס. עס איז געווען פריהלינג.

אלץ האט געבליהט און געגרינט און ליבע׳ס קבר איז בע־דעקט געווען מיט פריש גרין גראז. זיינע אויגען זענען געוואָ־רען א קוואל טרערען וואס האט זיך נישט געוואלט אפּ־שטעלען.

די געטא איז געווען פערברענט. אין דעם שרעקליכען טאג ווען די הייליגע קהלה איז פערברענט געווארען האט זיך אנ־געצונדען די שוהל און אלע הייזער זענען אוועק מיט׳ן פייער. פון שוהל זענען נאר געבליבען די הוילע ווענד און פון די הייזער די נאקעטע קוימענס, פינסטערע מצבות אויף דער פערוויסטער שטאדט.

---

זיי האבען פערלאזט די שטאדט וואס האט אומגעבראכט דאס טייערסטע אין זייער לעבען. זיי האבען פערלאזט דאס לאנד וואס האט פערטיליגט אזוי פיעל אידען. זיי זענען גע־פאהרען איבער פראנקרייך און אז זיי זענען געקומען נאך סעוויל האט יהודה אויסגעפונען אז זיין שרעק איז נישט גע־ווען אומזיסט. זיין טאטע־מאמע זענען נאך מיט פינף חדשים פריהער געשטארבען פון דער פעסט. די גאנצע פאמיליע איז אומגעקומען, עס איז נאר געבליבען יהודה׳ס פעטער דאן שמואל אברבנאל, וואס האט אויך פארלוירען זיין פרוי.

יהודה האט זיך געטרייסט וואס זיינע עלטערן זענען גע־שטארבען פריהער און נישט געזעהן זייער אומגליקליכען זוהן מיט זיין יתום. יהודה איז פון די שרעקליכע איבערלע־בונגען געווארען געפעהרליך קראנק אין זיין פעטער דאן שמואל, וואס איז געווען א בעריהמטער דאקטאר, האט איהם געזאגט, ער זאל זיין גרייט, ער וועט נישט לאנג ציהען. יהודה איז געווען צופרידען דערפון. ער וועט געהן אהין דארט וואו אלע זיינע ליעבע און טייערע געפינען זיך.

זייט ער האט זיי פערלוירען איז איהם דאס לעבען גע־ווען פער׳מיאוס׳ט. ער האט זיך שוין נישט געזארגט פאר זיין קינד. זיין פעטער דאן שמואל האט איהם צוגעשוואוירען אז ער וועט איהם האלטען ווי א קינד.

נאקעט און בארוועס האט יהודה זיך אומגעקערט פון דייטשלאנד. פון זיין גרויס פערמעגען אין דייטשלאנד איז איהם גאר נישט געבליבען. די פיינד האבען עס צורויבט און

דאָס וואָס איז איבערגעבליבען איז פערברענט געוואָרען אין דער גרויסער שרפה.

ווען נישט קאָנראד וואָלט יהודה נישט געהאַט אייך הוצאות נאָך סעוויל. דא האָט ער אָבער געפונען אַ גרויס פערמעגען, די עלטערן׳ס ירושה. ער האָט געוואוסט אַז זיין קינד שמואל׳ן וועט גאָרנישט פעהלען, ער וועט ירשן׳ען זיין פערמעגען און אייך זיין פעטער דאן שמואל׳ס פערמעגען, וואָס האָט נישט קיין אַנדערען יורש.

---

די דאָזיגע מגלה האָט יהודה אברבנאל אָנגעשריבען אין יאָהר פינף טויזענד הונדערט און צעהן לויט דעם אידישען רעכנונג. ער האָט די מגלה איבערגעלאָזט זיין זוהן שמואל און צוגעשריבען די דאָזיגע ווערטער:

— טייערער זוהן שמואל!

אַלס יונגער בחור האָט גאָט מיך ארויסגעפיהרט פון מיינע עלטערן׳ס הויז און מיך געבראכט נאָך דייטשלאַנד, איך זאָל צוזעהן מיט מיינע אויגען דאָס אומגליק פון מיין פאָלק און אריינגעמען זיינע טרערען אין מיין לאָגעל.

די זכרונות פון מיין משפחה, די קינדער פון מלכות בית דוד, זענען אַ גרויס לאָגעל וואָס האַלט אין זיך די טרערען פון אונזער פאָלק, וואָס איז צושפרייט איבער אַלע לענדער. דייטשלאַנד איז דאָס ערגסטע לאַנד. אין דייטשלאַנד רינען אידישע טרערען אָהן אויפהער און מישען זיך אויס מיט אידיש בלוט וואָס גיסט זיך אָהן רחמנות.

דאָס לאָגעל טרערען איז פול, פול איבער די ברעגען. די טרערען לויפען שוין איבער. — גאָט, ביז ווי לאַנג!...

מיין טייערער זוהן! איידער קאָנראַד איז אוועק פון מיר האָט ער מיר איבערגעלאָזט אַן אַנדענקען אַ פעקיל גיפט וואָס דאָס שטראַסבורגער ראַטהויז האָט דערהאַלטען פון באזעל. דאָס איז אזא פעקיל ווי דעם לומפ יאָהאַנים׳עס, וואָס ער האָט פערלוירען, ווען דער נירנבערגער האָט איהם ארויסגעוואָרפען.

איך לאָז עס דיר, מיין ליעבער זוהן פאר קינדער און קינד׳ס קינדער. איך לאָז עס מיט דער מגלה ביים פעטער, וואָס וועט דיר זיין ווי אַ פאָטער. אַז דו וועסט אויפוואקסען

וועט ער עס דיר געבען. זאָלסט איבערלייענען די מגלה און וועסט וויסען וואָס עס האָט געטראָפען מיט דיינע עלטערן און זיין פאָלק אין די רהיין געגענדען.

וועסט קוקען אויף דעם פעקיל גיפט און וועסט וויסען וואָס פאר א צרות עס האָבען געטראָפען אונזער פאָלק דורך דעם פאלשען בלבול. זאָל גאָט געבען די ביטערע צייטען זאָלען זיך נישט אומקערען. עס זאָל מעהר נישט זיין צוויישען די גוים אזעלכע בלוטיגע מאָנאַכען ווי יאָהאַנים און עס זאָלען זיין א סך ווי קאָנראַד, דער גוטער, עהרליכער און גוט הערציגער מענש. עס זאָל מעהר נישט זיין קיין רעליגיאָנס-און ראַסען-האַס. גאָט זאָל זיך מרחם זיין אויפ'ן איבערבלייבונג פון זיין פאָלק און עס זאָל שוין ווערען ליכטיג פאר די אידען אומעטום.

דאָס זענען די רייד פון דיין פאָטער
יהודה בן יוסף אברבנאל, יהודה הבבלי'ס אייניקעל, פון דוד הנשיא'ס
תויז, פון מלכות בית דוד.